פֿאַרלאַג
אַקצ. געז.

# „שול און בוך“

מאָסקווע, נעגלינער
דורכפֿאָר נומ. 7.

ווייסרוסלענדישע אָפּטיילונג — מינסק. קאַנטאָר—ענגעלס-גאַס 22, טעלעפֿאָן 362. קראָם—לענינגאַס 26, טעלעפֿאָן 199.

## אַ גרויסער אויסוואַל פֿון ביכער אויף אַלע געביטן.

לערנביכער, קינדער און יוגנט-ליטעראַטור, פּאָליטישע ליטעראַטור, בעלעטריסטיק, פּאָפּולער-וויסנשאַפֿטלעכע, קונסט-פֿראַגן, דראַמען א. א. וו.

## ביכער פֿון די גרעסטע אויסלענדישע פֿאַרלאַגן.

צוזאַמען מיט דער באַשטעלונג מוז צוגעשיקט ווערן האַנטגעלט, ניט ווייניקער, ווי 20 פּראָצ. פֿון דער באַשטעלונג.

באַשטעלונגען ווערן אויסגעפֿילט שנעל און פּינקטלעך, דורך באַן, אָדער פּאָטשט, מיט נאָכנאַמעס.

פּראָפֿאַריינען, שולן, קלובן, ביבליאָטעקן ראַבאַט און קרעדיט.

גרויסער אויסוואַל פֿון שרייבגעצייג, לערנמאַכשירים, קאַנצעלאַרישע איינריכטונגען א. א. וו.

גרעסערע אָפּנעמער—ראַבאַט.

## פֿאַרשטייערשאַפֿטן פֿון דער ווייסרוסישער אָפּטיילונג:

1. וויטעבסק זאַמקאָוואַיאַ 5.
2. מאָלעוו לענינגאַס 35.
3. באָברויסק סאָציאַליסטישע 65.
4. אָרשע קאַמס. גאַס 35.
5. סלוצק פּראָלעטאַר. גאַס 254.
6. מאָזיר סאָוועטסקע.
7. באָריסאָוו אינטערנאַצ. גאַס 52.
8. פּאָלאָצק ק. מאַרקס 10.
9. קאַלינינסק כ. שיינהויט.
10. סמאָלענסק ניזשנע-ניקאָלסקי.

אַגענטורן, קיאָסקן אין אַלע גרעסערע שטעטלעך פֿון ווייסרוסלאַנד.

---

## ס׳ווערט אָנגענומען דאָס אַבאָנעמענט אויף דער גרויסער טעגלעכער יידישער צייטונג

# „אָקטיאַבר“

אָרגאַן פֿון צ. ק.
ק פּ (ב) וו.

„אָקטיאַבר“ גייט ארויס יעדן טאָג אין א גרויסן פֿאָרמאַט.

„אָקטיאַבר“ גיט די לעבעדיקסטע נייעס פֿון טאָג, די וויכטיקסטע געשעענישן פֿון דער גאַנצער וועלט.

„אָקטיאַבר“ האָט אַ גאַנצע ריי רעגולערע אָפּטיילן איבער אַלע גרונטפֿראַגן פֿון אונזער לעבן.

„אָקטיאַבר“ רופֿט זיך אָפּ אויף אַלערליי פּאָליטישע, וויסנשאַפֿטלעכע, ליטעראַרישע און געזעלשאַפֿטלעכע געשעענישן.

„אָקטיאַבר“ האָט גרויסע פֿאַרבינדונגען מיט די בעסטע ליטעראַרישע, פּובליציסטישע קרייזן און מיט אונזערע פּאַרטייִשע און סאָוועטישע פֿירער.

„אָקטיאַבר“ פֿאַרמאָגט אַ ברייטע נעץ קאָרעספּאָנדענטן אין שטאָט און שטעטל.

„אָקטיאַבר“ איז טעכניש רייך אויסגעשטעלט, מיט נייע שריפֿט און אַמטע בילדער וועגן אַלע פּאָליטישע געשעענישן.

„אָקטיאַבר“ גיט באַדייטנדע פּרעמיעס אירע אַבאָנענטן.

**אַבאָנעמענטפּרייז** 1 יאָר—7 ר. 50 ק., 6 כאָדאָש.-4 ר., 3 כאָד.-2 ר. 10 ק. 1 כוידעש-75 ק.,
מיטן ליטעראַרישן קינסטל. כוידעשזשורנאַל „שטערן“ נאָך 25 ק. א כ.

באַשטעלונגען ווערן אָנגענומען: אין קאַנטאָר פֿון „אָקטיאַבר“ מינסק, לענינסקע 22, אין אַלע קרייזאַגענטורן „פֿון שול און בוך“, אין אַלע אָפּטיילונגען פֿון „בעלאָקסאָיוזדאַס“, אין אַלע פּאָסט אָפּטיילונגען פֿון ווייסרוסל.

אדרעס פֿון קאַנטאָר: מינסק, לענינסקע 22. Минск, Ленинская 22, контора газеты „Октябрь“

פראָלעטאריער פון אַלע לענדער, פאראייניקט זיך!

# שטערן

ליטעראריש-קינסטלערישער און
פאליטיש-וויסנשאפטלעכער
זשורנאל.

מינסק, נאָיאַבר 1926 — צווייטער יאָרגאַנג. — № 7-8 (10-11)




ש. גאָדינער.

XVIII
6982

## די געשיכטע פונם יונג לעווין.

.1

אַף דער בּארוטער און פֿאַרוואָרפֿענער מאָסקווער גאַס—„פֿאָוואַרסקאיאַ"—דער אַלטמאָסקווער נאָמען איִרער, „וואראווסקי"-גאַס—דער איצטיקער, סאָוועטישער נאָמען—האָט זיך אַ געוויסע צייט, יעדן פריִמאָרגן און פֿאַרנאַכט אַ לאַסט-אַווטאָמאָביל גע-טראָגן:—„פֿאַרדיִק נום. 88".

דער ברוק אַף דערדאָזיקער גאַס איז פֿון שאַרפשפּיציקן קיזלשטיין, מיט אַ דינעם הייטל שטויב באַצויגן. די הייזער אַף דערדאָזיקער גאַס זיינען אַלט-פרענקישע, מיט גערטנער און גערטנדלעך פֿון פֿאָרנט און פֿון הינטן, מיט קאלאנעס געלע, גע-שפּאָלטענע פֿון אַלטקייט, מיט שווערע, פֿון אַלטקייט געקרימטע און פֿאַראָסטעטע אייזערנע טויערן.

די איינוואָינער אַף דערדאָזיקער גאַס—אַלט-רוסישע פריצים און גאָטפֿאָרכטיקע פריצטעס, געבויגענע, אין אַלט מאָדישע אט-לאָסענע אויסגעריבענע פעלערינעס, יווירדישע, פֿאַרעלטערטע און פֿאַרומערטע מענטשן, מענטשן איבערגעבליבענע פון א פֿאַרלאָ-רענער וועלט, וואָס איז ניט לאַנג צוריק אומגעקומען און וואָס האָט אין דער אומקום-בעהאָלע פֿאַרגעסן זיי מיטנעמען און פֿאַר-לאָזן זיי דאָ אַף איינזאַמקייט און טיפֿן טרויער און שטילן פּאַכ-דאָנעסדיקן הוסט אין די אַלטע אויסגעריבענע פעלערינעס אַריין.

די שאָטנס פֿון דערדאָזיקער גאַס: גראַף ראָסטאָוו, גראַף לעוו טאָלסטאָי, וואצלאוו וואראווסקי. דער ערשטער איז געבליבן שטעקן אין אַ ווינקל-צימער פון זיי, פּאַלאַץ, אין דעם פֿאַרגעלטן פֿון מאַכאָרקע-רויך מירמלשטיין (דער פויער-יונג, דער אַרבעטער-יונג האָט אַלע פּאַלאַצן פֿאַרנומען און אַלץ מיט מאַכאָרקע-רויך פֿאַרויכערט, ווי ער וואָלט די בורזשואַזיע פעסט פֿון דאָרט געוואָלט אויסרייכערן); דער צווייטער קומט באַהאַלטענערהייט אין שטילע אָוונטן צוגאַסט צום ערשטן און באַקלאָגט זיך פֿאַר אים אַף דער קעלט, וואָס עס יאָגט פֿון אַ פֿאַרוואָרפֿענער רוסישער סטאַנציע מיטן נאָמען „אסטאפאווא"; דעם דריטנס שטילער אָנדענק שוועבט איבער דער גאַס, ווי אַ פֿאַרשניטענער שטילער געזאַנג פֿון אָפּגעהאַקטע פינגער, וואָס האָבן נאָך זייער אַרבעט ניט באַוויזן אָפּצוטאָן...

אָבער איבער זיי אַלעמען, לעבעדיקער און מאמאָשעסדיקער פֿאַר זיי אַלעמען, הייסער און באַפוילנדער, מיט אַ יאַג-אָטעם (ער דערשלינגט אַף זיין פֿאַרדיק דידאָזיקע גאַס אין צוויי מינוט), עמעסער און עכטער פֿאַר זיי אַלעמען, אין די שטיינער מיטן געוויִף פֿון זיין פֿאַרדיק אַריינגעוואַקסן איז געווען דער יונג פֿון דעם אווטאָ נומער 88,—דער יונג לעווין—איוואַנאָוו.

דער יונג לעווין האָט זיך דערוווּסט וועגן מאָסקווע פֿון אַן עלטער-זיידן, וואָס איז אַ יאָר צען איידער דער יונג איז געבוירן געוואָרן — געשטאָרבן, אָבער פֿאַר ווענמענס אָנדענק מען האָט דעם נאָמען „מאָסקווער זיידע" פֿאַרהיט (אַ ניקאָלאַיעווער סאָלדאַט געווען). דער יונג האָט וועגן מאָסקווע, אַזוי אַרום, זיך דערוווּסט און גלייך פֿאַרגעסן און ווידער דערמאָנט זיך ערשט שפּע-טער, ווען ער איז אַ הונגעריקער קיין מאָסקווע געקומען און אַף די אָנגעוואַלגערטע שטיינער נעבן קאזאַנער וואקזאַל זיך אַנידער-געוואָרפֿן.

דער יונג לעווין איז געווען קורץ געפּאַקט, פֿאַרבּאַקן-ברוין איז זיין פּאָנים געווען, טונקל מאַנדלדיק זיינע אויגן און ווייס-ביינערדיק זיינע געדיכטע ציינדלעך, שטענדיק אָפּגעדעקטע, אָפענע און גרייטע צום בייסן.

דער עלטער-זיידע האָט פֿאַרענדיקט די ניקאָלאַיעווער דינסט און אַ שטיק ערד באַקומען. דער זיידע און דער טאַטע איז אַפּן כיילעק ערד געבליבן און—אין דעם יונגן 1919 יאָר האָבן פּעט-ליוראָווצעס די גאַנצע מישפּאָכע אויסגעשניטן און דער אַכצן-יעריקער לעווין האָט בלויז באַוויזן אַף אַן אַלטן הויכן בוים אַרופֿקריכן און פֿון דאָרט צו די פּעטליוראָווצעס אַף אַ זאַפּטיקער און יאָדערדיקער אוקראַינישער שפראַך אַראָפּשרייען:

— שעדישע נעשאָמעס!... סאַי ווי סאַי וועט איר מיך אַ לעבעדיקן ניט נעמען!

און פֿון בוים אַפֿן דאַך אַראָפּגעשפּרונגען, און פֿון דאַך אין גאָרטן, אין מיט הינטער-גערטנער און פֿאַרדרייטע שטעגעלעך אין אַ דערפֿל דערגעבן, צו אַן אַלט-באַקאַנטער מיטל-יעריקער פויערטע (אַן אַלמאָנע נאָך אַ פֿאַרפֿאַלענעם סאָלדאַט) געקומען צולויפֿן און מיט יינגלשן ציטער אין די קני זיך געבעטן בּאַ איר:

— נאַ, מאַרינקע, דיין צייט געקומען... באַהאַלט... די שעדישע פעטליוראָווצעס... דער טאַטע—ניטאָ... די מאמע—ניטאָ... איסגעשאָכטן...או-או-אוך, שעדישע נעשאָמעס!...

די פֿויערטע האָט דאָס קי מעלקן געוואָרפֿן, מיט אָפֿענע און גיריקע אויגן, מיט אָנגעלאָפֿענעם שפּייעכץ אין די ווינקלען מויל אַפֿן יונג געבליצט און ווי אַ זינדיקע, און ווי אַ פֿאַרליבטע זיין לייב געשלונגען און די הויט האָט אַף אירע לענדן היציק געציטערט. דאָס בלוט אין די אָדערן האָט האסטיק געקלאַפּט. דערנאָך האָט זי אים, ווי אַ קינד, באַ אַ האנט אָנגענומען, מיט אים אין קעלער אַוועק און דורשטיק געשלונגען און געזויפֿן דעם יינגלס לייב און אויסגעזויגן און אומגעקערט און אויסגעטריקנט אים, ווי אַ ליידיקע גלעזערנע קיילע און אַלץ באַצויבערט אַזוי געשאָסן מיט די אופגעלויכטענע אויגן און מיט די אופגעגלאָנצטע ציין.

— יאָסעק, דו ביסט דאָך געקומען?... ביסט אַף אַן עמעס נעקומען?.. יאָסעק...

און זיבן וואָכן האָט זיך דער יונג באַ דער פויערטע אין קעלער אויסבאַהאַלטן, און זיבן וואָכן האָט די פויערטע באַנאַכט איבערן יונג געבושעוועט און באַ טאָג אומבעראַכמאָנעסדיק אים געצערט און געשראָקן זיך פֿאַר זיין ווייניק עסן:

— עס!.. מערער עס, יאָסקע, נאַריש עקסל דו!.. עס, דו וועסט דאָך אויסגיין דאָ אַזוי...

און זיבן וואָכן טעג האָט דער יונג זיך געמאַטערט עסן און קיין אָרט זיך ניט געקענט געפֿינען, ווייל ענג איז געווען דער קעלער און אַרויסגיין האָט מען ניט געטאָרט, — די ווייסע וועלט איז ווי מיט היישעריקן — מיט פעטליוראָווצעס געווען באַשאָטן, און זיבן נעכט האָט דער יונג מיט דער פויערטע געבושעוועט, ווייל די ערשטע פֿרוי, וואָס האָט מיט זיסער ביטערקייט זיין לייב אָנגעזעטיקט איז געווען זי, די דאָזיקע מאַרינקאַ, — און אַף דער אַכטער וואָך, אין איינעם אַן אָוונט, אַן ערעוו כאָגע, איז די פויערטע צו אים אין קעלער אַריין געקומען און געזעצט זיך אַף דער בעט, האַרט נעבן אים, און גענומען זיין פֿאַרברוינטע האַנט און אַריינגערוקט צו זיך אין בוזעם אַריין, צו דער הייסער פֿולער ברוסט זי צוגעדריקט און אים דערציילט:

— דו הערסט, יאָסקע?.. טאָפּלט קלאַפּט עס שוין איצט... פֿאַר צווייען...

זי האָט געקוקט אַף אים מיט אַ מאַמישן בליק פֿון אַ ווייב, וואָס האָט מיט אים אַ געמיינזאַמען סאָד אויסגעשפּונען, וואָס האָט איר בלוט מיט זיין בלוט אַף אייביק אויסגעמישט און געבליצט מיט די ווייסע פֿעטע ציין און געלאַכט:

— יאָסקע! די פעטליוראָווצעס, די שעדישע נעשאָמעס, די זיינען געסט — זיי וועלן אַ ביסל רויטן קוואַס אַ טרונק טאָן און ניט ווערן, ווי ניט גוטע. און אַ באַלעבאַטישקייט איז באַ מיר אַ פֿעסטע, און נעגל וואַקסן מיר אונטער דער הויט פֿון די פֿינגער שאַרפֿע, און דו וועסט בלייבן מיט מיר, יאָסקע... ווי קעז אין פּוטער... געזונט וועסטו האָרעווען, געזונט עסן און געזונט האַנאָע האָבן — האָניק וועט דיר אין האַלדז ניט גיין...

ס'איז געווען האַרבסט. ס'האָט אַ רעגן געזיפּט געדולדיק און רויק — אַף מעסלעסן, און אין קעלער איז געווען וואַרעם, און פֿון איר לייב האָט אַ היץ געטראָגן, און די ערדישע סטעלע פֿון קעלער האָט אַף זיין יונגן קאָפּ געדריקט ווי אַ טליע-שלייף אַרום האַלדז, און די דרויסנדיקע פֿרייקייט האָט מיט טויזנט קיינען געוווּנקען און גערופֿן און ער האָט אין זיין יוגנטלעכן געדראַנג אַלע אייוורים זיינע גרייט געמאַכט און די פויערטע אַפּילע, פֿאַרוווּנדערט און אויסגעמאַטערט מיט זיין ברען אין די אָדערן, און די פויערטע איז איינגעשלאָפֿן באַ אים אין די הענט, ווי אַ קינד, ווי אַ זיבעצן-יעריק צאַרט-געליבט ווייב, און ער האָט זיך פֿון קעלער אַרויסגעגאַנוועט און געלאָפֿן אונטער דער געדולדיקער און רויקער רעגן זיפּ, געלאָפֿן אין דער שוואַרצער נאַכט אַריין, געלאָפֿן און געוואָלט די אייגענע טריט פֿאַרלירן, ווי עס לויפֿט אַ מענטש אַ ברענענדיקער פֿון אַ סרייפֿע.

און איז אַנטלאָפֿן פֿון אוקראַינע.

·2

אַ צוג האָט זיך פֿאַרמאַטערט געשלעפּט אין דער וויסטער האַרבסטיקער נאַכט אַריין, און דער יונג לעווין איז אין איינעם פֿון די וואַגאָנעס געווען פֿאַרשטעקט, ווי אַ פֿרעמד-פֿאַרוואָרפֿענער, און געבענקט נאָך דער אומענדלעכקייט פֿון די אוקראַאינער סטעפּעס, ווייל צייטן יאָגן איצט אַזוינע, ווען אין סטעפּ, מיט אַ ווילדער כאַיע קאָן מען זיך צופֿרידן און אַ גאַנצער פֿון אונטער אירע ציין ארויס, און אין די דערפֿער, און אין די שטעט, אַף די וועגן און שליאַכן, צווישן מענטשן לויערט דער טויט אַרום און זוכט וועמען צו כאַפּן. און מענטשן זיינען פּאַכדאָנעסדיק און שיקן אים אָפּ פֿון איינעם צום אַנדערן.

— האַלט די ציין, יאָסעק! — האָט אימיצער אין אים מיט ווייטיק אויסגעשריגן — צי אַרויף אַ זאַק אַפֿן פּאָנים און פֿאַרשטעל זיך: ניט דיך מיינט ער, דער טויט!..

אין וואַגאָן איז געווען האַלב טונקל און דער יונג איז אין אַ ווינקל געזעסן פֿאַרוקט און אַנטקעגן אים איז געזעסן איינער אַ מענטש אין אַ גרויען רעגן-מאַנטל, מיט אַ בלאָנד-זיידן בערדל, מיט גאָלדענע ברילן אַף דער נאָז. דער מענטש האָט אַף אים געקוקט לאַנג און פֿאָרשאַנד און מיט אַמאָל אַזוי גרויזאַם איידל אַ פֿרעג געטאָן:

— וווּהין פֿאָרט איר עס אנגענעמער יונגער מאַן?

דער יונג האָט פֿריילעך אויסגעשריען:

— איך?... די באָלשעוויקעס שלאָגן...

— ציים. און די זשידעס טוט אַ ביסל אַ טרייבער דאָרטן...

— און די זשידעס... ווי-זשע דען... אַף מאָסקווע פֿאָרן מיר... אַף די זשידעס...

— די זשידעס טאַקע אַף אַן עמעס?... שטילער... אַ זשיד קאָן נאָך דערהערן... דיין אויער קאָן נאָך דערהערן...

דער יונג האָט זיך געכאַפּט:

— איך?...

דער יונג האָט געלאַכט:

— די ברילן גענאַרן אייך.

— מירן זען... מירן זען — האָט דער מענטש אין דעם גרויען רעגן-מאַנטל אויסגערופֿן און מיט געלאַסענע באַוועגונגען די ברילן פֿון דער נאָז אַראָפּגענומען, אויסגעווישט זיי, אָנגעטאָן און ווידער לאַנג און פֿאָרשאַנד אַפֿן יונג געקוקט.

דער וואַגאָן איז געווען איבערפולט און די מענטשן אין אים זיינען רירעווודיק געווען, ווי ווערים אופגערודערטע און דער יונג לעווין האָט געהאט איין רעגע צום טראַכטן, ווי אַזוי טויזנט רעגעס די אויגן-שאסן פון דעם מענטש אין די גאָלדענע ברילן אופנעמען און ניט געלעכערט ווערן.

דער יונג לעווין האט געטראָגן א באַהאַלטן ווינקעלע אין דער נעשאָמע, ווי אַ בעטלער טראָגט אַ פאַרקניפטן גראָשן אין די טראַנטעס און געציטערט מע זאָל בא אים ניט אָפנעמען.

דער יונג האט דעריבער אין דער איינציקער רעגע, וואָס ער האָט געהאַט צום טראַכטן, אַזוי געטראַכט:

— דער טאַטע—ניטאָ... די מאַמע—ניטאָ... דאָס פעלד איז פאַרוויסט און פעטליוראָווצעס,—ווי וועלף בלאנקען זיי דאָרט אַרום, און אַז ער וועט אָפדעקן דאָס פאָנים וועט ער אומקומען ווי אַ פליג.

האָט ער דעריבער האָפעדיק צו די איבעריקע פאַסאַזשירן אין די אויגן אַריינגעקוקט, ווי א הונט, וואָס זוכט שוץ, אַף א שמועס זיך אָנגעבעטן און געקראָכן אַף דעם צווייפל פון דעם מענטשן אין די ברילן און אין שטומען געראַנגל אַלץ ניט געקאָנט בייקומען דעמדאָזיקן צווייפל.

— וואָס-זשע, עפשער ניט צייט די באָלשעוויקעס דער-שטיקן? צעפליקט אַזאַ טייער לאַנד!

דער יונג האָט באַזעסן אַ דאָרפיש רוסיש און זיין גראָב—אָפגעשליפן „טייער לאַנד” איז פאַרעטעריש ארויסגעשפרונגען, ווי אַ שרעקלעכע אומגעריכטע גוויעס-איידעס וועגן עפעס אַנדערש, וועגן דאָס פאַרקערטע דערפון, וואָס ער האָט נאָר וואָס געזאָגט, וועגן אזוינס, וואָס שלעפט אַרויס דעם באָדן פון אונטער זיינע פיס. רער יונג האָט זיך דעריבער צעלאַכט און זיין געלעכטער איז אין וואַגאָן געבליבן הענגען ווי אַ פרעמדער, אַן אנטליענער בא עמיצן און ער איז געבליבן שטיין ווי אַ פרעמדער, אַ פאַרבלאָנדזשעטער, און דער בלאָנדער מענטש מיטן ווייך בערדל און מיט די ברילן, דער מענטש אין גרויען רעגן-מאַנטל, וואָס האָט בא אים געפרעגט ווּהין ער פאָרט, האָט ווי אין אַ טיפן אומגליק שווער אָפגעזיפצט און אויסגעמוסערט זיך אַליין פאַר אַלעמען אין די אויגן:

— אָט, מיר, רוסישע, זיינען אַ לייכט-גלויביק פאָלק, ביז גאָר לייכט-גלויביק און בלינד און קאָנען ניט אונטערשיידן פון אַ סוינע ביז אַ פריינט. יונגער מענטש,—האָט דער מאן אין גרויען רעגן-מאַנטל צום יונג זיך געווענדעט,—אָט, איר, פאָרט, קאָן מען זאָגן, די נעשאָמע פאַרן פאָטערלאַנד אַוועקגעבן און איך האָב אייך כוישעד געווען אין אַזאַ שרעקלעכער זאַך: איך האָב געמיינט—איר זייט אַן אונטער-ערדישער באָלשעוויק. זאָגט, איך בעט אייך, וויפל מיליאָנען רוסישע נעשאָמעס וועלן זיי נאָך דאַרפן אומברענגען אַף איבערוואַרפן אַ בריק צום סאָציאַליזם?...

ס׳איז געווען אַ מעשוגענע פראָפאָרציע: איין רעגע טראַכטן און טויזנט רעגעס זיך ווערן, און דער מענטש אין גרויען מאַנטל האָט פלוצלונג אָנגענומען דעם יונג באַם אַרבל און ליבלעך אים געזאָגט:

— יונגער מענטש, קומט א מינוט מיט מיר, איר פאַרשטייט—די רוסישע געזעלשאַפט ווערט אַקטיוו און טרעט צו צום גרויסן אָפקלייב. וואָס-זשע דען, זיי האבן געמיינט, עס לאָזט זיך אַזוי—איינס און צוויי און אינטערנאַציאָנאַליזם? ס׳איז אַ טאָעס, יונגער מאַן, און אימיצן וועט אויסקומען פאַר דעמדאָזיקן טאָעס מיט זיין פאַרשטונקן בלוט צו באַצאָלן. קומט אַ מינוט מיט מיר, איך דאַרף אייך נויטיק האָבן...

דער מאַן אין די ברילן מיטן ווייך-גאָלדן בערדל האָט אים פעסט פאַר אַן אַרבל געהאַלטן און געשלעפט צום וואַגאָן-אַרויסגאַנג, און דער יונג לעווין האָט געלאַכט מיט זיין אַנטליענעם געלעכטער און געכאַזערט:

— וואָס-זשע דען? דערשטיקן דאַרף מען זיי!... אַזאַ טייער...

פון די טיר פון קלאָזעט איז געווען אָפן און אַף א גראָבן פאַק איז אַ פויערטע דאָרט געזעסן, ווי א הון אין אַ רעגן, דעם קאָפ אַף דער ברוסט אַראָפגעלאָזט און די נאָז אין דער פאַטשיילע פאַרשטעקט, ווי אַ שנאָבל אין פעדערן, און די צוויי מענטשן זיינען אין קלאָזעט אַריין. די צוויי מענטשן האָבן געשטערט דער פויערטעס שטילן דרימל. די פויערטע האָט דעם קאָפ אופגעהויבן און מיט פאַרוואונדערונג זיי אָנגעקוקט. דערנאָך האָט זי זיך געכאַפט און פון פאַק זיך אופגעהויבן.

— וואָס-זשע, איר ווילט עפעס?...

און אַרויסגיין געוואָלט. דער מאַן אין רעגן-מאַנטל האָט זי מיט דער פרייער האַנט פאַר אַן אַרבל אָנגענומען.

— דו ביזט אַ רוסישע פרוי?

— וואָס-זשע דען, אַ טאָטערקע?

— וונדער זיך ניט, מוטער, אַף מיין פראַגע. איצט איז די רוסישע ערד מיט ווילד-גראָז באַוואַקסן געוואָרן, פרעמדע האָבן זי פאַרכאַפט אַף אומברענגען און פאַרניכטן. זיך, מוטער,—און האָט זיך פלוצלונג צעלאַכט—אַן איירעס וועסטו זיין.

די פויערטע האָט מיט פאַרווונדערונג אָפן מאַן געקוקט און באַם יונג האָבן ריזיקע גלעקער אין דער ברוסט געקלונגען, און דער מאַן אין רעגן-מאַנטל האָט די טיר פאַרמאַכט און מיט זיין פלייצע די טיר פאַרשטעלט און צום יונג זיך געווענדט:

— זאָג אָפן, יונגער מענטש, פון וועלכן אונטערערדישן רעווקאָם און ווהין וועלכע שליכעסן פירסטו?

דער מאַן האָט געלאָזן פון דער הינטער-קעשענע א בראַונינג ארויסגענומען און אָפן יונג אים אנגעשטעלט.

— ליידיק אויס אַלע טאַשן:

באם יונג אין די טאַשן האָט זיך גארניט ניט געפונען, און די טאשן זיינען לעכערדיקע געווען. אונטער דער אויסגעריבענער שינעל האָט דער יונג הויזן און אַ העמדל געטראגן און דער מאַן אין די ברילן האט געשמייכלט.

— וואס זשע, קיין דאקומענטן ניטא? וועלן מיר ווי עס איז לויט אַנדערע סימאָנים, עפשער, עפעס זיך דערוויסן, דעם עמעס געפינען, דער עמעס,—יונגער מאַן—אן אנגעשטאפטער נאַר איז ער, ער בעט זיך שטענדיק אף דרויסן.. מוטער,—האָט ער זיך געווענדעט צו דער אַלטער,—דו ביסט א רוסישע פרוי און די דארפסט דיין בירגער-כויוו אויספילן, פון דרימל זיך אפטרייס-

לען אַ ביסל, אַניט וועסטו דאך רוסלאַנד, דיין ט-יי-ע-י-ר לאנד—האָט דער מאן געשמייכלט—פֿארשלאפֿן. שעם זיך ניט, קוק מיטביידע אויגן, אן ערלעכער און זייטיקער אידעם וועסטו זיין. טוט זיך אויס, יונגער מאן,—האט דער מענטש מיטן אַ בראַונינג צום יונג זיך געווענדט, טוט זיך אויס—ניט איך, ניט די ראזיקע מוטער וויסן דאך ניט ווי דיינע זשידעשע קנעפלעך שטעקן דארט.

דער מאן האָט געשמייכלט און דער יונג האט מיט ציטערדיקע הענט די מאַלבושים געקנעפלט. דערנאך האט דער מאן מיט דער פֿרייער האַנט אן עלעקטריש לעמפל פֿון קעשענע ארויסגענומען און דעם יונגס נאַקעטע לענדן באלויכטן. — זשיד!—האט דער מאַן, מיטן עלעקטרישן ליכט אין איין האַנט און מיטן בראַונינג אין דער צווייטער, צום יונג זיך געווענדט,—דו זאלסט ניט מיינען, אז מיר זיינען וואַרוואַרן: מוטער,—האָט ער זיך צו דער דערשראקענער און מעווזלוועלער פויערטע געווענדט,—איך באפֿויל דיר אַ קוק טאן, דו זאָלסט קאנען אידעס זאָגן... דער איינציקער סימען זיינער איז דער יידישער דאקומענט זיינער, ער איז פֿארבונדן מיט זיין פֿארשאלטן פֿאלק דורך א שניט אפֿן לייב און גיט זיך ארויס פֿאר א ריטער פֿונם „טייער לאנד״, וואָס ער וויל אומברענגען. מיר זיינען ניט קיין וואַרוואַרן. כ׳וועל דיר איצט אן א געריכט גארניט טאן. טו זיך אן, פֿארקנעפל זיך, אויסער אונדז דרייען וועט קיינער אין וואגאן ניט וויסן, וואָס דא איז פֿארגעקומען. כ׳וועל דיך ניט נויטן דו זאלסט מיר דערציילן דיינע שליכעסן. כ׳וועל דיך נאָר דער מאַכט איבערגעבן. זיי האבן גענוג מ טלען צו ארויסבאקומען פֿון דיר אַלץ, וואס דו האסט. כ׳האב די ערע זיך פֿארצושטעלן,—האט דער מאַן אין די ברילן גאַלאַנט זיך אופֿגעשטעלט,—כ׳בין א רוס, א דאקטער, אן אַקטיוויסט, דו פֿאַרשטעלסט זיך קונציק און מאַכסט זיך דאָס אלץ ניט פֿאַרשטיין. אבער איר זייט א פֿעיק פֿאָלק און דו ווייסט אויסגעצייכנט פֿאר וואס איך האַנדל אזוי. איך וויל רוסלאַנד געזונט מאַכן. נאר—מיר זיינען קולטורעלע מענטשן. זשיד!—האָט דער דאקטאר אויסגעשריען, אויב דיר וועט געלינגען ארויסגליטשן זיך פֿון אונטער די הענט, וועסטו האבן די ערע מיט מיר אפֿן שלאַכט-פֿעלד זיך באַגעגענען, כ׳ווער א כירונג—כ׳וועל באלשעוויקעס שניידן,—האט ער שטיל געלאכט—אדער, עפֿשער, לוינט ניט צו גיין אפֿן שלאַכט-פֿעלד אפֿילע פֿאר דער באלשעוויסטישער אידיי, א? אַ ייד האט דאך ליבער פֿון אלץ זיין פֿארשיון קאפ... נאָר איצט—ער האָט זיין בראַונינג צום יונגס שלייף צוגעשטעלט און דער צעהיצטער שטערן באַם יונג איז מיט שטאלקאַלטקייט אפגעבריט געווארן, איצט—צוריק אין וואגאָן אריין און קיין פיפס ניט טאָן, אף דער נאענטסטער סטאַנציע וועלן מיר אַראפ.

דער יונג האָט זיך צוריק די הויזן געקנעפלט און די קניען האָבן באַ אים געציטערט און אין האַלדז האָט אַ שטיין זיך גע-קוילערט—ניט ארפצושלינגען, ניט אויסצושפייען, —און די פויערטע איז מיט א מאל צום דאקטערס פיס צוגעפֿאַלן:

— פאריצל, טאַטעלע, לאז מיך פריי, לאָז מיך אהיים. כ׳האָב ניט געקוקט, כ׳האָב גארניט ניט געזען...



באַם יונג האָבן די שפּיץ נעגל געבריט, די אויגן זיינען אינעווייניק, אין הארץ אריין אראפגעפֿאַלן און די שפּיץ-צונג האט געביסן דער יאדערדיקער אוקראינישער געזידל:

— שעדישע נעשאמעס...

דער יונג האָט ווי אַ שלייען אפֿן אייז, מיטן קאפ אן דער שווארצער לופֿט פֿונם אפֿענעם פֿענצטער זיך אפגעקלאָפּט און ארויסגעווארפֿן זיך און ניט געוואָרן. דער מאן אין די ברילן האט אין ערשטן אויגנבליק, אומגעריכט פֿאַר זיך אליין, דער פויערטע איבערן קאפ מיט דער הענטל פֿון בראַונינג געשלאגן און ערשט דערנאך זיך דערמאָנט, אז מע דארף גלייך, אומבאַדינגט נאכן צעשטערער אַ געיעג ארגאניזירן. און די נאַכט איז געווען אַ פֿינצטערע און אין ווואלקנס פֿאַרוויקלטע און דער טיף-האַרבסטיקער זיפּ-רעגן איז גדעולדיק און געדיכט אף דער ערד געפֿאלן.

3.

ס׳איז לייכט פֿאר אַ יעדן מענטשן אַרויסשלעפן פֿון זיין האַרץ-קלומעקל, וואָס ער טראָגט אין דער ברוסט די אַוועקגעפֿלויגענע פֿרייד-שאָען און ווידער וואַשן זיי אין דער לויטערקייט פֿון זיין זיקאָרן און ווידער אופֿלעבן דאָס געוועזענע.

ס׳איז אויך נישט שווער פֿאַר אַ יעדן איינעם פֿון דאָרט גופֿע אַרויסשלעפן פֿינצטערע שאען און אָנשנורעווען זיי ווי בוסן שוואַרצע אַף דעם העלן פֿאָדעם פֿון זיין איצטיקן ליכטיקן מיטאָגטאָג. נאָר ווען דאָס לעבן יאָגט אין קאַרק אַריין, ווי אַ ווירבלווינט און קלעפּט שטייף צו צו דער פלייצע דאָס פעקעלע געוועזענע, איז, — אויב די אויגן זיינען נאָר אָפן און די פיס — שטייף — ווילט זיך אַ יעדערן איילן פֿאָרויס, אַף ניט באַטראָטענע נאָך וועגן און דאָס געוועזענע איבערלאָזן אַף אַ מאָל, אַף שפעטער, ווען גרויער האַרבסט וועט דעם שוואַרצן קאָפּ באַשטויבן און אַף די אויגן וועט אומפֿאַרמיידלעך נאַכט און האַרבסט אָנגרייפֿן, אומפֿאַרמיידלעך ווי דער טויט. דאַמאָלסט, פּאָנים-עלפּצָנים מיט דער אומפֿאַרמיידלעכקייט — סאַי ווי סאַי ניטאָ וווהין ווייטער שפּאַנען — וועט דער מענטש שטיין בלייבן, אָפּרוען זיך אַנידערזעצן און דערלאַנגען פֿון זיין פלייצע-זעקעלע דאָס געוועזענע און פֿרייען זיך מיט דער געוועזענער פֿרייד און ווייטיקן מיטן געוועזענעם טרויער.

און אַזוי איז אויך געווען מיטן יונג לעווין.

דער יונג לעווין, ווען ער איז פֿון פֿויזנדיקן צוג שווער אַרויסגעפֿאַלן, ווי עס רייסט זיך אָפּ אַ שטיק פֿון אַ פּלאַנעטע, האָט ער אַ שטויס אין פלייצע פֿון זיך אַליין באַקומען:

— גאַנץ די פיס? גאַנץ די הענט?

— דאַכט זיך גאַנץ.

און פֿאָרויס ליגט דער וועג באַהאַלטן, ווי רער אינהאַלט פֿון מאָרגנדיקן טאָג. ווי דער קלאַנג פֿאַרן טויבן, און דער צעהוליעטער ווינט יאָגט אין פלייצע אַריין און פֿאָרויס שימירירט און נאַרט העלע ליכט פֿון קומענדיקע טעג.

דער יונג לעווין איז דעריבער אַוועק מיטן וועג פֿון זיינע אייגענע שפּיץ-פֿינגער. און, — אַף דאָס געוועזענע און געשעענע

ניט איצטער זיך אומצוקוקן — געקומען צו אַ רויטאַרמעישן טייל.

דער טייל איז געשטאַנען אַפֿן שליאַך פֿון זיין אַנוועג, אין טיפֿן וואַלד, און דער יונג האָט קורץ דערציילט וועגן זיך און קורץ געבעטן:

דעם טאַטן מיט דער מאַמען האָבן פּעטליוראָווצעס געשאָכטן און איך האָב זיך אַרויסגעוואָרפֿן פֿון אַ לויפֿנדיקן צוג און שיר ניט געבראָכן רוק און לענד און באַשלאָסן אַ לעבעדיקער אין די הענט זיך ניט געבן.

פֿאָרויס די רויטאַרמייער איז איינער מיט אַ געדיכטער באָרד און מיט אַ פּיפּקע אין מויל, — דער שעף זייערער — אַרויסגעטראָטן און פּעטע וואָלקנס רויך פֿון מויל געוואָרפֿן און הויך געלאַכט. אָט אַ געפֿינס!... נו, און באַ אונדז ברעכן רוק און לענד ביסטו מאַסקים?

די רויטאַרמייער האָבן הילכיק געלאַכט און דער יונג לעווין האָט זיי איבערשרייען געוואָלט:

— אָט דאָס וויל איך דאָך טאַקע: אויב ברעכן האַלדז און נאַקן, איז פֿריער כאָטש באַ איין פּעטליוראָוועץ אַ פּוס אויסרייסן.

דער געדיכט-בערדיקער מענטש מיט די קליינע אויגעלעך האָט לאַכן אויפֿגעהערט, ס'איז אים עפּעס מיט אַ מאָל אומהיימלעך געוואָרן, אָבער ער האָט גלייך אויפֿגעשיינט און מיטן צוריקגעוווּנענעם שמייכל אַרויסגערעט:

— גוט. ס'וועט דיר אויסקומען אַ שטיקל צייט, ווי אַ צוגעבונדן קעלבל צום וואָגן, נאָך די כעוורע נאָכלויפֿן. דערנאָך — וועלן מיר זען, עפּשער וועסטו אַ ביקס קריגן.

און דער יונג לעווין איז נאָכגעלאָפֿן, און דער יונג האָט שפּעטער אַ ביקס באַקומען און איינגעוואַקסן זיך אין דער כעוורע, ווי עס וואַקסט זיך אַריין און גיסט זיך צענויף אַ שטיקל טייג מיט א לאַבן ברויט אין אַ הייסן אויוון און אָפּגעריסן זיך פֿון זיי פֿון אַן אויפֿרייס, וואָס איז געקומען פֿון אינעווייניק, פּלוצלונג און אומגעריכט, ווי עס קומט שטענדיק פּלוצלונג און אומגעריכט דעם סוינעס קויל.

דער יונג לעווין האָט באַקומען אַן אויפֿגאַבע דעם סוינע אויסשפּירן. האָט דער יונג מיטגענומען מיט זיך נאָך אַ רויטאַרמייער און איז אין דערפֿל דערנעבן אַוועק. דאָס דערפֿל איז געווען פּוסט און וויסט און אַן איינזאַמער האָן האָט זיך דאָרט אַרומגעדרייט, ווי אַ שוימער, און די געקאַלכטע קוימענס פֿון די אָפּגעברענטע כאַלופּקעלעך זיינען ווי שטיקלעך קלעצלעך אַריינגעשטעקטע געשטאַנען, און אַן אומעט און ווייי האָט געיאָגט פֿון די אויפֿגעריסענע טירן-לעכער און אַראָפּגעטראָגענע דעכער.

די צוויי יונגען האָבן די וועגן ווי אויסשפּיר-הינט געשמעקט און נאָך סימאָנים פֿון פֿערדישע טלאָען אַפֿן פּריש-אַרויסגעפֿאַלענעם שניי נאָכגעגאַנגען, ווי נאָך אַ פֿירנדיקער האַנט, און פֿאַרקראָכן צו אַ כאַלופּקעלע אין עק דאָרף, צו אַ כאַלופּקעלע מיט אַראָפּגעלאָזטע שטרויענע לעדלעך אַף די פֿענצטער, ווי אַראָפּגעלאָזטע ברעמען באַ אַ שלאָפֿנדיקן מענטשן.

די צוויי יונגען האָבן אַלע זיבן פֿאַרזיכטיקייטן, וואָס עס איז נייטיק געווען, אָנגענומען און די כאַלופּקעלע באַלאַגערט, און אין כאַלופּקעלע אַריין און אַן אַלטן פּויער, אַ דאַרן און ברוינעם ווי אַ פֿאַרזשאַווערטע נאָדל אַפֿן אויוון דאָרט געפֿונען און אַלץ, וואָס עס איז נייטיק געווען, אויסגעפֿרעגט זיך באַ אים און אַלץ, וואָס מעגלעך געווען, זיך דערוווּסט און אַרויס אַפֿן הויף די שפּורן פֿון די ווייטערדיקע טריט זוכן.

און אַפֿן הויף, הינטערן שטעלכל איז אַ שיקסלקע אַ יונגע, ווי אַ הינדל מיט צעשפּרייטע פֿליגעלעך, געזעסן און אַן אָפּגעשראָקענע אויפֿגעשפּרונגען פֿון ערשטן בליק פֿון די צוויי יונגען. דער רויטאַרמייער, וואָס איז מיטן יונג געווען, האָט מיט געהילך און געלעכטער נאָך דער שיקסלקע זיך אַ יאָג געטאָן און לעווין האָט אים געוואָלט באַ אַ פּאָלע פֿון זיין שינעל אָנכאַפּן און ניט באַוויזן, און דער רויטאַרמייער האָט זיך אין שנייקן פֿעלד נאָך דער קוויטשנדיקער שיקסלקע געיאָגט, און פֿון דער כאַלופּקעלע איז דער פֿאַרזשאַווערטער אַלטער אַרויס און מיט הילצערנעם קרעכץ און בראָך אין דער שטים האָט ער געשריען:

— וואָס טוט איר, מאַרדעווער איינע, אָט אַזוי אָ גיט איר דאָס פֿרייהייט דעם פֿאָלק?

און דער רויטאַרמייער האָט זיך מיט דער שיקסלקע אין שניי געוואַלגערט און הילכיק געלאַכט און זיין בלוט האָט געזאָדן פֿון איר הייסן צאַפּל אין ברענענדיק-קאַלטן שניי, און דער יונג לעווין האָט די ביקס אַפֿן רויט-אַרמייער אָנגעשטעלט.

— טראָשקאַ כ'וועל שיסן... לאָז זי אָפּ!

און דער רויט-אַרמייער האָט זיך מיטן יונג געריצט און מיט דער פֿרייער האַנט אַ כאַזער-אויער פֿון זיין שינעל-פּאָלע געמאַכט און געדרייט עס דעם יונג אַנטקעגן פּאָנים:

— יאַסקע, זשידאָקל ליבער, נאַ, פֿאַרזוך...

און באַם יונג לעווין האָט דער מאַרך אויפֿגעפֿלאַמט און, ווי פּולווער, אין איין רעגעלע פֿאַרברענט געוואָרן און דער צייגפֿינגער פֿון דער רעכטער האַנט האָט אַליין דאָס ביקס-צינגל אָנגעדריקט און זיין ביקס האָט אויסגעשאָסן.

מיט אַ בלייכן פּאָנים האָט דער יונגער יאַט, דער רויט-אַרמייער פֿון דער שיקסלקע זיך אָפּגעריסן. מיט דער לינקער האַנט האָט ער די רעכטע באַק פֿאַרקוועטשט און פֿון אונטערן הויפֿן אַרונטער האָבן פּעטע, טונקל-רויטע טראָפּנס בלוט אַפֿן שניי געפֿאַלן. מיט אַ ווייסן פּאָנים, מיט דער ביקס אין דער רעכטער האַנט און מיט צוגעדריקטער צו דער באַק לינקער האַנט איז דער רויט-אַרמייער צו יאַסקען צוגעגאַנגען:

— שעריִשער זשידיוהאַ, וואָס האָסטו געטאָן?

דער יונג האָט געפֿיבערט און די ביקס גרייט געהאַלטן:

— גיי ניט צו צו מיר... כ'וועל דערשיסן... מעטורעפֿער הורן-זון!

און דער רויטאַרמייער האָט געשמייכלט מיט די טראָפּנס בלוט פֿון באַק און געטראָטן נענטער צום יונג, און די טראָפּנס בלוט האָבן געטריפֿט, און דער רויטאַרמייער האָט זיין האַנט פֿון דער וווּנד אָפּגעריסן און מיטן פֿולן בלוט-נאַסן הויפֿן און ברייטן פֿאַרמעסט דעם יונג לעווין, אין דער לינקער באַק דערלאַנגט. און

באַם יונג האָט פֿון אונטער די יאַסלעס אַפּער, ווי אַ וואָליונגערישער ווייטער שפּיי—בלוט אַ שפּריץ געטאָן און דער רויטאַרמייער האָט געלאַכט און זיין ווונד האָט געבלוטיקט, און ער האָט דעם יונג לעווין זיין פֿאַרבלוטיקטן הויפּן אויסגעצויגן:

— קוויט?..

דער אַלטינקער האָט מיט די הענט צעפּירט און מיטן אַלטן קאָפּ זיך צעשאָקלט. די שיקסלקע איז אַ דערשראָקענע אין שנעיקן פֿעלד געשטאַנען און דער רויטאַרמייער האָט דעם יונג אַ מאַרלע-בינט דערלאנגט און באַ אַן אַרבל אָנגענומען:

— נאַ... פֿאַרבינד... און קום... העלדישער יאַט... הינטישער ביין!..

און דער מענטש מיט דער געדיכטער באָרד און מיט דער רויטער ליולקעלע אין מויל האָט זיי באַגעגנט און מיט שמאָלע אויגעלעך איבער זייערע קערפּערס אַרומגעטאַנצט, ווי ער וואָלט אַן אָרט געזוכט, ווו ס'איז בעסער אַ ביס צו טאָן און שטיל אויסגעהערט דעם ראַפּאָרט זייערן און ניט אַרויסנעמענדיק די ליולקע פֿון מויל—געלאַסן און מיט אַ געוויינטלעכער שטים געזאָגט:

— ביידע גוט. איר האָט אָנגעהויבן שטיפֿן, ווייל פֿאַרן טויט האָט איר מער קיין מוירע ניט און אין צוויי און צוואַנציקסטן מיינט איר גילט נאָך אַלץ די אַלטע שטראָף: צעשיסן, אָדער—גאָר קיין שטראָף ניט—האַ? און איך וועל נעמען און צובאַקן אייך יעדערן צו זעקס יאָדערדיקע כאַדאשים. לערנט זיך, כעוורע, האַ? געשמאַק? האַ?

און אויסגעדרייט זיך מיט דער פּלייצע צו זיי, און געשמיסן נאָך זיך קוילן געדיכטן, פֿעטן רויך, און דעם איניען דעם פּראָקוראָר איבערגעגעבן. און דער געריכט האָט מיט אים מאַסקים געווען און דער כעוורע, ווי צו זעקס צוקערלעקעכלען יעדערן, צו זעקס כאַדאָשים איינגעטיילט, און דער יונג לעווין איז ווידער אָפּגעריסן געוואָרן פֿון דעם, צו וואָס ער האָט זיך באַהעפֿט, און אין זיין רייפֿער געוואָרענעם מאַרך האָט זיך אַ געדאַנק, ווי אַ קרישטאל אָפּגעזעצט:

— געמיינט א קאָמוניסט ווערן... און—

און אומבאַוווסטזיניק, דעם מענטש, וואָס האָט אַ געדיכטע באָרד פֿאַרמאָגט, נאָכגעאמט:

— האַ?

און זעקס כאַדאָשים, ווי זעקס פּולע, ביטערע יאָדערן אויפֿגעגעסן.

·4

אין דעם גרויסן געווירבל, געטויש און געמיש פֿון דעם באַרימטן און וווּנדערבאַרן פֿערטל—1900—1925 האָבן לויטערע אויגן פֿון קינסטלער אין בונד מיט שווערע פּראַצעדיקע אַרבעטערהענט די מאָטיוון פֿון אַלט-טאָטערישן קאַזאַנער קרעמל, פֿון צויבערדיק-מאַיסעדיקן און פֿאַרבענקט-זינגענדיקן מיזרעך מיט דער גרויסאַרטיקער געהויבנקייט פֿון די ליכטיקע רוסישע פֿעלדער צונויפֿגעמישט און אין ליים צונויפֿגעקנאָטן און אַ רויטן ריז אַף קאַלאַנטשאַ-פּלאַץ געבראַכט צוטראָגן און אַנידערגעזעצט אים דאָרטן און אַ נאָמען געגעבן אים „קאַזאַנער וואָקזאַל“.

מיט וואָס האָבן זיך דען ניט געביטן און געטוישט צווישן זיך די אויפֿקומענדיקע און אויפֿגערודערטע פֿעלקער אין דעמדאָזיקן אויסגעצייכנטן פֿערטל יאָרהונדערט?

די רוסן האָבן געוויס דעם אַלט-טאַטערישן קאַזאַן אַ קאַטעדראַל אין ביזאַנטישן סטיל געשענקט, און די טאָטערן האָבן דערפֿאַר זייערע שטייפֿע זין אַף דער מילכאָמע געשיקט. און אַף דער מילכאָמע האָבן די יונגען מיט דאָס טייערסטע,—מיט זייער יונג בלוט זיך געטוישט און געמישט און פֿון דער מילכאָמע ווי פֿון אַ פֿרעמדן הויף אין פֿייער, ווי פֿון אַ זינקענדיקער שיף אַנטלאָפֿן און זיך גענומען זייער לעבן מיט גראָב-אייזנס אַרומגראָבן, מיט אייגענעם ביין דעם פֿלאַם צו זייערע נעסטן פֿאַרצאַמען, און דער יונג לעווין האָט אין דעמדאָזיקן גרויסן געטויש אויך זיין כיילעק געהאַט, און מיט רייף-ווערנדיקן ווילן זיין טייל סכאָר מיט אָפֿענע, גרייטע צום בייסן ציין, געמאָנט. דער יונג לעווין האָט הינטער זיך ווי שפּורן פֿון טריט, ווי שאָטנס אומהאַפּטיקע, ווי וווּנדן פֿאַרגייענדיקע איבערגעלאָזט די מאַרינקע מיט איר האַרץ, וואָס קלאַפּט טאָפּלט, פֿאַר צווייען; אַוועקגעוואָרפֿן דעם דאָקטאָר, וואָס איז אַזוי ווייך און איידל און עטעמט אַרויס פֿון זיך שוואַרצע לופֿט, ווי ער וואָלט מיטן טויט געעטעמט; געבענקט נאָך די קנוילן רויך פֿונם בערדיקן שעף און מעקאַנע אים געווען זיין קורצן „האַ“; אומגעוויינטלעך צאַרט גערופֿן (אַזוי רופֿט מען נאָר אַ געליבטע) דער נאָמען פֿון אַ פֿאַרשוווּנדענעם כאַווער:

— טראַשקע! טראַשקע! אַ? ווּ ביסטו אַהינגעקומען, שעדישער מאַמזער איינער, ליבהאַרציקע באַשעפֿעניש, אַ?... עך, ווען דו ביזט איצטער דאָ!... טראָשקע, אין דיין מאַמען אַריין... אַזאַ יאַט!...

און ווי אַ שטילער וואַרעמער כאָלעם אין אַ פֿאַרשנייטער ווינטער-נאַכט האָבן אים פֿון הינטער דער פּלייצע זיינער געוווּנקען זעקס כאַדאָשים טפּיסע, ווי זעקס וווּנדערלעכע מאַיסעלעך ווי זעקס בערגעלעך ליים אַף אויסצוקנעטן זיך אַ נייעם נעסט און דער יונג לעווין האָט זיך אַף אַ שלייף פֿאַרהאַקט די אַלע פֿאַסירונגען זיינע און קיין מאָסקווע מיטן באַרימטן, יונגן קאַזאַנער וואקזאַל אנגעקומען.

און נעבן וואקזאַל, אַף אנגעוואלגערטע גרויסע קוואַדראַטאָווע גראַניט-שטיינער (דער וואָקזאַל איז נאָך דאַן ניט פֿאַרענדיקט געווען און דאָס געהילץ איז אַף זיין רויטער הויט ערטערווייז געהאַנגען, ווי פֿאַרטריקנטער שאָלעכץ) זיינע מענטשן געלעגן, געזעסן, איינציקווייז, גרופּעסווייז, ליידיקגייערישע שפּילן געשפּילט, אין ליידיקגייערישער צערייצקייט מיעס זיך געזידלט, מיעס און שמוציק זיך געווימלט, געגעסן, געטרונקען, געטאָן זייערע אַלע נאַטירלעכע און אומנאַטירלעכע באַדערפֿענישן און געלעבט אַן אייגענעם לעבן, ווי אַ באַזונדער מעלוכעלע, ווי אַ כאָפּטע דערוואַקסענע אפּראכלאזע.

און צו דערדאָזיקער מישפּאָכע האָט זיך באַהעפֿט דער יונג לעווין.

דער יונג לעווין האָט איצט זיין פֿאַרמעגנס געהאַט אַ טעמפּן גאָל-מעסער אין אַ שמוציקן האַנטעך פֿאַרוויקלט, און אָפּגעריזשעט און אָפּגעריבן שטיקל שפּיגעלע און אַ שטיקעלע פֿאַרדריפּעטן זייף

אין אַ גרינער לאַנדרין-שאַכטעלע. דער יונג לעווין האָט געזען, ווי אַפֿן פּלאַץ, אַף די אָנגעוואָרפֿענע שטיינער שטייען יונגען איבער פֿאַרשמיסענע און באַוואַקסענע פּענימער אַריבערגעבויגן און שאָבן זיי מיט זייערע גאָל-מעסערס. האָט ער זיך אויך אַ שטיין אָפּגעקליבן און אָפּגעשטעמפּלט אַף די הייטעלעך פֿון זיינע אויערן דעם געשריי פֿון די גאָלער: אַ זאָל אַ זאָל... אַ זאָל...

— קומט צו, פֿאַר דריי גאָלד-קאָפּקעס שייערן מיר אָפּ אַ פּאָגים ווי אַ מעשענע טאַץ! קומט צו! לויפּטס! כאַפּטס! אירט פֿאַרשפּעטיקן

עס איז געווען דאָס קיילעכדיקע און מעובערעסע 1923-סטע יאָר. עס איז איבער מאָסקווע הויך אופֿגעגאַנגען די זון פֿון אויסגעשייערטע שויבפענצטער, פֿון פֿריש אָפּגעפֿאַרבטע שילדן און פֿון פּענימער, וואָס שטאָפּן פֿרישן געפּרעס אין די אויסגעליידיקטע, פֿאַר די הונגער-יאָרן, הויט-זעקעלעך אַריין און ווערן גלאַט און שיינענדיק און שמייכלען צו דער צוריקגעקומענער גראָשענער לעוואָנע זייערער. און דער יונג לעווין האָט זיך אָן די הינטער-טרעפּלעך פֿון לעבן געהאנגען, ווי פֿאַרוואַרלאָזטע גאַסן-קינדער הענגען זיך אָן אָן די די הינטער-טרעפּלעך פֿון די טראַמוואַי-וואַגאָנען, און פֿון אומעטום איז דער יונג לעווין אַראָפּגעשמיסן געוואָרן און קיין צוטריט צו דער פֿאָדערשטער טיר פֿון לעבן נאָך ניט געהאט און דעריבער אַליין גלייכבאַרעכטיקונג אַף אַ שטיין נעבן קאַזאַנער וואָקזאַל זיך גענומען און פּונקט אַזוי געשריען:

— קומט צו, אַ זאָל! אַ זאָל!...

און דער יונג האָט זיינע טעג געלעבט מיט הילכיקע געשרייען, ווי געבילן פֿון אַ הונגעריקן אַרומלויפֿנדיקן גאַס-הונט' און זיינע נעכט פֿאַרבראַכט צווישן צוויי שטיינער אַפֿן זעלבן פּלאַץ, און געוואַרעמט אונטער זיך זיין צאַפּלדיקן באַגער אָנצוקנעפּלען זיך אָן לעבן, ווי עס וואַרעמט אַ גאַסן-הונט באַנאַכט זיין צונג אין מויל נאָך אַ טאָג אַרומשלעפּן אים איבער די פֿאַרשטויבטע גאַסן, אַן אומזיסט אַרויסגעשטעקטן.

און צו האַרבסט האָט דער יונג שוין פֿאַרמאָגט אַ גאָלדן רינגעלע מיט אַ גרינעם שטיין אַפֿן יינגסטן פֿינגער, אַ געמאַכטע געוואוינהייט צו קאָנען טרינקען אַלץ, וואָס קנייפּט דעם גאָרגל און אַ טייערן פֿריינט און כאַווער וואַנקע בערעגיכאַטקאָ.

דערדאָזיקער וואַנקע בערעגיכאַטקאָ איז אין איינעם אַ הייסן זומער-טאָג צום יונגס „געשטעל" צוגעקומען און אים געמאָלדן:

— די מאָרדע בייסט—שאָב פֿאַר אַ דרייער!

און מיט לויטער פֿריילעכע אויגן אין פּאָנים אים אַריינגעשיינט:

— עס איז מיר אנגענעמער באַ דיר זיך צו גאָלן, דו טראָגסט אַ גאָלדן פֿינגערל און איך בין דיר ניט אַבי ווער—אַ פּראָלע—טאַרי—יער...

דער יונג האָט אים געוויסנהאַפֿט די מאָרדע אָפּגעקראַצט און פֿון אַ הויזן-קעשענע אַ דרייקאַנטיק פּלעשעלע פֿון עסיקעסענץ אַרויסגענומען און באַשפּריצט דאָס געגאָלטע מיט אַ פּוילשמעקנדיק וואַסערל. דער יונג האָט אַ ווײַלע געטראַכט און דערנאָך פֿון אַ צווייטער הויזן-טאַש אַ צווייט-פּלעשל, אַ גרעסערס אַרויסגענומען און די צעשויבערטע האָר אים באַשפּריצט און פֿאַרקעמט און פֿאַרגלעט און דעם האַנטעך פֿון זיינע אַקסל אַראָפּגענומען און מיט קנאַק אָפּגעטרייסלט.

דער יונג האָט אַף זיין דרייער געוואַרט און וואַנקע בערעגיכאַטקאָ האָט שוין אַף אים איצט אויך מיט דער בלויער שיין פֿון געגאָלטן פּאָנים געשיינט:

— דו ווילסט דיין דרייער? און מיר געפֿעלט דיין רונג. קום!—האָט ער אים באַ אַן אַרבל אָנגענומען,—וועסט שטעלן אַ פּאָר ביר און מיר וועלן עפּשער מיט דיר כאַווער ווערן. קיין דרייער פֿאַרמאָג איך ניט און פֿרעסן ווילט זיך, נו?...

(סאָף אין קומענדיקן נומער).

א קושני־ראוו

# האַרבסט.

יעדער מענטש פאַר בענקשאַפט האָט אין האַרץ א נעסט,
יעדער מענטש איז פון דערמאנונג ניט באַווארנט.
צי ווייל שפעטער האַרבכט איז שטרענג און שיין,
צי ווייל שפעטער האַרבסט דעם לעצטן גינגאלד לעשט—
האָב איך היינט דערמאָנט זיך אין מיין היים,
היים מיינע,—
וואוהין כ׳וועל קיינמאל שוין ניט פאָרן.

א, מיין גרויע היים, צוקאפנס פרעמדער גאס,
ווו הימל האָט געטריפט מיט רו אף שטויב פון געסלעך,
אַלע שאַרף-שטיינער פון ליבע און פון האס
האבן אויסגעשאַרפט אף דיר אַ מעסער.

אלע שטורעמס האָבן דיך געפליקט
און צעזייט דיך און צעווייט דיך,
און מיט ערד פאַרגלייכט.
דו וועסט שוין קיינמאל, קיינמאל מיר ניט אויסשטרעקן
די האַנט פון בריק
אף אריבערנעמען מיך צו זיך אריבער טייך.

יענער טייך,—
קיינמאָל אין מיין האַרץ וועט זיך ניט שטילן
זיין צעשוימטער און פארפלייצנדער געזאַנג,
ווען עס פלעגט אין אנגערייפטע פרילינגס
זיך אַרויסרייסן פון ברעגעדיקער צוואנג.

עפשער איז ניט יעדן טייך געגעבן
צו פארפלייצן און אריבערשטייגן ברעג,
נאָר פון דעמאָלט אן
בין איך אליין פאַרסאַמט מיט שטרעבן,
נאָר פון דעמאלט אן א אומרו מיך באַוועגט
אף פאַרפלייצן און אף אופצורייסן גרעבליעס.

אזויפיל רו האָב איך צעשטויבט אף ווינט,
אַזויפיל רו אין אנפלי פון גרעאַנגל ניט פאַרהיט,
און ניט געשוינט, און ניט באַרעכנט...
איז וואס זשע מאלט דערמאנונג מיר אַצינד
מיין שטילע היים, וואָס האָט אַמאָל געבליט
מיט פלעקן פארביקע פון דעכער.

מיין שטילע היים, אין אנקום פון פאַרנאַכט
און הימל טריפט אף איר מיט לעצטער צאַרטקייט,
און פענצטער האָבן זיך פאַרקוקט אף שליאך
אין אומרויקן אנגעשטרענגטן וואַרטן.

ניין, ווי אפגעשניטן גראָז ניט אַלץ פאַרוועלקט,
וואָס היים פארפלאנצט,
וואָס היים פאַרווארצלט טיף ביז ביין.
נאָר וואָס איז היים, ווען גאַנצע וועלט
ווערט ליב און ענג ווי היים.

יענע דעכער האָבן אפגעבליט
און מיט פייער און מיט רויך
דעם מויל פון נעכט פאַרשטאפט,
היים, מיין היים, זיי האָבן אפגעבליט
בלויז שוואַרצער אש פון זיי באשאָטן האָט דיין קאָפּ.

היינט וועל איך ניט לייקענען
ניט פאַר זיך אליין און ניט פאַר דיר:
מיר האָט וויי געטאָן אווי דיין נויגן זיך אין טונקל,
נאָר דו וועסט קיינמאָל מיך ניט האָבן צווישן די,
וועלכע רופן וויינען אף דיין אומקום.

ניט צוריק איז בליק מיינער געווענדט איצט
אף צו זען טייערס און געגארטס
און אף שטילער שיין פון אַלטע פענצטער
ציט שוין ניט צו וואַרעמען דאָס האַרץ.

האַרבסט איז איצט,
אַזאַ שיינער שטרענגער האַרבסט איז איצט
און לעצטער גינגאָלד האָט דאָס האַרץ צומישט מיר
און מיר—א נייע שיין האָט היינט געטאן אַ בליק
אף ערד, וואָס היים האָט מיט איר אש באמיסטיקט.

ס׳איז שוין ווערט געווען, ס׳איז געווען שוין ווערט
זיך שטורעם אפגעבן מיט פולן הארצן
פאר אַלץ, פאַר אַלץ, וואָס כ׳זע איצט אף מיין ערד,
אין אַ טאָג אַזאַ, אַ גאלדענעם, א האַרבסטיקן.

## ש. ראָסין

* * *

אָט דער יאַם אין די זילבערנע אָוונטן,
און דער וואַלד אַף די בערג איבער יאַם, —
און דו אַזאַ ווייטע און נאָענטע
ווי די בערג אַפן בלוילעכן ראַנד.

ס'איז אַ שטערן פון הויכן געפאַלן דאָרט,
און צעשטויבט זיך אין זילבערנעם רויך;
— ס'איז צעעפנט אין מיר אַלע קוואַלן היינט
פון שטילער מענטשלעכער פרייד...

איך ווייס: אַ האַרץ ווערט ניט יינגער
אונטער שטיינער פון יאָריקער לאַסט, —
עפּעס בין איך היינט גאָר ווי אַ יינגל
באַ אייגענער יוגנט צו גאַסט.

ערגעץ דאָרטן אַף שטאָטישע האַרטן.
ווו טראָט איז פאַראַקשנט און שטרענג:
האָט געדאַכט, אַז איך קאָן שוין ניט צאַרט זיין,
האָט געדאַכט: איך בין פרעמד זיך אַליין...

אָט די בערג אַפן אפגרונט, וואָס הענגען דאָ,
אָט די בלויע באַזילבערטע ווייס, —
איך געדענק איצט דעם שטרייך פון די ענגלענדער,
די געשלעגן אַצינד אין קיטאַי.

איך געדענק פון מיין לאַנד פון מיין איצטיקן,
פון דעם ליבן צעבויטעטן ניי:
— אויב מען דאַרף, בין איך גרייט זי באַמיסטיקן
מיט בלוט פון מיין אייגענעם לייב.

נאָר אַצינד: איז דאָ זילבערנע אָוונטן
און דער יאַם אין די בערג דאָרטן שרייט,
— און דו אַזאַ בלוטיק-נאָענטע,
ווי געשלעגן אין ווייטן קיטאַי...

סאָטשי, אַווגוסט 1926 י.

* * *

איך רייד צו דיר!
דו ועסט מיך עפשער הערן,
ווי ס'הערט זיך איין אַ פרילינג נאַכט צו זיך,
און ס'וועט דיין קאָפּ באַשיטן זיך מיט שטערן
און וועט באַשיינען זיך מיט אינווייניקסטן ליכט.

ברודער מיינער, —
אין גליק אין טרויער
איך שטרעק דיר אויס מיין אָפּגעדעקטע האַנט,
ווער דו זאָלסט ניט זיין — צו דיר פאַרטרויען זיך
און אויסשטרעקן אין ווייטן דיר אַ האַנט.

איך וועל מיט דיר, דורך טעג, דורך נעכט פאַרברענגען,
כ'וועל זיין מיט דיר, אי שטרענג אי צאַרט.
— אָ, זאָל מיין האַנט אין לופט ניט בלייבן הענגען
און זאָל געשעען שוין וואָס עס באַדאַרף.

* * *

די האַנט די אַייזערנע זאָל זיין געבענטשט,
זאָל זיין געגריסט דער שטאָלנדיקער ווילן, —
ברודער מיינער, שטייגנדיקער מענטש,
איך וועל מיט דיר אין סוידעס זיך ניט שפילן.

איך האָב אַ זיכערקייט פאַרהיט
אין טעג פון פלאַטערדיקן ראַנגל:
עס וועלן נישט פאַרוויסט ווערן די טריט,
וואָס זיינען ביז אַהער דערגאַנגען.

און יעדער קער און יעדער ווענד
אין דיינע אופגעוויגטע רייען:
זאָל זיין אַף דיר אַליין געווענדט
צו שטאַרקן זיך אין צווייען..

— דאָס וואָרט דאָס לויטערע זאָל זיין געשליפט,
און קלאָר, און שטייף ווי אויסגעשיילטער יאָדער,
איך קום צו דיר אין אופגערעגטן לויף,
מיט טעג מיט אונדזערע געלאָדן.

אַ יעדער טאָג איז פול מיט שטייגנדיקן ריס,
אַף אייגן לאַנד, אַף לענדער אַנדערע פאַרמאָסטן, —
די האַנט די אַייזערנע זאָל זיין געגריסט,
וואָס האָט אַף קראַפט אַף אייגענער פאַרלאָזט זיך.

* * *

עס איז פאַראַן געגוג נאָך שאָטנדיקס און טונקלס,
עס איז געוויס פאַראַן נאָך וויי און צאַר:
נאָר אַלץ איז שוין מיט שיין, מיט זון פאַרטרונקען,
נאָר פון אַלע הרעבליעס רוישט אַצינד און שפאַרט..

פון אומעטום פון אַלע דיינעברייטן
פאַרלוירענע אין שנייען און אין ווינט, —
גייען אוף אין גליקלעכדיקסטן ווייטיק
דיינע בלאָנדע טעכטער, דיינע ברוינע זין.

זיי גייען אוף
אַזעלכע קרעפטיקע, אַזעלכע שטייפע
ווי ס'וואָלטן ריזן זיי פון טיפעניש דערוועקט,

— — — — — — — — — —

אַז וואָיל איז דיר אין אופגערירטן רייפן,
אַז וואָיל איז מיר צו לעבן אין די טעג...

מאָסקווע, מאַרט 1926 יאָר.

א. וועוויאָרקע.

# דער צייטונג-פאַרקויפער נאַפטאָלי *).

עס שפילן:

נאַפטאַלי (באָטווין)
יינגלעך—צייטונג-פאַרקויפער
צעכנאָווסקי ⎫
וואַלצער ⎭ אַרבעטער
אַ שיקער.
פיאַנטקאָווסקי—אָפּיצער
פּאָליציימאַן.
קסיאָנדז.
דריי הערן אין צילינדערס.
צוויי גאַסנמיידלעך.
אוילעם.

---

פרילינג 1920 אין לעמבערג.
שפּעטער אָוונט.

אַ גרויסער געפּלאַסטערטער פּלאַץ, שוואַך באַלויכטן פון עטלעכע לאַמ-טערנס. אין דער טיף אַ געביידע מיט שווערע קאָלאָנעס—דער גרויסער טעאַטער. פאַר אים אַ דרייקעפּיקער לאַמטערן. איבער אים שפּרייט אויס די בלעכענע פליגל אַן איינקעפּיקער אָדלער מיט אַ לאַנגן, פאַרבויגענעם שנאָבל. אין הינטערגרונט דערהייבט זיך אַ פינצטערע געביידע—די טפיסע

רעכטס און לינקס—גאַסן און געסיִעך. געביידעס גרעסערע און קלענערע אַלטע, נייע.

ווייניק מענטשן זעען זיך אין די גאַסן. זעלטענע דורכגייער, און די, וואָס גייען, שטעלן האַסטיקע, איילנדיקע טריט. אין אַ גאַסווינקל, ניט ווייט פונם טעאַ-טער, שטייען די יינגלעך, צייטונג-פאַרקויפער, צווישן זיי נאַפטאָלי.

אַ יינגל: (ציענדיק ווייטער אַ שמועס)
...ווו האַלט מען זיי?

נאַפטאַלי:
— אָט אַפן בערגל דאָרט,
איר זעט דעם שוואַרצן מויער מיטן צעקרימטן שפּיץ,
וואָס הענגט, ווי ס'וואָלט געפּאַכעט אינדערלופט
אַן אויסגעבויגן מעסער? דאָרטן זיצן זיי.

אַ יינגל: (פאַרטראַכט)
— דער שוואַרצער מויער מיטן צעקרימטן שפּיץ...

נאַפטאַלי:
— און קאָרידאָרן האָט דער מויער צוואַנציק פּאָר,
און צוואַנציק קאַמערן אין יעדן קאָרידאָר,
און יעדע קאַמער האָט אַ שווערע טיר
אַף שלאָס, אַף ריגל—און אַ קייט אַף וואַנט.
(עס באַווייזן זיך פון אַ געסל עטלעכע דורכגייער.

יינגלעך: (לאָזן זיך נאָך זיי מיט אויסגעשרייען)
— קוריער!
— אַן אָוונטבלאַט!
— קוריער!

קוריער!
(עמיצער פון די פאַרבייגייער קויפט א צייטונג. פאַרבייגייער פאַרשווינדן. די יינגלעך גייען צוריק אַף זייערע ערטער)

א יינגל: (ציילט זיינע צייטונגען)
— עס זיינען מיר פאַרבליבן דרייצן שטיק,
. קוריערן" פינף און „אָוונטבלעטער" אַכט,
מע דאַרף זיי זען פאַרקויפן.

אַ צווייט יינגל:
— מיר נאָר זעקס.

אַ דריט יינגל:
מיר אַכט.

אַ פערט יינגל
מיר פינף.

נאַפטאָלי:
מיר גאַנצע אַכצן שטיק!

אַ רויט יינגל: (שלעפט אַ פעקל פון שטיוול):
— פון אַלעמען פון אייך איז ערגער מיר,
עס ליגן אין מיין שטיוול נאָך פאַרפּאַקט
די „רויטע שטערנדלעך" אַף דין פּאַפּיר.

נאַפטאָלי:
פאַרשטעק זיי גוט. מע וועט דיך פּאַקן—יאַט!

אַ יינגל:
ניט זאָרגט—עס וועט זיך באַלד פאַנאַנדערגיין
דער פיינער אוילעם פון טעאַטער,
וועט יעדער וועלן קויפן זיך אַ בלאַט.
(עס גייט דורך וואַקלענדיק זיך אַ שיקער, לויטן אויסזען אַן עלטערער אַרבעטער)

שיקער:
דער געלער היצל—ברענען זאָל זיין קאָפּ!
ער זיצט זיך אין טעאַטער ברייט צעלייגט,
זיין פייגער זאָלן ראָבן פיקן אַפן מיסט!

נאַפטאָלי:
האָסט אויסגעטרונקען, פעטערל, אַ קאָפּ,
שוין בעסער גיי אַהיים און קריך אין בעט,
און וועגן וועלכן היצל רעדסטו דאָס?

שיקער:
דער וואָיעוואָדע, ברענען זאָל זיין קאָפּ!
צערייסן זאָלן הינט זיין אומריין פלייש!
די טעכטער, מיינע טייבעלעך... מיין זון...
(צעוויינט זיך אַפן קאָל)
נו וואָס איז מיר געבליבן? טפוי, טפוי, טפוי!
(שפּייט אין דער ריכטונג צום טעאַטער און שלעפּט זיך אַוועק זינגענדיק — קלאָגנדיק)
אָי טויבן מיינע, איך האָב אייך געקויפט
און איר וואָס פליט איר ניט?

אַ יינגל: (ווייזט אין דער ריכטונג צו דער טפיסע)
— מע שלאָגט זיי דאָרט?

---

*) דעקאָראַציע בילד איז דער פּראָלאָג צו דער פּיעסע „נאַפטאָלי באָטווין".
די פּיעסע ווערט איצט אויפגעפירט אין יידישן מעלוכע-טעאַטער פון ווייסרוסלאַנד.
אַלע אויפפירונג-רעכט געהערן דעמדאָזיקן טעאַטער.

**אַ צווייט ייִנגל:**

— און עסן גיט מען זיי?

**נאַפטאָלי:**

מע פייניקט זיי, מע מוטשעט זיי
מיט הונגער, דורשט, מיט אייזנס איבער לייב!

**דריט ייִנגל:**

מיט אייזנס איבער לייב? זיי וויינען שטאַרק?

**נאַפטאָלי:**

ניין, וויינען? באָלשעוויקעס וויינען ניט.

**ערשט ייִנגל:**

עס טוט דאָך וויי!

**נאַפטאָלי:**

נו וואָס? נו טוט זיי וויי!
אַ באָלשעוויק צעוויינט זיך ניט ווען ס'טוט אים וויי.
און... איך וויין אויך ניט ווען עס טוט מיר וויי.

**רויט ייִנגל:**

און איך וויין יאָ.

**אַ ייִנגל:**

איך שריי!

**צווייט ייִנגל:**

איך אויך.

**נאַפטאָלי:**

און זיי
זינגען!
אין פינצטערניש, אין קאַמערן, באַנאַכט,—
אַ פּאָנים זעט קיין פּאָנים ניט,
זינגען זיי:
„שטייט אויף איר אַלע ווער ווי שקלאַפן"...
איך הער דאָס זינגען זייערס נאַכט נאָך נאַכט.
אינמיטן שלאָף נאָך האַלבנאַכט הער איך דאָס געזאַנג

**ערשט ייִנגל:**

כ'הער אויך—כ'האָב יעדע נאַכט געהערט געזאַנג,
נאָר ניט געוווּסט, אַז ס'איז אַזאַ געזאַנג,
וואָס באָלשעוויקעס זינגען דאָס באַנאַכט.
(ס'קומט אַן אַ פּאָליציימאַן)

**פּאָליציימאַן:**

אַנו, טייוואָלים! הינטיש בלוט, מאַמזיירים!
באַווייזט נאָר וועלכע צייטונגען פאַרקויפט איר.—
דעם אומלעגאַלן „רויטן שטערן" האָט איר?
(ער נעמט ניִשטערן זייערע בלעטער. נאַפטאָלי שטופּט מיטן פוס דעם רויטן ייִנגל. פּלוצלינג גיט זיך נאַפטאָלי אַ ריס אַרויס פונם פּאָליציימאַן און הויבט אָן לויפן. דער פּאָליציימאַן בלייבט אַ ווײַלע צעטומלט פון איבעראַשונג, דאַן נעמט ער זיך יאָגן נאָך נאַפטאָלין).
העי, שטיי דו הינטיש בלוט, דו הערסט? כ'וועל שיסן!
איך זאָג דיר שטיי! איך וועל דיר באַלד באַווייזן—
דו ווערסט מיר „רויטע שטערנס" דאָ פאַרקויפן!
איך וועל דיין מאַמעס מאַמען!
(נאַפטאָלי יאָגט זיך אַלץ מיט אים, באַר זעענדיק, אַז דאָס רויטע ייִנגל האָט זיך שוין אָפּגעטראָגן, בלייבט ער שטיין)

**נאַפטאָלי:**

נו וואָס יאָגט איר מיך?
נאַ זעט—אָט האָב איך אַ דערלויבעניש
אַז כ'מעג פאַרקויפן צייטונגען אין גאַס...

**פּאָליציימאַן:**

די „רויטע שטערנס" גיב אַהער, דו מאַמזער!

**נאַפטאָלי:**

די רויטע שטערנס זאָל איך געבן אייך?
איר ווילט, אַז איך, אַ קליינס אַזאַ ווי איך
דערלאַנגען זאָל דעם הימל אייך צוליב,
און רויטע שטערנס ברענגען אייך פון דאָרט?
און וואָס באַדאַרפט איר זיי? זיי וועלן בריען אייך,
זיי וועלן ברענען אייך די פינגער—זעט,
די שטערן זיינען פייער —
(באַווייזט אים אפן הימל).

**פּאָליציימאַן:**

אָט אַ הינטיש בלוט!
אַהער די „רויטע שטערנס", זאָג איך—גיכער!
(ער נעמט באַזוכן נאַפטאָלין, נישטערט דורך זיינע צייטונגען, זוכט אין די טאַשן, אין די שטיוול, אין היטל, אין דערזעלביקער צייט מאַכן די ייִנגלעך קאָמישע גרימאַסן אונטער דעם פּאָליציאַנטס פּלייצעס. אייבער לייגט אים עפּעס אין טאַש אריין)
דו האָסט דאָך קיין שום זאַך ניט, קליינער מאַמזער
פאַרוואָס ביסטו פאַר מיר אַזוי אַנטלאָפן?

**נאַפטאָלי:**

איר האָט אַ נאָז אַ רויטע, פאַניע פּאָליציאַנט,
האָב איך געמיינט, אַז איר זייט שיקערלעך
און יעדער שיקער וואַרפט אַף מיר אַ שרעק.

**פּאָליציימאַן:** (נעמט אָן נאַפטאָלין פאַר אַן אויער)

גערענק! מע וועט די הויט אַף אייך צעשינדן!
איר, באָלשעוויקעס קליינע, הינט, מאַמזיירים!
(גייט אוועק. די ייִנגלעך שטיקן זיך פאַר לאַכן
עס קומען אָן וואַלצער און צעכנאָווסקי)

**וואַלצער:**

אַ נו, אַ רעכטע צייטונג האָט איר יאַטן?

**אַ ייִנגל:** (לויפט צו)

קוריער! אַן אָוונטבלאַט! די לעצטע נייַס!

**צעכנאָווסקי:**

איר מוזט אַ מאַסע געלט פאַרדינען, כעוורע.
פאַראַן אַ גרויסער אוילעם אין טעאַטער?

**נאַפטאָלי:**

פאַראַן. דער געלער היצל איז דאָרט אויך פאַראַן.

**וואַלצער:**

פאַראַן דאָרט ווער?

**נאַפטאָלי:**

דער געלער היצל, נו!
דער וואָיעוואָדע, ברענען זאָל זיין קאָפּ,
צערייסן זאָלן הינט זיין אומריין פלייש!

**וואלצער:**

דער וואָיעוואָדע... גו דערלאַנגט אַ צייטונג.

**נאַפּטאָלי:**

איך ווייס, וואָס פאַר אַ צייטונג איר באַדאַרפט.

**וואלצער:**

וואָס פאר אַ צייטונג דאַרף איך לויט דיין מיינונג?

**נאַפּטאָלי:**

(באַווייזט מיט אַ ווונק אַפן הימל)

אַזעלכע... עמעס? באַלד באַקומט איר. רויטער, העי!

**וואלצער:**

פון וואַנען ווייסטו?

**נאַפּטאָלי:**

איך בין אויך אַ באָלשעוויק!
און מאָנטיק, דינסטיק גיי איך אין פאַבריק,
אַ שאכטלמאכער וועל איך ווערן דאָרט.

(דאס רויטע יינגל קומט צו)

העי יאַט, פון שטיוול שלעפ אַרויס אַ בלאַט.

(יענער נעמט אַרויס פון שטיוול צוויי צייטונגען.
דערלאַנגט צעכנאָווסקין און וואלצערן)

**וואלצער:**

אין שטיוול האַלט איר זיי?

**נאַפּטאָלי:**

געוויס, ווי דען?
אָט ערשט האָט פאָליציי בא אונדז געזוכט.
נאָר ניט געזאָרגט, ניט לאַנג שוין וועלן מיר אין
שטיוול האלטן זיי פאַרשטעקט. ניט לאַנג.

**צעכנאָווסקי:**

פאַרוואָס?

**נאַפּטאָלי:**

איך ווייס פאַרוואָס.

**וואלצער:**

וואָס ווייסטו יאַט?

**נאַפּטאָלי:**

כ׳ווייס אַלץ, די באָלשעוויקעס גייען פלינק,—
אַרמייער רויטע הונדערט טויזנט מאַן,
און פענער רויטע, הונדערט טויזנט רויט.
זיי שטייען שוין בא וואַרשע פאַר דעם שלאָס—
זיי וועלן גאָר אינגיכן זיין באַ אונדז—
איך ווייס. כ׳ווייס אַלץ. כ׳בין אויך א באָלשעוויק:

**וואַלצער:**

דו ביזט אַ וואָילער יאַט.

(ער און צעכנאָווסקי גייען אוועק. אין אַ זייטן-געסל. פון טעאַטער הערן זיך אָפּריסן פון ווולגאַ-רע אָפּערעטע-לידלעך געזונגען פון אַן אַקטריסע. פון גאַס קעגנאיבער באַווייזן זיך דריי עלעגאַנטע לייט אין צילינדערס. שיקערלעך אַ ביסל)

**1־טער צילינדער:**

אָי, מאלעצקא, מיין מאלעצקא זינגט דאָס:

(מאַכט נאָך דער אַקטריסעס באַוועגונגען).

און שאָקאָלאַד איז זיס,
נאָר זיסער מיינע פיס...

(די צייטונג-יינגלעך דערזעען די צילינדערס, לאָזן זיי זיך צו זיי).

**יינגלעך:**

—קוריער! קוריער!
אַן אָוונטבלאט!
קוריער!

(די דריי צילינדערס קוקן זיך ניט אום, גייען ווייטער מיט אַ טענצל צום טאַקט פון דער אָפּערעטן-מעלאָדיע).

**יינגלעך:**

—אַן אָוונטבלאַט!
—אַ קאַטאַסטראָפע!
—נאַכט-קוריער!
—קוריער!
—אַ צוג פון רעלסן!
—לעצטע נייס!

**נאַפּטאָלי:**

—די באָלשעוויקעס! לעמבערג אין געפאַר!
טראָצקי אַפן שלאָסבארג!

(די דריי צילינדערס שטעלן זיך אָפּ. קוקן זיך אָן)

**1־טער צילינדער:**

—אַפן שלאָסבארג? דאָ אף אונדזער שלאָסבארג?

**2־טער צילינדער:**

באָלשעוויקעס... זאָגסט א ליגן, קליינער?

(זיי נעמען בא אים צייטונגען און לאָזן זיך צ א לאַמטערן זוכן אין זיי. נאַפּטאָלי און די יינגלעך הויבן אָן אַוועקגיין).

**1־טער צילינדער;**

(שרייט אים נאָך).

דו האָסט אָפּגענאַרט, דו קליינער זשידעק!

**נאַפּטאָלי:**

כ׳האָב ניט גענאַרט, ניט אָפּגענאַרט.
זיי וועלן קומען, איר וועט זען.
זיי שטייען פאַר די מויערן,
זיי גייען אַפן שלאָסבאַרג.

(גייט אַוועק מיט די יינגלעך).

**1־טער צילינדער:**

אָט אַ שווינדלער, אַ זשיד אַ קליינער!

**2־טער צילינדער:**

(זוכט נאָך אַלץ אין דער צייטונג).

וואַרט, פאַראַן אין בלאַט דאָ עפּעס טראָצקי.

(די איבעריקע שטעקן אַריין די קעפּ אין בלאַט לייענען).

„טראָצקי... האָט... זיין ווייב... געשענקט
די קרוין פון דער צארינע"...
דער צאַרינעס קרוין געשענקט—נישקאָשע!
דאָס באַטרעפט אַן אָרנטלעך ביסל קרייצערס.

**1־טער צילינדער:**

הינטיש בלוט! פאַרוואָס בין איך ניט טראָצקי?
כ׳וואָלט געוווסט שוין ווען כ׳האָב צו שענקען...

אַ געשאַנק אַזא... אַ קרוין—צוויי קרוינען—
בילכער, כ'לעבן, ווי אַ ווייב—ניִשקאָשע!
קרוינען צוויי—אַ קרוין פאַר יעדן פיִסל—
(זינגט מיט דער מעלאָדיע, וואָס טראָגט זיך פון טעאַטער).
מאלעצקא, אָי מאלעצקא—
אַ טענצערין, אָי פיִסלעך!

2־טער ציליִנדער:
(כאַפּט אונטער די מעלאָדיע).
אָי הויבט זי זיי, אָי דרייט זי זיי!

3־טער ציליִנדער:
אָי דרייט זי זיי, אָי וואַרפט זי זיי!
(פאַר דער געלער שיין פון אַ לאַמטערן הויבן זיי אָן אימפּראוויזירן אַ טענצל צום טאַקט פון דער אָפּערעטישער מעלאָדיע, מאכנדיק דערביי ציניִשע גרימאַסן און באַוועגונגען. עס קומען אָן צוויי גאַסנמיידלעך).

1־טע גאַסנמיידל:
וויִלט איר פיִסלעך—
כ'וועל אייך געבן.

2־טע גאַסנמיידל:
און מערער נאָך ווי פיִסלעך!

1־טע גאַסנמיידל:
און הויבן זיי, און דרייען זיי.
(די צוויי מיידלעך שליִסן זיך אָן צו די מענער. דאָס טענצל ווערט לעבעדיקער. עס קומט פיאָנטקאָווסקי).

פיאָנטקאָווסקי:
אַף דער גאַס, איִנמיטן שטאָט און פראַנק און פריי:
איִן אַ צייט, ווען אונדזער העלדיִשע אַרמיי
ראַנגלט זיך פאַר פוילן, פאַר איך שטאָלץ און רום
קעגן די מאסקאלעס, קעגן באָלשעוויִק!
איִן אַ צייט, ווען יעדער מיט אַ פוילִיש האַרץ...

1־טע גאַסנמיידל:
(טאַנצט אים אַנטקעגן).
אָי פיִסלעך,
אָי הויבן זיך,
אָי וואַרפן זיך.
אָ, יאַנעק, וויִלסטו ווידער גיִסן
שאַמפּאַניער הייסן איִן מיין אויער?
(זי נעמט אים אונטערן אָרעם אין רעדל. די מעלאָדיע פון טעאַטער שטאַרקט זיך).
אָי שאָקאָלאַד איז זיס,
נאָר זיסער מיינע פיִס—
טראַלאַלא, טראַלאַלא—
אַן אָפיִצער, אַ פוילִישן,
אַ שליאַכטשיִק א מאזורישן
גיב איך מיינע פיִס—
שאָקאָלאַד איז זיס
טראַלאַלא, טראַלאַלא—!
(אַ קסיאָנדז קומט אָן).

קסיאָנדז:
(ציילעמט זיך איבער).
אָ פאָטער, זון און גייסט פון הייליִקייט!
די פאַלשע שלאַנג פון סדאָם שפּאַציִרט אַרום
אַף גאַס און שטיין פון פוילנס אַלטער שטאָט.

1־טע גאַסנמיידל:
(טאַנצט אים אַנטקעגן).
אָי פאָטערל,
אָי פיִסעלעך!

2־טע גאַסנמיידל:
אָי הויבן זיִך,
אָי וואַרפן זיִך!

קסיאָנדז:
אָ, פאָטער, זון און גייסט פון הייליִקייט!
אָ, יונגפרוי געטלעכע פון טשענסטאָכאָוו!
פון אַלע זייטן פלאַקערט פוילנס ערד,
דאָס לאַנד פון אַלטע פריצים ליִגט געשענדט,
דער מאָסקווער אַנטיִכריִסט, דער באָלשעוויק
פאַרברענט די שייערס פון דעם האַביעס הויף,
און ציִנדט דאָס ווידערשפּעניִק האַרץ פון כלאפּ,
דאָס פאָניִם פון דער מאַמע-ווייסל גליִט
פון בלוט און פלאַם און שאַנד פון רויטער פאָן.

1־טע גאַסנמיידל:
פאָטערל, גיי שלאָפן צו דער מאמע גאַטעס,
צו דער טשענסטאָכאָווער; זי איז א יונגע ווייבל,
זיבן הונדערט צוואַנציִק יאָר האָט זי איִנגאַנצן.

קסיאָנדז:
אָ, פאָטער, זון און גייסט פון הייליִקייט!
אַף אונדזער קירך און אירע טרייע זין,
אַף אירע דינער, די געהייליִקטע
האָט זיין פאַרסאַמטן בויגן אָנגעציִלט
אַ שוואַרצער סאָטן און אַ רויטער שעד,
די שליאַכטעס אַלטע פוילן ווערט געשטיִקט
פון אַ פאַרשאָלטענער דרייאייניִקייט—
פון קרומען סערפּ, פון האַמער און פון זשיִד,
און איר דאָ טרייבט גאָר אויסגעלאַסנקייט
איִנמיטן גאַס!

פיאָנטקאָווסקי:
(ציט זיך צוריִק פונם טאַנצנדיִקן רעדל מיט א געוויסער פאַרלעגנהייט).
זייט רויִק, ניט געזאָרגט!
כ'זאָג אייך, פאָטער, פוילנס שווערד איז שאַרף גענוג.
אונדזער ווייסער אָדלער מיט זיין שנאָבל-שאַרף
וועט נאָך אַלעמען צעפּיִקן זיי די קעפּ,
סאַי דעם כלאפּ און אַרבעטער און סאַי דעם זשיד,
(פאַרבייגייער שטעלן זיך אָפּ. עס ווערט אַ רעדל. פיאָנטקאָווסקי נעמט אָן די פּאָזע פון אַ רעדנער).
אונדזער העלדישע אַרמיי מיט שווערד און שפּיז
וועט זיי, די פאַרשאָלטענע, פאַרטיליקן.
(אייגער פונם רעדל זינגט ארויס דעם פּאַטריאָטישן הימן).

נאָך איז פּוילן ניט פֿאַרלוירן

(דער אוילעם כאַפּט אונטער).

ווי לאַנג, ווי לאַנג מיר לעבן,

**1־טע גאַסנמיידל:**

(מיטן זעלבן ניגון).

און פּיסעלעך אַ' הויבן זיך
און וואַרפֿן זיך און דרייען...

(די גאַסנמיידלעך פּרובירן אַפּסניי אָנהויבן א טענצל. עס קומט אָן דער פּאָליציימאַן. א ווילע שטייט ער, קוקט אָן דאָס בילד און שמייכלט).

**פּאָליציימאַן:**

אַנטשולדיקט, ערנווירדיקע און פֿיינע הערן.
ס'איז ליידער ניט דערלויבט אַף אונדזער גאַס אַזעלכעס,
וואָלט איר געוועזן פֿון האַמוין, פֿון פּראָסטע מענטשן,—
וואָלט איך געדאַרפֿט דאָ אַפֿן אָרט אייך אַרעסטירן.
וואָלט איר—אנטשולדיקט מיר—גאָר אַרבעטער געוועזן,
וואָלט איך געדאַרפֿט אייך עפּשער טאַקע גאָר דער-
שיסן.

(דער אוילעם הערט ניט אוף טאַנצן. די גאַסנ-מיידלעך מאכן אים גרימאַסן. און ווינקן צו אים מיט כויזעק).

איך בעט די הויכגעשעצטע הערן און די דאַמען,
צעגייט זיך! דאָס איז ניט דערלויבט—עס איז מילכאָמע!
דער פּאַן, דער וואָיעוואָדע, זיצט איצט אין טעאַטער
און קאָן באַווילן אַרויסגיין באַלד פֿון דאָרטן,
איז קאָן איך—ס'טוט מיר לייד צו זאָגן—ניט דערלויבן,
אַז איר זאָלט לענגער דאָ פֿאַרבלייבן, מוז איך בעטן:
צעגייט זיך, פֿיינע דאַמען און געשעצטע הערן!
איר פֿאָלגט מיך ניט, בין איך געצוווּנגען, קעגן ווילן,
צו האַנדלען שטרענג און נעמען זיך צו הילף מיין
פּייפּל.

(נעמט דאָס פּייפּל, וואָס הענגט אים אַף דער ברוסט און מאַכט זיך גרייט צו פּייפֿן. עס עפֿע-נען זיך ברייט די טויערן פֿון טעאַטער. א גרוי-סער אוילעם שיט זיך אַרויס פֿון זיי. פּלוצלינג ווערט פֿאַרלאָשן דער גרויסער לאַמטערן פֿאַרן טעאַטער און עס הערט זיך א שאָס. באַלד דערוי ווערט אַ מעהומע און א געלויף. עס הערן זיך אין טומל אויסרופֿן:)

— אַף טויט!
— דערשאָסן!
— דעם וואָיעוואָדע!
— אָט לויפֿט דער מערדער!
— כאַפּט אים!

(פֿון דער טיר קומט צעלויפֿן צעכנאַווסקי, נאָך אים אַ מעוואָלוואָלדיקער האַמוין. אינם האַמוין רייסט זיך אריין נאַפּטאַלי, און נאָך עטלעכע פֿון די יונגלעך)

**נאַפּטאַלי:**

(שרייט מיט אַלע קויכעס)

— די באָלשעוויקעס!
— די שטאָט פֿאַרנומען!
— די רויטע מאָסקאַלעס אין שטאָט!

**פּיאַנטקאָווסקי:**

(בלאָנזרנדיק מיטן קסיאָנדז צעטומלט)

וואָס? ווו? ווו זיינען זיי?

**קסיאָנדז:**

פֿאָטער, זון און גייסט פֿון הייליקייט!

**נאַפּטאַלי:**

די באָלשעוויקעס!
פֿערציק טויזנט מאַן!
אַפֿן גרינעם פּלאַץ!
אַפֿן שלאָסבאַרג!
דעם מאַגיסטראַט פֿאַרנומען!
שיסן אָפֿיצערן און גאַלאָכים!
קוריער! קוריער!
די שטאָט פֿאַרנומען!
פֿערציק טויזנט מאַן!
די באָלשעוויקעס!

(עס ווערט א מוירעדיקע פּאַניק. דער אוילעם לאָזט זיך לויפֿן אין אַלע זייטן. פּיאַנטקאָווסקי וואַרפֿט אַראָפּ פֿון זיך זיין אָפֿיצערישן מאַנטל און דעם הוט און אַנטלויפֿט מיט די לעצטע קויכעס. דאָסזעלבע טוט דער גאַלעך. צעכנאָווסקי באַנוצט זיך מיט דער פּאַניק און פֿאַרשטעקט זיך הינטער א טויער. דער פּלאַץ ווערט באַלד פּוסט נאַפּטאַלי נעמט דאַן דעם אָפֿיצערס און דעם קסיאָנדס קליידער, טראָגט זיי צו צעכנאַווסקין. יענער וואַרפֿט אָף זיך ארוף דעם אָפֿיצערישן מאַנטל און דעם הוט און נעמט גיין.)

**נאַפּטאַלי:**

און אייער כאַווער ווו האָט איר געלאָזט?

**צעכנאָווסקי:**

דאָרט אין גרינעם מויער באַם טעאַטער.

(נאַפּטאַלי לויפֿט שנעל, קומט פֿון דאָרט אַרויס מיט וואָלצערן אנגעטאָן ווי א גאַלעך. פֿון א זייטן-געסל שלעפּט זיך דער שיקער מיט זיין זינגנדיק-קלאָגנדיק ליד).

**נאַפּטאַלי:**

איך קאָן דאָ אַלע געסלעך, פּאַניע קסיאָנדז,
איך ווייס דאָ אַלע הויפֿן אָפֿיצער —
איר קאָנט מיר נאָכגיין אַפֿן טראָט.

**שיקער:**

אַ', טויבן מיינע, איך האָב אייך געקויפֿט
און איר וואָס פֿליט איר ניט?

**נאַפּטאַלי:**

אַהיים! די טויבן דיינע פֿליען שוין.

(שרייט)

די באָלשעוויקעס!
פֿערציק טויזנט!
די שטאָט פֿאַרנומען!

פֿ אָ ר ה אַ נ ג.

שמועל פערסאָוו.

# אין פּאָלעסיע.

I.

שוין עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד, ווי די באַן-סטאַנציע האָט געשראָקן מיט קלאַנגען, וואָס האָבן זיך געטראָגן אַהער, צום שטאָט צו, פאַרטעמפּטע, מעווזלווועלע און אַקשאָנעסדיקע.

ליגט די באַן-סטאַנציע קימאַט אַ צענדליק וויאָרסט פון שטאָט און דערקייקלט קלאַנגען נאָר מיטן שטויב פון באַלעגאָלישע טאראנטאסן, אָבער טאראנטאסן ווייזן זיך אַלץ ניט: עפּשער האָט באַן פאַרשפּעטיקט און עפּשער איז שוין אויס סטאַנציע. ווער ווייסט? נאָר אַזוי צו אַזוי: פּעניִמער זיינען דערשראָקן און אָנגעשטרענגט—אָט ווי אַ פּאָנים באַ אַ טויבן, און צעהיצטע מויכעס פאַלן אַף ווילדע און אויסטערלישע האמצאָעס:

— אַפּאָנים, אַז נאָך דער באַן-סטאַנציע איז שוין אַ נאָמען!.. טאַינעט קאַלמען קרוגליאק—דער איינציק-רויקער און געלאַסענער מענטש אין דער גאַנצער אופגערודערטער שטאָט. טאַינעט צו זיך אַליין. אַזאַ טעווע האָט ער: ריידן מיט זיך, הויך אַפן קאָל. נאָר מיטאַמאָל טוען זיך באַ אים אַ טרייסל די אַרונטערגעהאַנגענע באַקן, . אַזוי ווי זיי וואָלטן אַ שמייכל געטאָן—איִנדערעמעסן נאָר אַ ספאַזמע—און אים ווילט זיך שרעקלעך וויסן:

— וווהין איילט דאָס כאַראָן, אָט דער קוריער פון טשעקאַ?

בלייבט שטיין קרוגליאק אין מיטן גאַס, הערט זיך צו, ווי דאָס האַרץ קלאַפּט באַ אים גיך און אומרויִק, און אַ קליין מאַכשאָוועלע פליט דורך, ווי אַ פליג:

— אַ טשעקיסט ווייסט מיסטאָמע נייס אַסאַך.

נאָר באַלד טוען אַ שמייכל זיינע אַלט-באָכערישע וואָנצעס און נאָך דער פליג זשומעט דורך נאָך אַ גרעסערע פליג:

— אויך. מיר אַ טשעקיסט. ניט מער ווי אַ דיל-קערער באַ זיי!

און אַזוי ווי כאראן איילט, און דאָס טופּען פון זיין הילצערנעם, צוגעבונדענעם פוס קלאַפּט עפּעס מיט אַ אויסערגעווייַנטלעכער פלינקייט, כאַפּט אַרום קרוגליאַקן אַ שאַרפער נייגיר און מיט טריט צעשפּרייטע און צעוואָרפענע לאָזט ער זיך איבערן גאַס און וואַרפט אויסגעשרייען:

— כאראן, כאַוועך כאראן!...

הערט ניט קיינעם כאראן. זעט ניט קיינעם כאַראן. דאָס קלעצל פון זיין אָפּגעשאָסענער פוס קלאַפּט ריטמיש איבערן הילצערנעם טראָטואַר פון צוויי אויסגעצויגענע ברעטער און דער קאָפּ זיינער טראַכט וועגן איינזונייִנציקן געדאַנק:

— אַף אַ רעכטן איינפאַל געפאַלן. דאָס קאָן נאָר אַ פאָרזיצער פון טשעקאַ!

טוט ער אַ טאַפּ דאָס פאַנאַנדערטראָג-ביכל, דערקונדיקט זיך, אַז עס ליגט בעשאָלעם אונטערן פאַכווע און טוט עס אַ דריק צו אַזוי, ווי אונטער דערדאָזיקער פאַכווע וואָלט געלעגן אַ טערמאָמעטער. קערט ער מיטן קאָפּ אַף רעכטס און אַף לינקס, ווערט איִנגאַנצן זיכער, אַז קיינער איז ניטאָ נעבן אים. באַשליסט ער, אַז איצטער ערשט קאָן ער וועגן עפּעס אַ טראַכט טאָן. וואָרום ווער ווייסט? עפּשער זיינען פאַראַן אַזעלכע מענטשן, וואָס זיינען מעסוגל אונטערהערן געדאַנקען, ווער ווייסט?...

טראַכט ער:—וואָס פאַר אַ רוישעם עס וועלן דאָס מאַכן זיינע עטלעכע געציילטע ווערטער, וואָס ער וועט איבערגעבן בישטיקע און פערזענלעך דעם כאַווער פיליפּטשוק—אַזוי האָט אים עטלעכע מאָל נאָכאַנאַנד איבערגעכאַזערט דער פאָרזיצער: „געהיים, פערזענלעך דעם כאַווער פיליפּטשוק“. און באַ יעדער וואָרט האָט דער פאָרזיצער אַ שורע איבערן טיש געקריצט מיטן פאַרוואָקסענעם נאָגל פונם גראָבן פינגער—מיטן נאָגל די ברייט ווי אַ פערדישער צאָן. דעמאָלסט איז כאראן געשטאַנען אַ שווייגנדיקער, מיט די פאַרוואַקסענע ברעמען געשלונגען דעם אָנזאָג, און גיך אָן ווערטער, אָן אַ זיי-געזונט די צוגעהויקערטע פּלייצע אַ קער געטאָן און אַוועקגעהילכט איבער די דילן פון טשעקאַ און פון דאָרט - איבער טרעפּ, און דערנאָך מיטן גאַס איבער צוויי אויסגעצויגענע ברעטער.

און קרוגליאק איז עפּשער גאַנצע פינף מינוט געשטאַנען אָפּהענטיק, ניט געקאָנט אַלץ באַנעמען די האָזע פון אָט דעם יידן, דעם קאַבצן. וואָס האָט אַזוי גיך פאַרגעסן אָן אַמאָליקן באַלעבאָס—באַ וועלכן אָט דער כאראן האָט דאָס געגעסן ברויט מיט אַ פולן מויל. און ביכלאל, וואָס איז דאָס פאַר אַ שטאָט, אַן עלטערער ייִד זאָל גאָר דינען אין טשעקאַ. נאָר גלייך אַפן אָרט מאַכט ער באַ זיך אַ העסקעם, הויך, אַפן קאָל (אַזאַ טעווע האָט ער):

— וויבאַלד, אַז דער כאראן האָט ניט געענטפערט, איז דאָך דער עמעסער סימען, אַז זיי האַלטן זייער שמאָל און עפּשער איז שוין אַ נאָמען נאָך דער באַן-סטאַנציע.—און ער וויל שוין אַ לאַך טאָן מיט אַ קאָמעץ: כאָ, כאָ, כאָ. נאָר איִנמיטן דערינען דערטראָגט זיך אַ דינינקער און גיכער קלינגען פון אַ האלאָבליע-גלעקל און באַלד האָט דער ראָג אַרויסגעשמיסן טאַראנטאסן, געווייַנטלעכע שטעטלשע טאראנטאסן—געשפּאַנטע אין אָפּגעניצעוועטע און ביינערדיקע שקאַפּעס. וואַרפן אַרויס די אייזערנע רייפן געדיכטן, זאַמדיקן שטויב און לייגן עס אַוועק אַף קרוגליאַקס העל-זומערדיקן, טשעסוטשא-רעקל. רעגט דאָס זייער אוף קרוגליאַקן און ער באַשליסט די גאַס פאַרלאָזן. מאַכט ער אַ שטילינקן טראָט און באַלד נאָך איינעם—פּאַוואָליע—און איינצייטיק שנעלט ער אַרונטער דעם שטויב פונם רעקל. נאָר דאָ הערט זיך אַזוי דייטלעך אַ קאָל פון אַ טאראנטאסל אַראָפּ:

— כאַווער קרוגליאק, וואָס זענט איר עס אַזוי צוטרייסלט?

אין אַן אַנדער צייט, וואָלט אים קרוגליאַק גאָרניט געענטפערט. קרוגליאַק האָט פֿיינט אָט די געוועזענע שיק-יינגלעך, וואָס האָבן זיך איצטער אָנגעטאָן אין שינעלן, באַראַשקענע היטלען פֿונם געוועזענעם כאַיל—אַ טרופּע צו דורכרייסן זיך פֿראַנק און פֿריי אַפֿן פעראָן, אַפֿן בופֿער, אַפֿן דאַך פֿון אַ וואַגאָן—און האלטן אין די כאָליאַוועס גאַנצע פעק סאָוועטישע געלט-צייכנס. אין אַמאָליקע צייטן, וואָלט יעדער פֿון זיי געוווסט: ווער איז קרוגליאַק און ווער איז דאָסראָזיקע אופֿגעקומענע גווירל. נאָר איצטער, אַז די כעוורע קויפֿן די טייערסטע מאַפּטיירים, טראָגן אין זאַמשענע שיידלעך גאָלדענע זייגערס מיט פֿאַרמאַכטע דעקלעך פֿון ביידע זייטן און ווילן דאַווקע טאָן שידוכים מיט געוועזענע באַלעבאַטים, איז איצטער—וואָס זאָל מען טאָן?.. און דערצו ווער ווייסט נאָך אַזוי פֿיל נייס, וויפֿל אָט דידאָזיקע סאָכרימלעך? טוט טאַקע קרוגליאַק אַ שמייכל אין די אַלט-באָכערישע וואָנצעס אַריין און גייט צו האַרט צום טאראנטאסל:

— וואָס אזוי פֿאַרשפעטיקט? באַנדעס זיינען טאַקע אָנגעפֿאַלן אַף דער סטאנציע?

— אַף דער סטאַנציע? וואָס האָט איר צו דער סטאַנציע?

און גלייך אַפֿן אָרט שפּאַרט ער קרוגליאַקן אין פּאָנים אַריין אַ פֿאַנאַנדערגעעפֿנטן זילבערנעם פּאָרטסיגאַר—אַ גרויסן און אַ שווערן—ווי אַן עסריג-פּושקע. איז נאָך איידער קרוגליאַק ציט אַרויס אַ פּאַפּיראָס, קלאַפּט שוין דער זעקלער אַ מונדשטוק איבערן נאָגל פֿונם גראָבן פֿינגער, בלאָזט קייקעלעך רויך און טאַינעט:

— איר ווייסט כאָטש, אַז מאָסקווע האָט אַרויסגעוואָרפֿן אַ ניי וואָרט?

אַ ניי וואָרט? איך גלויב זיי ניט. ס׳איז ניטאָ באַ זיי בכלאל קיין וואָר וואָרט!

שמייכלט גאָר דער זעקלער צו זיינע אייגענע געדאַנקען און טוט זיך פֿון האַנאָע אַזש אַ הויב פֿונם טאראנטאס גלייך צו קרוגליאַקס פּאָנים:

— וואָס רעט איר? ניטאָ דאָך שוין מער קיין אָטריאַדן, ניטאָ דאָך שוין מער קיין רעקוויזיציעס. פֿאָרט אַקאָרשט דורך בריאנסק!—און מיטן שטיוול טוט ער אַ שטורכע דעם פעקל אין זייט אריין, אזוי ווי ער וואָלט זאָגן: אַ נו זאָג איידעס!..

פאטשט קרוגליאַק מיט די ליפּן, פרווט פֿאַנאַנדערויכערן דעם פֿאַרלאָשענעם פּאַפּיראָס און גיט זיך פֿונדעסטוועגן ניט אונטער:

— ניטאָ, זאָגט איר? דאָס איז אַן אָנשטעל,—טריפֿן זיינע ווערטער איינציקווייז און ניט געאיילט, ווי טראָפּנס פֿון אַ ברעג דאַך—אַז מ׳קאָן נאָך גאָר ניט וויסן, וואָס פֿאַר אַ געאוּלע די באַנדעס קאָנען ברענגען. איר מיינט, ס׳איז באַנדעס? דאָס איז דאָך דאָס ראָרף, דאָס טמעסע דאָרף...

— קרוגליאַק. איר זענט דאָך עפּיס אַ ייד, ווייסט איר כאָטש, וואָס באנדעס טוען מיט יידן? נאט, פֿאַרויכערט—שפּאַרט ער אַ שוועבעלע צו קרוגליאַקס פֿאַרעלטערטע וואָנצעס. נאָר דאָ האָט דאָס פֿערד אופֿגעהערט אָפּטרייבן מיטן וויידל די פֿליגן פֿון זיך און שפּריצלעך האַשטאָנע האָבן באשפּרינקלט קרוגליאַקס העלזומערדיקן׳ טשעסוטשא-רעקל. איבלדיק האָט דער רייעך געקיצלט קרוגליאַקן אין נאָז אַריין און אָן אַ האנט-שפּארעניש איז ער פֿון טאראנטאס אָפּגעטראָטן. אַ פּייף געטאָן האָט דער פֿורמאַן אַ גוטמוטיקן פֿייף—אַפֿילע צום בייטש-שטעקל ניט צוגעריהרט זיך—און אַ פֿייכטער פֿלעק איז געבליבן אף יענעם אָרט, ווו קרוגליאַק איז ערשט געשטאנען און א העסקעם געבעטן

.II

פּאַרטקאָם איז ניט מער, ווי אַ צימער מיט עטלעכע שטולן, צונויפֿגעשלעפּטע פֿון פֿאַרשיידענע באַלעבאַטישע הייזער. דעדראָזיקער צימער איז אַ באַראָמעטער, וואָס רעאַגירט אַף יעדער געשעעניש, וואָס עס קומט פֿאָר אין דעם גרויסן גוף פֿון דעמדראָזיקן ראַיאָן. איצטער קומט פֿאָר אַ פֿאַרברייטערטע זיצונג, שלעפּט מען אַריין נאָך פֿאַרשיידענע שטולן און פֿונדעסטוועגן קומט אויס דעם פֿאָרזיצער פֿון טשעקאַ זיצן אַפֿן פֿענצטער. דאָס פֿענצטער איז אַ ברייטס—אין דער ברייט פֿון דער וואַנט—אַן אַלטע געביידע. די פֿענצטער זיינען פֿאַרמאַכט, הענגט דער מאַכאָרקע-רויך אונטערן באלקן, אַזוי ווי אַ גרינער, דורזיכטיקער פֿאָרהאַנג און שטיקט נאָך מער דעם סעקרעטאַרס שווינדזיכטיקן האַלדז. און פּעניִמער זיינען צעהיצט, און קוילעס אַמפּערן זיך, און דער פֿאָרזיצער פֿון טשעקאַ שפּרינגט אַזש אַרונטער (אַזוי מיט אַ גליטש אַראָפּ) פֿונם פֿענצטער:

— קינד און קייט ריידן דאָך וועגן די קלאַנגען, און צו אַ קלאַנג מוז מען זיך צוהערן, ווייל א קלאנג פֿירט צו אַן איניען, ווי אַ פֿעדימל צו אַ קנויל...

אָט אַזעלכע ווערטער זעצט ער—פּאָשעטע און שטייפֿע—ווי טשוועקעס אין אַ וואַנט.

נאָר דער נער-קאָמיסאַר גיט זיך ניט אונטער. דער נער-קאָמיסאַר איז אויך אַ פֿאַרהאַרטעוועטער יונג און דערצו האָט ער דאָך אַ טעלעגראַם—נאָט, לייענט—אונטערגעשריבן פֿון לעניִנען און ציורופּען, אַז נערשטייער דאַרף איינגעפֿירט ווערן וואָס גיכער און וואָס פֿריער.

און פּאַרטקאָם באַשליסט:

אַזוי ווי נערשטייער איז דאָך אַ שפּאָגל-נייע דערשיינונג (לייענט אקאָרשט דורך לעניִנס ביכעלע, וואָס איז ניט לאַנג אָנגעקומען—„וועגן נערשטייער"), און אזוי ווי פּאָלעסיע האָט דאָך אויסשליסלעך אָרעמע, פּויערשע כאַטקעס, און אזוי ווי די באַנדע ציט יעניקע פֿון דאָרפֿישע טאַינעס, דאַרף דער נער-קאָמיסאַר נאָכאַמאָל דורכאַרבעטן די ציפֿערן און איינצייטיק לאָזן זיך איבער די דערפֿער, קעדיי צו דערוויזן, אַז נערשטייער האָט דאָך קוידעמקאָל אין זינען דעם דאָרף גופֿע.

דאָס איז בענויגייע נערשטייער.

וואָס איז שאַיעך וועגן דעם צווייטן פּונקט—„וועגן דערשטיקן די באַנדע", האָבן אַלע גלייך מאַסקים געווען מיטן טשעקאַ-פֿאָרזיצער, אַז יעדער שאָ איז טייער און מיטלען מוזן אָנגענומען ווערן דרינגענדיקע און געהיימע.

האָט דער נערקאָמיסאַר אַריינגעטראָגן אַן אויסבעסערונג:—ביטנאַי, אַז די נערשטייער-קאמפּאַניע ווערט ניט אָפּגעשטעלט,

און ער פֿאָרט אַרויס נאָך היינט אַפֿן דאָרף.—און דער טעכנישער סעקרעטאַר האָט אָנגעשריבן אַפֿן בויגן פּאַפּיר אַן איינאונאייניציק וואָרט: „געהיים", אונטערגעשטראכן דאָסדאָזיקע וואָרט מיט צוויי פֿעטע שורעלעך, און אין רובריק „באשלאָסן" געשריבן אַ פֿאָרשלאַג:

טייקעף מאָביליזירן די זעג-מיל. צו דער באַן-סטאַנציע אַרויסטרעטן ווי נאָר נאַכט וועט צופֿאַלן. און דורכפֿירן די אַרבעט ווערט איבערגעגעבן דעם כאַווער מאַקסים.

און דער כאַווער מאקסים איז גאָר געשטאַנען באם פֿענצטער, געשריבן מיט אַ פֿינגער איבער דער פֿאַרשוויצטער שויב, געשריבן פֿינף אויסיעס: ר.ס.פֿ.ס.ר., נאָר דערהערט זיין אייגענעם נאָמען, האָט ער זיך פֿון פֿענצטער אָפּגעריסן און צום סעקרעטאַר:

— איינענטלעך איז דאָס דאָך אַן אַרבעט פֿאַר טשעקאַ!—

נאָר טייקעף דאָס אַרמעיִש-כאַקענע העמדל אַרונטער אַ ציִ געטאָן אַזוי, אַז די פּלייצעס זיינען געוואָרן גרייט צו געשלעג און גלייך צוגעגעבן:

— מאַקסים איז גרייט!

האָט דער סעקרעטאַר א דאַרע, שווינדזיכטיקע האַנט צו מאַקסימען אַפֿן אַקסל אַרופֿגעלעגט און מיט דערדאָזיקער האַנט אַ פּאָר מאָל אַ פּאַטש, טאַקע איבערן אקסל:

— דו ביזט דאָך דאָרטן אַן אייגענער יאַט! און ביכלאַל...

פֿאַרגעסן האָט מאקסים די פֿינף אויסיעס אַפֿן שויב, און די אויסיעס האבן שוין געלאָזן ריטשקעלעך טרערן. בא מאַקסימען אין קאָפּ פּלאָנטערט זיך שוין דער גרויסער הויף פֿון דער זעג-מיל, פֿעלד, באַן-סטאַנציע, א פּאָזיציע הינטערן אנשיט פֿונם באַן-ליניע, א טראַסקעריי פֿון ביקסן-שלעסער. גייט ער צו צום טעלעפֿאָן-שאכטל, דרייט נאָכאַנאַנד, אַזוי ווי מיט קאַעס דאָס הענטל און ברומט אַריין אינם טרייבל:

— סטאַנציע, אייזנבאַן-סטאַנציע.

איז דער טשעקאַ-פֿאָרזיצער נאָכאַמאל אַרונטערגעשפרונגען פֿונם פֿענצטער און א ריס געטאָן דאָס טרייבל:

— ווהין קלינגסטו דאָס?

— אין ארטאָטשעקא.

— ביסט גאָר נישט קיין טשעקיסט!—און מיט א סוידעסדיק קאָל:—אַזעלכע יעדיעס ווערן ניט איבערגעגעבן דורכן טעלעפֿאָן.

האָט דער טשעקאַ-פֿאָרזיצער לעכאַטכילע אַ כאַפּ געטאָן אַ קופּקעלע פּליגן—וואָס האבן זיך צוגעריסן צו א פּיצעלע צוקער, טאַקע דאָ, נעבן סעקרעטאַר, פֿאַנאַנדערגענומען דעם פֿויסט און אַ שליידער געטאָן אָנם דיל די עטלעכע דערוואַרגענע פּליגן, און ערשט נאָכדעם האט זיך אף זיין פֿאַרהאַרטעוועטן פּאָנים באַוויזן אַ שמייכל און די ווערטער זיינען פֿונדעסטוועגן האַרטע און שטייפֿע, ווי טשוועקעס אין א וואַנט.

— אָרטאָטשעקאַ וועט שוין וויסן. ס'שטופּט זיך אַ קוריער פֿון טשעקאַ, דער הינקעדיקער כאַראָן, מיט א פֿאַנאַנדערטראָגביכל אונטערן פּאַכווע, פֿאַפּירלעך טראָגט ער פֿאַנאַנדער, נאָר דער כאראָן ווייסט שוין וואָס צו טאָן...

לאַכט מאקסים דאָרפֿיש, מיט א פּאַסעך, און איז איינגאַנצן מאסקים:

— אונדזערער א יאַט, זייער א ראַיעלער יאַט.

און דער טשעקא-פֿאָרזיצער, ווי ער וואָלט זיך געקליבן זאָגן א סאָד דעם סעקרעטאַר, בויגט ער זיך אַריבער איבער דאָס גאַנצע ברייט פֿונם טיש און קלאַפּט מיטן נאָגל איבער דעמדאָזיקן טיש, ער איז אימיצן מאַסרע:

— ס'איז אָנגעזאָגט געוואָרן, אז ס'דאַרף איבערגעגעבן ווערן: געהיים, פערזענלעך, דעם כאַווער פֿיליפּטשוק.

און מיטן נאָגל פֿונם גראָבן פֿינגער קריצט ער אויס דריי שורעס, טיפֿע שורעס איבער דאָס פּאָלירטע ברעט פֿונם טיש.

אַזוי קלאָר איז געוואָרן די לאַגע, אַז עמיצער האָט דעם פֿענצטער צועפֿנט און די שטולן זיינען שוין בעמיילע געבליבן ליידיק אין צורודערט...

·III

רוישט די דראזשקע פֿון אויספֿירקאָם איבער דער הויפּטגאַס, וואָס ציט זיך אַוועק ביזן פֿארשטאט און דארט, דורכן פֿארשטאט, רייסט זיך עס אַרויס אף אַ שאסיי-שליאך—וואָס דערלויפֿט אַזש ביזן וואקזאַל. מער נישט אַפֿן האַלב-וועג האָט דער שליאַך אַן אפקער—אזוי ווי אַן אַרבל פֿון אַן אפגעשאָסענער האַנט, ליגט דער אפקער, און ס'הויבט זיך אן דער אפקער דאָרט, ווו ס'שטייט א סלופּ פֿון אַ געוועזענעם וועג-ציילעם מיט אַ שמאַטקעלע אף אים—אַ שטיקעלע האַנטוך—וואָס באָמבלט זיך און זעט אויס ווי אַ קינד וואָלט מיט אַ הענטל געפֿאָכט. איז פֿון אט דעם ציילעם ציט זיך אַוועק דער אפקער אַזש ביזן סאַמע וואַלד און בעמיילע—שוין ביז דער סאַמע זעג-מיל. און ווי נאָר די דראזשקע האָט אַרויסגעטראַסקעט פֿון אַ הינטערן ראָג, האָט קרוגליאַק אַרונטערגעריסן דאָס שטרויענע פּאַנאַמקע, נאָר גלייך אַפֿן אָרט געבליבן שטיין עפּעס אין אַ פֿאַרלעגנהייט:

— קימאַט גאָר ניט געענטפֿערט. אַ גאַנצער מאַכער געוואָרן, דערדאָזיקער מאַקסים!

ווערגט ער אין האַנט דאָס פּאַנאַמקע און קוקט אַלץ אַהין, אָט ווו אַ שטויב יאָגט זיך מיט אַזאַ האַסט נאָך דער הילכיקער דראָזשקע, וואָס טאַנצט נאָך נאכן צאַפּלדיקן אגער. און ער וויל זיך דערמאָנען: ווען האָט דער אגערל אמאָל באַלאַנגט?

— ס'אַראַ אגער!—רעט ער אַרויס אפֿן קאָל און טוט אַ שמייכל.—ער שטעלט דאך טריט פֿלינקע און שטייפֿע, ווי דאָס מיידל, וואָס אַרבעט אין נערקאָם אף דער שרייב-מאַשין.

און די הויפּט-גאַס, וואָס איז בעטעווע געוואָינט צו רעדערקלאַפּעריי, צו אופֿגעשטייגטן שטויב, ווערט עפּעס אופֿגערעגט, בעשאַס ס'באַווייזט זיך די דראָזשקע, וואָס האָט אַן אויסזען פֿון אַ לענגלעכן בענקל, באַקלאַפּט מיט שוואַרצער, גלאַנציקער צעראַטע. פֿריער, באַטאָג, ווען די טאַראַנטאַסן זיינען פֿון באַן-סטאַנציע געפֿאָרן און גערוישט דעם שאָסיי איז אט דערדאזיקער רויש און דאָס פֿריילעכע קלינגען פֿון האלאבליע-גלעקלעך געווען מאַמעש אַנגענעם צו הערן. און צועפֿנטע קראָם-טירן האָבן דעם שטויב געשלונגען און איינער צום אַנדערן געשמייכלט:

— איז ווער זשע האָט עס אויסגעטראַכט, אַז באַנדעס גייען?

— אָט דעם קרוגליאַקן כאלעמען זיך שטענדיק וויסטע כאַלוימעס!

— ער כאלעמט דאך נאָך אַלץ וועגן דער זעג-מיל, וועגן זיינער.

נאָך די אומגעריכט פאַרבייגעפאָרענע דראָזשקע רופט אַרויס כשאַד און אָנשטרענג און קרעמער ווערן צוטומלט:

— וואָס, ווידער עפּעס אַ נייע צארע?

— וואָס פאַר אַ צאָרע? מאַקסים איז דאך גיט פון טשעקא!

— איר רעכנט, אַז מ'איז שוין פון די באַנדעס פּאָטער געוואָרן?

— ווּעמען, ווּעמען, אונדז יידן וועט קלעקן!

און אַ קרעמערשער זיפּץ—אַן אַמאָליקער, איינגעוואָרצלטער זיפּץ קייקלט זיך פון קראָם צום קראָם, פון טישל צו טישל און ניט ניכע ווערט דער פאַטענט, און געוויינטלעכע קרעמערשע מאָכעשכוירע רופט אַרויס אַ קנייטש אַף אַ פאַרדאיגעטן, קרעמערשן פּאַרצעף. איז וואָס טוט אַ קרעמער? אַ קרעמער טוט אַ וויש אַ פּאָר פינגער אינם שויב, קערט זיך אפּ מיטן פּאָנים צום ווינקל, ווו עס שטייט דאס פעסל מיט אייל, און הויבט אָן שעפּטשען מינכע.

דערעסט מאַקסימען דאס קאָפּ-שאָקלעניש פון די אָפּעגע קראָם-טירן און מיט אַ פעסטערן צי פון די לייצעס צווינגט ער דעם אָגער שטעלן פלינקע און געטאָקטע טריט. רייסט זיך דער אָגער, טרייבט אַ ווינט צוריק, און דערדאָזיקער ווינט פרישט דעם געשטופּלטן פּאָנים מאַקסימס. און אז אַ פּאנים איז אָפּגעפרישט—טראַכט זיך גרינגער וועגן דעם ביכעלע—„וועגן נערשטייער". אַזאַ דאר ביכעלע און האָט אופגעטרייסלט דאָס גאַנצע רעסעפּעסערע! מאַקסים איז ביכלאל ניט געוואָינט צו לייענען. מאַקסים האָט זיך זייער גוט אויסגעלערנט האַלטן אַ ביקס. האָט ער טאַקע גאַנצע דריי יאָר נאָכאַנאַנד אפּגעוואַלגערט זיך אין לייזיקע וואַגאָנעס, אף זומערדיקע און אף ווינטערדיקע פעלדער און ניט צעשיידט זיך מיט דער ביקס, אזוי ווי מיט דער שינעל. נאָר איצטער, אַז אַרמיי האָט אַ שליידער געטאָן צוריק אין די היימישע געגנטן, און פאַרטקאָם וואַרפט אַריבער פון אַרבעט אף אַרבעט, קומט אויס בעמיילע לייענען אַ ביכעלע—לעניִנס ביכעלע—וואָס קריצט ווערטער אין מויעך, אַזוי ווי טשעקא-פאָרזיצער שורעס איבער דעם פאַרטקאָם-טיש—ער געדענקט דאך בעפּיירעש: „צוויי הונדערט מיט פערציק מיליאָן פוד ברויט איז דאך ניט פיר הונדערט מיט דריי און צוואַנציק". אַזוי האָט לעניִן געזאָגט—און ער וויל זיך דערמאָנען נאָך אַ שורע, נאָך אַ וואָרט, נאָר דאָס צוהיצטע אגערל האַלט איין דעם טראָט און מיט צופרידענעם הירזשען גיט ער צו פאַרשטיין:

— באַרג אראָפּ!

פעסטער האָט מאקסים פאַרקלאַמערט די לייצעס, אַזוי, אַז די צוים האָט געשניטן דעם אגערס ווינקל-מויל און מיט אַ שטילינקן פייף:

— שטילער, שטילער!

אַזוי ווי אף אַ שנירעלע פאַלט אַרונטער פונם אגערס מויל ווייסלעכע שוים, די טלאָען טרעטן פאָרזיכטיק, און די דראָזשקע ניט זי קייקלט זיך, נאָר זי טאַנצט אַרונטער באַרג אַראָפּ, אין פאָרשטאָט.

אונטערבאַרג זיינען די הייזלעך געדעקט מיט שינדל, מיט ברעטער, און אן אויסזעען האָבן די דאָזיקע הייזלעך, אזוי ווי דער כאַראָן, בא וועמען איין פלייצע איז העכער פון דער אַנדערער. קאַבצאָנישע פארשטאָט: פעלן קלייטן. ניטאָ קיין קאָפּשאקלעניש פון צועפּנטע קרעמלעך. ניטאָ קיין וויטרינעס מיט אויסגעשטעלטע צוקער-געבעק, פארביקע טאַשמעס, גלאַנציקע קעמלעך, אויסגעפוצטע טראַנטעס. טוט עס האַנאָע מאַקסימען, וואָס פאַרשטאָט האָט זיך ניט צוגעריסן צום נעפּ, אַזוי ווי דאָרט, אף דער הויפּט-גאַס.

גאָרנישט האט זיך דאָ ניט געביטן: אָט שטייט כאראנס שטיבל-א בלינרע אף איין פענצטער און מיט אַן איינגעפאלענעם טויער—פונקט ווי פאַר די דייטשן, בעשאס מאקסים האט זיך אויסבאַהאלטן אין דעמדאָזיקן שטיבל. ער געדענקט אזוי קלאָר, אז דער טויער איז שוין דעמאָלט אויך אַזוי געלעגן אַן איינגעפאַלענער, מער נישט פאַרטשעפּעט אף איין קייטל, אזוי ווי עס הענגט אַ בעגעד אָן אַ הענגער. און דער הינקעדיקער כאראן פלעגט דאָס אָפּשטיין אַ לאַנגן זומער-טאָג—קלוימערשט קערלעך פון אַ זיפּ פאַרקויפט—אינדערעמעסן גאָר אכטונג געגעבן: פאָרט ניט אַ דייטש נישטערן איבער די הייזלעך?...

אַף אַ ווײַלינקע נאָר באַדעקט זיך דאָס געשטופּלט פּאָנים מיט דינינקע קנייטשעלעך, אָט דעמאָלט, בעשאַס ער דערמאָנט זיך אָן דער אָקאָרשט-פאָרגעקומענער זיצונג אין פאַרטקאָם, נאָר באלד ווערן די קנייטשעלעך נעלעם—אויס שמייכל—און עס ווילט זיך וויסן: פאַרוואָס זעט מען ניט קיין מענטש, פאַרוואָס זיינען פריזבעס אָן געלעכטער? און אַפילע אַ בילן פון אַ הונט הערט מען ניט. מער ניט הינער גראַבלען זיך אין זאַמד און לויפן אַרויס מיט אַ שטויב פון אונטער דער דראָזשקע, און אַ קאַץ האָט זיך אָפּגעשטעלט אינמיטן גאַס, געהאַט בעדייע אַ מיאַוקע טאָן און פונדעסטוועגן באַנוגנט זיך מיט אַ גענעץ. שטיל ווי אין דאָרף בעשאס שניטצייט. איז פאַרוואָס זשע פאָרשטאָט אזוי אַנטשטומט געוואָרן? ציט ער די לייצעס, רייסט זיך דער אגער מיט אַ פאַריסענעם קאָפּ און טראָגט זיך זייער האַסטיק: שפּרינגען הייזלעך צוריק, פאַרשווינדט אַ ברוגעס מיט אַן אופגעהויבענעם פלאָקן אינדערהויך, טאַנצט דורך אַ נעפּעש—אַן איינוּנייַנציקער נעפּעש אין דער לענג פון דער פאָרשטאָטישער גאַס, באַמערקט מאַקסים נאָר די הינקעדיקע פּוס, אַ פּוס וואָס האַלט אין איין אונטערטאַנצן און שטעלט טריט האַרטע, ניט קיין צונויפגעבויגענע, שטעלט ער אָט דעם אגער. און דער געשטופּלטער פּאָנים מאַקסימס קוקט אַף צוריק, דערוואַרט זיך כאראנס דערנעענטערן און שמייכלט אַזוי פּאַשעט:

— קריך אַפּן דראָזשקע, איך וועל דיך אונטערפירן.

וווּנדערט זיך כאראן, פאַרוואָס ווערט ניט ניספּאָעל מאַקסים פון אַזאַ פלוצלעכער און אומגעריכטער באַגעגעניש, און דער שמייכעלע מאַקסימס איז אַזאַ, ווי ער וואָלט אונטערווינקען: איך האָב דאָך נאָך פריער געוווּסט, אַז ערגעץ דאָ, וועל איך דיך אָניאָגן... פאַרלירט זיך כאראן, פינטלט אַזוי הילפלאָז מיט אַ ברעם און ווייסט ניט, וואָס צו טאָן: קריכן אַף דער דראָזשקע, אָרער בע-

סער שטופּן זיך צופוס? ער האָט פּאַשעט מוירע, אַז מיט דעם אונטערפֿאָרן וועט ער אַנטפּלעקן אַ סאָד... בייסט ער ווערטער—איינציקע, באַזונדערע, ווי אַן אונגערקע, מיט אַ כראָמץ.

— נאָענט... גאָר נאָענט... איך וועל זיך שוין צו פֿוס דערשלעפּן...

און דער געשטופּלטער פּאָנים לאַכט:

— אַנו, זאָג, וווהין איז עס נאָענט? איז ווידער אַמאָל מיט אַ כראָמץ:

— וועגן אַן אייגענעם איניען... דאָ, אַפֿן ברעג שטאָט... און מיטן אָרעם דריקט ער דאָס פֿאַנאַנדערטראָג-ביכל, און דאָ גלייך אַפֿן אָרט טוט ער אַ הויב די הילצערנע פֿוס, קעדיי מיט דער געזונטער אָפּקערן זיך אין אַ זייטיק געסל און פֿון דאָרט, דורך קאַנאָפּליע-פֿעלד, צום וואָקזאַל צו.

נאָר מאַקסים איז פֿון דראָזשקע אַרונטערגעשפּרונגען, נאָך איידער וואָס, ווען, אַ כאַפּ געטאָן כאַראַנען אַ הינטער, אונטער די פּאַכוועס (קימאַט דאָס פֿאַנאַנדערטראָג-ביכל אַרויסגעשטויסן) און אַוועקגעזעצט אים אַף דער דראָזשקע, ווי עס וואָלט געווען ניט כאַראַן, נאָר, אַ זעקל מעל. און מיטן געשטופּלטן פּאָנים:

— נו, און איצטער גיב פֿאַרויכערן.

האָט דער אַגער ווידער געטרייסלט דראָבנע טריט און כאַראַן שלעפּט פֿון די הויזן-קעשענעס אַ זעקעלע מאַכאָרקע, אַ געשוואָלן זעקעלע, אָט ווי טפֿילן וואָלטן דאָרט געלעגן. נישטערט ער אין די קעשענעס און געפֿינט אַ שטיקעלע צוקנייטשט צייטונג. דרייט ער אַ פּאַפּיראָס, די גרעב ווי אַ פֿינגער און נעצט עס מיטן צונג. און מאַקסים דרייט אַ „הינטיש-פּיסל“, רויכנט צו פֿון כאַראַנס צונויפֿגעשטעלטע דלאָניעס און האַנאָעדיק שווימט דער בלאָוולעכער רויך.

— כאַראַן,—פּלאַצט אויס פּלוצלונג אַ קאָל, אַז כאַראַן טוט אַ ציטער מיט אַן אַקסל—איך בין אָקאָרשט דורכגעפֿאָרן פֿאַרביי דיין כאַטע און האָב זיך דערמאָנט דעם זומער פֿאַר די דייטשן. אָט, ווען דו האָסט קלוימערשט קערלעך פֿון אַ זיפּ פֿאַרקויפֿט. אַ רעכטן פּאַלאַץ האָסטו!—שטיקט זיך דער רויך געמישט מיט אַ געלעכטער.

— פֿאַר מיר איז גענוג. אַליין, ווי אַ פֿלאָקן, אָן קינד און אָן רינד!

און ווייטער ווערט שטיל.

אין אַן אַנדער צייט וואָלט ער געפּלאַפּלט און געפּלאַפּלט. כאַראַן האָט ליב אַ שמועס טאָן, הי־פּראַט נאָך מיט אָט דעם שייגעץ—מיט וועלכן ער האָט צוזאַמען ברעטער געזעגט אַפֿן זעגמיל. נאָר איצטער איז ער דאַווקע ניט צופֿרידן פֿון דער גאַנצער באַגעגעניש. עפּעס אַזוי אומגעריכט איז אָנגעשפּרונגען די דראָזשקע און אַזוי פֿאַרדעכטיק האָט מאַקסים געשמייכלט. און וואָס איז דאָס פֿאַר אַן אויסשפּירן: „ווו איז דער נאָענט“?... וועמען אַרט עס, וווהין אַ קוריער שטופּט זיך!

און מאַקסים, אַזוי ווי ער וואָלט אונטערגעהערט כאַראַנס געדאַנקען, רייצט זיך ווידער אַ מאָל און דאַווקע מיט שמייכלדיקע ווערטער:

— איז וווהין זשע גייסטו דאָס פֿאָרט? ס'איז שוין דאָך אויס שטאָט!?

הייזלעך זיינען געבליבן אַהינטער, און דער באַרגיקער טייל שטאָט האָט אויסגעזען איצטער, פֿונדערווייטן, ווי דער גאָישער בייסאַלמען, פֿון וועלכן ס'בלייכט זיך אַף אַ שטיק מעהאַלעך דער אויסגעווייסטער קלויסטער. אַנטקעגן האָט זיך פֿעלד געשפּאַרט. באַ דער זייט, אַף רעכטס, האָבן זיך נאָך געצויגן די כאָרעוו געוואָרענע ציגל-זאַוואָדן—נידעריקע, צעפֿאַלענע ציגעלניעס, נאָר אינגיכן זיינען די ציגעלניעס אויך אַנטרונען געוואָרן, און אַנטקעגן האָט זיך געשפּאַרט אַ קאַנאָפּליע-פֿעלד, אַזוי ווי אַן ארויסגעשטאַרצטער בויך באַ אַ טראָגעדיקער יידענע אין די הויכע כאַדאָשים האָט אויסגעזען דאָסראָזיקע קאָנאָפּליע-בייט, נאָר אַרום איז געווען דופּטיק און זיסלעך: קאָנאָפּליע האָט געבליט!

שווינדלט כאַראַנען אין די אויגן, פֿון ניט געוויינטלעכער פּעלד-העלקייט. שווינדלט פֿון קאָפּ-אָנשטרענג און מאַקסימס קאַשעס. איז וואָס זשע ענטפֿערט מען מאַקסימען? ער ווייסט דען ניט, אַז מאַקסים איז אַן אייגענער מענטש, נאָך אַסאַך מער, איידער אַ סאַך אַנדערע באַלשעוויקעס? און עפּשער פֿאָרט גאָר מאַקסים אויך צום באַן-סטאַנציע, צו פֿיליפּטשוקן גופֿע, ס'כאַלעשט זיך אַ פֿרעג טאָן, טאַקע ניט מער, ווי מיט עטלעכע ווערטער „וווהין, צום באַן-סטאַנציע“? נאָר גיי פֿרעג, וועסטו דאָך מוזן צעבינדן די צונג... און טשעקאַ האָט פֿיינט לאַנגע צינגער!... נאָר האָט ער אַ געזונטע פֿוס, וואָלט ער אין איין רעגע אַרונטערגעשפּרונגען, טאַקע אָט איצטער, בעשאַס די דראָזשקע טראָגט זיך מיט אַזאַ האַסט. נאָר זיי אַ בעריע און שפּרינג אַרונטער, אַז נאָך דיר שלעפּט זיך אַ שווערע הילצערנע פֿוס. שטורכעט ער מאַקסימען אין פּלייצע, אַזוי ווי ער וואָלט אים פֿון שלאָף געוועקט:

— מאַקסים! שטעל אָפּ דעם אַגער.

נאָר די לייצעס ווערן נאָך שטייפֿער אָנגעצויגן און אַ צאַפּלדיקער אַגער האָט פֿיינט, אַז אין ווינקל-מויל שניידט, טאַנצן נאָך גיכער ווערבעס פֿאַרביי, און צוזאַמען מיטן ווינט שלאָגן זיך ווערטער אין כאַראַנס פּאָנים אַריין:

— עך, לאַזאַר, דו ביזט אַ וואָילער יאַט!

— האָב איך נאָר אַ געזונטע פֿוס, וואָלט איך דער ערשטער אנטקעגן די באַנדעס אַוועק!—און מיט אַ שפּיי דורך די ציין, מאַיסע פֿויער, שפּייט ער אויס דאָס פּיצעלע אָפּגעברענט ציגאַרקעלע.

אַזוי הייזעריקלעך איז דער קאָל באַ כאַראַנען, אַז מאַקסימען דוכט זיך אויס, עפּעס ציטערט באַ כאַראַנען אין האַלדז. ווערט שוין דער קאָל באַ אים פֿאַרדעכטיק:

— האָסט אויך מוירע פֿאַר באַנדעס?

— וואָס האָב איך, וואָס מוירע צו האָבן? די פֿאַרשטאָט האָט מוירע, מאַמעש אויסגעשטאָרבן, לויטער יידן!

אַ ברי געטאָן האָבן כאַראַנס ווערטער, אַ פּלוצלעכן ריס דעם מויעך, אַזוי, אַז מאַקסים איז פֿון דראָזשקע אַרונטערגעשפּרונגען און געוואָלט האָט מאַקסים אַריינקוקן כאַראַנען אין די אויגן אַריין. נאָר מער ווי פֿאַרוואַקסענע ברעמען האָט ער ניט געזען און בעמיילע איז שוין אויסגעקומען צוריידן צו די ברעמען:

— כאראן, דאָס קאַבצאָנישע פאָרשטאָט וועלן מיר פאַרהיטן. מיר! —

און די דראושקע האָט אַוועקגעטראַסקעט שנעלער און הילכיקער.

זיינען דאָך געדאַנקן ווי וואָלקנס — קומען אָן און ווערן פאַרשוווּנדן, האָט זיך באַ כאראנען אינם אָנגעשטרענגטן מויעך אַ העלער וואָלקנדל באַוויזן, און אַלץ העלער איז געוואָרן זיין שמייכל, און אַלץ דרייסטער איז געוואָרן זיין געדאַנק, און זייער פאַרשטענדלעך איז געוואָרן פאַר כאראנען דער גאַנצער איניען: די זעג-מיל וועט באַנאַכט אָנקומען צו דער באַן-סטאַנציע — דאָס גייט ער איצט איבערגעבן פיליפטשוקן — וועט אָנקומען אונטער דעם אָנפיר פונם כאַוועד מאַקסים.

האָט ער לעכאַטכילע אַ טראַכט געטאָן: איבערגעבן, אַז מאַקסים גייט מיט דער זעג-מיל? נאָר גלייך אַפן אָרט איז דער געדאַנק פאַרשוווּנדן געוואָרן: טשעקאַ-פאָרזיצער האָט מאַקסימס נאָמען ניט דערמאָנט און אָנזאָגן טשעקיסטישע ווערן אויסגעפילט פינקטלעך... האָט ער נאָר צו זיך אַליין אַ שמייכל געטאָן, אַזוי אַפן קאָל און מאַקסים האָט דעם קאָפּ אַ קער געטאָן: וואָס איז דאָס געווען, אַ שמייכל אָדער אַ הוסט?

נאָר גיי פאַרפיר אַ שמועס, אַז צייט איז קורץ, זייער קורץ...

אינגיכן האָט זיך באַוויזן דער אָפּקער, וואָס ליגט, ווי אַן אַרבל פון אַן אָפּגעשאָסענער האַנט, און דערפירט ביזן סאַמע וואַלד און בעמיילע — שוין ביזן סאַמע זעג-מיל.

אָפּגעשטעלט האָט זיך די דראָזשקע באַם כאָרעוו-געוואָרענעם ציילעם, ווו דער ווינט האָט געבאָמבלט אַ שמאַטקע — אַ שטיקעלע האַנטוך, און ס'דוכט זיך אויס, אַז אַ קינד פאָכט מיט אַ הענטל. האָט מאַקסים אַ דלאניע געשפּאַרט, אַ צוקאַרבטע דלאניע פון אַ לאַנגיאָריקן קלאַמערן אַ ביקס. און כאראנס פינגער האָבן זיך אויך ניט צענויפגעבויגן, אָט ווי אויסגעגראָבענע וואָרצלען וואָלטן עס געווען און ניט קיין מענטשלעכע פינגער. אָט אַזאַ ציי-געזונט האָט מען דאָס איינער דעם אַנדערן געשפּאַרט אָן ווערטער, און ניט געקוקט האָט כאראן מאַקסימען אין פּאָנים אַריין, אַזוי ווי פון בושע. נאָר אַז די דראָזשקע האָט זיך אַפּן אָפּקער געלאָזן, האָט מאַקסים עטלעכע ווערטער איבערן פעלד צעזייט;

— ביסט אונדזערער אַ יאַט! קאָנסט האַלטן אַ סאָד!

שווער צו זאָגן: כאראן האָט אונטערגעכאַפּט די ווערטער אָדער ניט. אַלנפאַלס, אינם מעוואָלוועלן קאָפּ איז אַלץ רייפער געוואָרן אַ געדאַנק, אַזוי ווי אַן אָנגעצונדענע ליכט, וואָס ברענט זיך פאַנאַנדער אַלץ העלער און ליכטיקער און געווען איז ער אַזאַ:

וועלן דאָרפישע שקאָצים פון דער זעג-מיל פאַרהיטן די יידישע פאָרשטאָט?

— פאַרהי-י-טן?

נאָר דער ווינט האָט דאָס וואָרט צוריסן אַף פיצלעך און עס האָט זיך באַקומען ניט מער ווי: אי-אי-אי... אַזוי ווי דער ווינט וואָלט כויזעק געמאַכט פון אָט דעם אַלטן יידן. איז ער נאָר אַ ווייליניקע, אַ רעגעלע געשטאַנען און נאָכגעקוקט, ווי אַזוי די דראָזשקע ווערט אַלץ קלענער און קלענער, און באַלד האָבן ווערטער געקלאַפּט אין קאָפּ אַזוי ווי טשוועקעס, און אין די אויערן האָט נאָך געקלונגען דעם פאָרזיצערס האַרטער קאָל: געהיים, פּערזענלעך, נאָר דעם כאַווער פיליפטשוק! אַ ריס געטאָן האָט זין דער אויבערשטער טייל פונם גוף און נאָכן אויבערשטן טייל האָבן זיך אַוועקגעשלעפּט צוויי פיס — אַ געזונטע און אַ האָלצערנע.

שטיל איז אין פעלד און ליידיק איז דער שליאַך. אַ ווינטל נאָר בלאָזט. אַ העל-בלאָיער ווינטל, נאָך וועלכן ס'איז שווער צו פאַרשטיין: ס'וועט זיין אַ רעגן, אָדער ס'וועט ניט זיין? קריכט פאַרנאַכט פון אַלע זייטן. און די ווערבעס וואַרפן אַזעלכע ברייטע שאָטנס, ווי ניט קיין ווערבעס וואָלטן עס געווען, נאָר סטויגן היי. שטעלט ער צו אַ דלאניע איבער די אויגן, מאַיסע דאשעק, און ער וויל זיך דערקוּנדיקן: זון וועט גיך פאַרגיין? פאַלט איין פּלוצלינג אַזאַ מאָדנער איינפאַל: אין אַזאַ צייט פלעגט ער דאָך אַמאָל מינכע דאַוונען!.. און ער וויל זיך דערמאָנען, ווי אַזוי איז דאָס פאָרגעקומען, אַז ער, אַן עלטערער ייד, האָט מיטאַמאָל אופגעהערט מינכע דאַוונען. נאָר אַ נייער געדאַנק אַ לאַנגער און אַ צעצויגענער, ווי זומערדיקער שפינוועבס ציט זיך פון טשעקאַ ביז דער באַן-סטאַנציע.

ערגעץ ווייט האָט זיך באַוויזן דער בלעכענער דאַך פון דער אַייזנבאַנישער וואַסער-פּלומפּ.

איבערן פעלד זיינען נאָך געלעגן פלעקן פון דער אַנטרונענער זון. —

### .IV

און די זעג-מיל האָט אַזאַ מין אויסזען:

שטייט אַ געדיכטער, פאָלעסיער וואַלד מיט אַן אַרויסגעשטאַרצטער פּלייצע, ווי עס וואָלט זאָגן: אַנו, שפּאַר זיך אָן אָן מיר! איז די זעג-מיל צוגעפּרעסט זייער נאָענט צום וואַלד. פון דערווייטן דוכט זיך אויס, אַז עפּעס אַ געביידע קוקט פון וואַלד אַרויס. און אַ קימען האָט די זעג-מיל, האַגאַם אַ הויכן און אַ דינעם, נאָר אַ געמאַכטן פון בלעך. נאָכדעם ציט זיך אַוועק דער הויף: זייער צוצויגן אין דער לענג, אָבער דערפאַר ניט אַזוי צעוואָרפן אין דער ברייט. איז פון איין זייט הויף אַזאַ מין צודעק פאַראַן—פאַר פאַנערע—ניט קיין שפייכלער איז עס, נאָר אַ צודעק אָן ווענט, אַ דאַך אַף סלופּעס, אָט ווי אַן אָנגערוקטער דאַשעק. דאָס איז פון איין זייט הויף. און פון דעם אַנדער זייט — ליגן קלעצער אָנגעוואָרפן, איינע אַף איינע, יונגע מיט אַ פייכטקייט, און עלטערע, אויסגעטריקנטע און וואַרטן, אַז די זעג—אַ קיילעכדיקע מיט גלאַנציקע ציינער; ווי אַ גרויסער מאַצעשטופּל — זאָל זיי צופרעסן אַף ברעטלעך און ברעטער. און אויב נאָר די ברעט איז אַ גראָבע, ליגט עס אין שטאַבעלן, בישכיינעס מיט די קלעצער און וואַרטן אַף אָפּענע פּלאַטפאָרמעס (יענעם יאָר האָט מען פּלאַטפאָרמעס ניט אַזוי גרינג געקענט באַקומען). און אין מיטן הויף שפּראָצט ערגעץ אַ גרעזל, נאָר אַז אָך און וויי צו אַזאַ גרעזל, אַז שטענדיק פאָרן רעדער אַהין און צוריק און פיס טופּען אויך אַהין און צוריק. און האַרט באַם טויער שטייען צוויי געביידעס: פון איין זייט די קאַנטאָר — אַ

היפּשע געביידע, אַף עטלעכע פֿענצטער און מיִט אַ הויכן גאַנעק, און פֿון דעם אַנדער זייט די שמירע-ביידעלע—אַ פּיצל שטיבעלע, אַף איין פֿענצטערל, וואָס קוקט נאָר אין טויער אַריין. אָט אַזוי האָט אַמאָל קרוגליאַק געבויט זיין זעג-מיל; אָט אַזוי זעט איצטער אויס די פּאָלעסיער מעלוכישע זעג-מיל „די רויטע ראָזע".

אַפֿן טויער איז אַזוי דייטלעך אַ שילד פֿאַראַן:

„די רויטע ראָזע".

און געביטן האָט זיך ניט נאָר די שילד, און ניט נאָר דער באַלעבאָס, נאָר אַפֿילע די ברעטער-טרעגער און די קלאָץ-שלעפּער און די זעגער. די זעג-מיל האָט שטענדיק זיך באַנוגנט מיט קויכעס דאָרפֿישע, צופֿעליקע, וואָס קענען שלעפּן אַ קלאָץ און לייגן אַ ברעט אין שטאַבל. אין קרוגליאַקס צייטן, אַז פּאָלעסיע האָט אַ דעסיאַטינע ערד געטיילט אַף זעקס און אַף אַכט מיילער, איז דאָך שוין בעמיילע אויסגעקומען גאַנצע דערפֿערווייז—אַלע מאַנסבילן — אַוועקגיין אין וואַלד — אַפֿן זעג-מיל, צום דעסנע. נאָר איצטער, אַז איבערן דאָרף האָבן זיך צושאָטן נייע כאַטעס פֿון ניט געזעגטע קלעצער — סאָסנאָווע כאַטעס, ווי לאַטעס אַף אַ טונקעלן בעגעד, — און מעקענע ווערט שוין אין ברויט מער ניט געמישט, — איצטער פֿאַרלאָזן דאָס דאָרף נאָר יענע פּאַסטעלעס, וואָס האָבן ניט קיין פּאַסיקל ערד, וואָס מוזן צאָלן צו פֿיר אייער פֿון אַ הויף (אַזוי האָט איינגעשטעלט די סטאַטיסטיק עפּשער אין גובערניע און עפּשער אין צענטער).

איז וואָס זשע בלייבט צו טאָן:

פֿאַרשלאָגט מען טיר און פֿענצטער מיט ברעטלעך — אַף אַ ציילעם— אַ ברעטל אַהין, אַ ברעטל אַהער און אין דאָרף ווייסט מען שוין:

אַוועק צו „ראָזען"...

שלעפּט מען קלעצער, לייגט מען ברעטער אין די שטאַבעלן און פֿאַרנאַכט, אין פֿרייע שאָען האָט מען טאַינעס—איינער צום אַנדערן:

— ווו איז אַהינגעקומען די גאַנצע אָפּגענומענע ערד?

— און פֿאַרוואָס עפּעס צו פֿיר אייער פֿון אַ הויף?

— און פֿאַרוואָס דאַרף מען דאָס פֿירן האָלץ צום באַן אומזיסט?

— און אַ בילעט גיט מען דיר אומזיסט, אַפֿן באַן?

דאָרפֿישע טאַינעס גיבן יעניקע באַנדעס!

איז בעשאַס מאַקסים האָט צוגעבונדן די לייצעס צום גאַנעק-סלופּ, זיינען די זעגער געזעסן אַף די קלעצער און האָבן געפֿירט אַ פֿאַרנאַכטיקן שמועס און דער מאַכאָרקע-רויך איז געווען אַזאַ געדיכטער און אַ גרינער, ווי דאַמף פֿון אופֿגעקאָכטער קאַשע. מער ניט, דער פּויער באַ וועמען די באָרד זעט אויס, אַזוי ווי עס וואָלט געוועזן ניט קיין באָרד, נאָר צוגעקלעפּטער פֿלאַקס, האָט זיך אַ ביסעלע פֿון אָרט אַ הויב געטאָן, אַזוי אַז גאָר דעם פּאָנים מיט דער באָרד האָט ער אויסגעשטרעקט פֿאַרויס און אַ פֿרעג געטאָן:

— אַזאַ אָגער וואָלט ניט געקאָנט גיין אין שפּאַן אַף האָלץ פֿירן?

— אין שפּאַ - אַן? כי...

און ער האָט נאָך עפּעס געוואָלט זאָגן, נאָר גלייך אַפֿן אָרט באַקומען אַ שטורך איך זייט אַריין:

— ציט!

דערציילט האָט דער געוועזענער רויט-ארמייער אַ מאיסע, וועלכע ווערט דערציילט אַלע פֿאַרנאַכט. איין און דיזעלבע מאיסע: וועגן אַ קויל, וואָס ער האָט באַקומען אונטער אָמסק, פֿון קאָלטשאַקן. האָט זיך געטראָפֿן, אַז די קויל איז פֿאַרפֿליגן צו אים, צום רויט-אַרמייער אין אַ ווייך אָרט און איז דאָרט געבליבן זיצן. ניט אַהער און ניט אַהין. טראָגט ער זי ביז היינטיקן טאָג דידאָזיקע קויל. און אַלע מאָל, ווען דער רויט-אַרמייער שטעלט זיך אָפּ באַ דידאָזיקע ווערטער, רוקט זיך אַרויס דער פּויער, וואָס האָט אַ פּיצל נעזעלע און פֿרעגט אַלע טאָג איין און דיזעלבע פֿראַגע:

— וואָס זשע איז דאָס פֿאַראַ קויל, וואָס שיסט און דערשיסט ניט?

— דערפֿאַר האָט קאָלטשאַק די מילכאָמע פֿאַרלאָרן, וואָס ער האָט געשאָסן מיט אַזעלכע קוילן.

און דאָ וויל ער שוין באַווייזן דאָס ווייכע אָרט, קעדיי מ'זאָל מיט די אייגענע פֿינגער אָנטאַפּן דאָס האַרטע אַרבעסל, וואָס עס פֿילט זיך פֿון אונטער דער הויט, נאָר באַ דידאָזיקע רייד האָט זיך מאַקסים אין הויף באַוויזן.

געגאַנגען איז מאַקסים צוזאַמען מיטן קאָמקעמערל (אַ קאָמקעמערל — דריי מענטשן), פֿאַרויס האָט געשפּאַנט דער פֿאָרזיצער פֿון זאַווקאָם — אַ קאָמיוגיסט, און ערגעץ באַ דער זייט האָט זיך געשלעפּט דער פֿאַרוואַלטער, באַ וועמען פֿון אַ כאַליאַווע האָט געשטעקט אַ געלער, צונויפֿגעלייגטער אַרשין: אַזוי ווי דער פֿאַרוואַלטער וואָלט געגאַנגען אָפּלאָזן געהילץ, אָט דעם אָנגעקומענעם כאַוועך.

דער הויף האָט געמיינט, אַז עפּעס אַ געקומענער קאָמיסאַר איז געקומען די זעג-מיל באַקוקן, איז מען געזעסן קאַלטבלוטיקע, מער נישט אַ ביסל אָנגעשטרענגט פֿון נייגיר, און אַז דאָס קופּקעלע מענטשן האָבן זיך באַוויזן אינם אָנהויב פֿון הויף, אָט דאָרט, נעבן דער שמירע-ביידעלע, האָט עמיצער דאָ, אַף די קלעצער אַ זאָג געטאָן: (דאכט זיך דער פּויער מיט דעם רויטן קאָפּ).

געקומען צופֿאָרן. און צופֿוס קען דאָס ניט גיין?

— צופֿוס? און ווער וועט אַרומפֿאָרן קלייבן צו פֿיר אייער פֿון אַ הויף?

— כי!... שפּאַרט ערגעץ פֿון אַ זייט אַ דין געלעכטערל...

נאָר דאָס קופּקעלע מענטשן זיינען גאָר ניט געגאַנגען באַקוקן די זעג-מיל, אָפּגעשטעלט זיך דאָ, נעבן די קלעצער און דער ניי אָנגעקומענער האָט עטלעכע פֿינגער צום שלייף צוגעלייגט:

— גוט נ'אָוונט, כאַוויירים!

געענטפֿערט האָבן ניט אַלע. עטלעכע האָבן מיטן קאָפּ אַ שאָקל געטאָן, איינער האָט מיט ביידע הענט דאָס היטל אַרונטערגענומען, אַזוי ווי ניט קיין היטל וואָלט געוועזן, נאָר אַ קיילע, אַ קיילעכדיקע און באַלד מיט ביידע הענט און זייער פֿאָרזיכטיק צוריק דאָס היטל אָנגערוקט. איינער האָט אָפּגעענטפֿערט עפּשער גוטמוטיק און עפּשער מיט ביטל:

— נו, מיילע, זאָל זיין גוט ב׳אָוונט!

און אַרום איז ניט טונקל און ניט העל: די זון האָט שוין אַ וויַלע אַרונטערגעלאַזן און עס קלייבט זיך שוין געדיכטער פאַרנאַכט. זוכט מאַקסים אַ באַקאנטן פּאָנים פון אַמאָל, פון יענע יאָרן, בעשאַס ער אַליין האָט געאַרבעט באַ דער קיילעכדיקער זעג. קיין איין באַקאנט פּאָנים ניטאָ (אַ זעג-מיל איז דאָך ניט מער ווי אַ זעג-מיל: באַנוצט קייכעס דאָרפישע, צופעליקע, וואָס קאָנען נאָר שלעפן מאַסע). דער הויף איז דערזעלבער, די שטאַבעלן זיינען דיזעלבע, אַפילע דעם בלעכערנעם קוימען האָט מען ביז היינטיקן טאָג ניט איבערגעפאַרבט, נאָר פענימער זיינען אויסשליסלעך ניט באַקאנטע. איז וואָס בלייבט צו טאָן? קוקט ער אַפן סעקרעטאַר פון קאָמקעמערל און פרעגט מיט די אויגן: נו, וואָס כאַווער?

איז דער סעקרעטאַר טאַקע גלייך אַף אַ ברעג קלאָץ אַרופגעקראָכן און האָט געזאָגט דאָס, וואָס עס ווערט געוויינטלעך געזאָגט אין אַזאַ פאַל:

— דאָס וואָרט באַקומט דער פאָרשטייער פון פאַרטקאָם און אויספּירקאָם, דער כאַווער מאַקסים (די ווערטער האָט ער געזאָגט מיט פאַטאָס). נאָר דאָ האָט ער זיך אַף אַ ווייליַנקע פאַרהאַלטן, געוואָלט נאָך עפעס זאָגן, אַלנפאַלס אַ וואָרף געטאָן אַ בליק איבער די קעפ פון דעם אַרומיקן אוילעם אַהין, צום וואַלד צו און צוגעגעבן, נאָר שוין אָן פאַטאָס:

— דער כאַווער מאַקסים, אונדזערער אַ געוועזענער זעגער.

איז פונקט אַזוי ווי אין פאַרטקאָם, האָט אויך דאָ מאַקסים לעכאַטכילע אַ צופ געטאָן דאָס אַרמעיש-כאַקענע העמדל אַרונטער, אַזוי, אַז די אַקסלען זיינען געוואָרן העכער און בראַווער און אַפן קלאָץ האַווקע ניט אופגעהויבן זיך, נאָר דאָרט, ווו געשטאַנען, גלייך אנגעהויבן.

גערעט האָט ער ווערטער געוויינטלעכע, און מיט אַ קאָל אַזאַ געוויינטלעכן, אַז אַ זייטיקער מענטש וואָלט געקאָנט מיינען, עפעס אַ היגער זעגער דערציילט אַ מאַיסע. און גערעט האָט ער לעכאַטכילע וועגן דאָס ניי-ביכעלע, וואָס איז ניט לאַנג דערשינען — „וועגן נערשטייער״. אָט וועגן דאָס ביכעלע, וואָס האָט אופגעטרייסלט גאַנץ רעספּעסערע און האָט קירדעמקאָל אין זינען דאָס דאָרף גופע. דאָ האָט ער זיך דערמאָנט אָן די ציפערן און זיי גלייך אַרויסגעלייגט; נאָכדעם איז ער אַריבער צו די באַנדעס, וואָס צעשטערן דאָס דאָרף און לאָזן ניט רויק אופשטעלן דעם סאָוועטישן אופבוי, און נאָך האָט ער דערמאָנט וועגן אַ סאַקאָנע, וואָס לויערט איבער דער געגנט, איבער דער סטאַנציע, איבער דער זעג-מיל. און אַזוי ווי מאַקסים האָט דאָך גאַנצע דריי יאָר נאָכאַנאַנד געהאַלטן אַ ביקס אין האַנט, האָט ער שוין בעמיילע קיין דראָשעס ניט געקענט האַלטן, און אַפילע די הענט האָט ער אויך געהאַלטן אין די הויזן-קעשענעס. דאָס פאַרדריסט שוין דעם פאָרזיצער פון זאַווקאָם: וואָס הייסט? אַז מע האַלט אַ רעדע, דאַרפן די הענט אַרבעטן אין דער לופט—אַרוף און אַראָפּ אַזוי, ווי עס וואָלט וועלן אַ שייטל האָלץ צושפּאַלטן.

איז דעריבער, אַז מאַקסים האָט געענדיקט, האָט דער פאָרזאַווקאָם געהאַט בעדייע צושיטן זיך מיט אַ היציקער רעדע, אַזוי ווי ער טרעט אַרויס אַף פאַרמאַכטע פאַרזאַמלונגען פונם פאַרטקאָלעקטיוו, דאָרט אין שטאָט. נאָר דאָ האָט זיך גאָר אַרויסגערוקט דער פויער מיט דער פלאַקסענער באָרד, האָט אַ קוק געטאָן לעכאַטכילע אַף זיינע אייגענע באָרוועסע טריט, נאָכדעם מאַקסימען אין פּאָנים אַריין און אַ פרעג געטאָן:

— נו, און פיר אייער מוז איך פונדעסטוועגן צאָלן? מיינע גאַנצע אויפּעס איז דאָך ניט מער, ווי אַ האָן מיט אַ הענדל.

און די רויטע קאָפּ איז צוגעגאַנגען גאָר נאָענט צו מאַקסימען, אַפילע צו מאַקסימס העמדל צוגעריַרט זיך, אַזוי ווי ער וואָלט פרעגן: „וואָס עפעס רעכטע סכוירע״, נאָר געזאָגט האָט ער אָט וואָס:

— אַזא אגער ווי דיינער וואָלט צוניַץ קומען האָלץ פירן צום באַן, און דו לערן זיך גיין צו פוס...

— צו פוס! — כאַפּט אונטער עמיצער פון דער זייט. דו זאָגסט דאָך, אַז דו ביסט אַ אונדזעריקער!

— אַן אונדזעריקער! און האָלץ אומזיסט פיר! און אייער צאָל! — דאָ האָט ער, דער פויער מיטן פיצל נעזעלע, אַרויסגעשטעלט אַ פייג — וואָס האָט געשטאַרצט פון צווישן די פינגער, ווי דאָס פיצל נעזעלע באַ אים אַפן פּאָנים — און אין אַלע זייטן געטייטלט מיטן פייג און אַליין מיטן גאַנצן גוף אונטערגעטאַנצט: — נאַ, נאַ, נאַ!..

גערוישט האָט דער גאַנצער הויף. געשריען האָבן אַלע צוזאַמען, געוואָרפן האָבן זיך קוילעס פון צעפּאַטלטע בערד, און שווער איז געווען צו וויסן, וואָס וויל מען: ביזוואַנען עס איז ניט אַרויסגעטראָטן דער פויער אין דער הויכער קיילעכדיקער היטל—געמאַכט פון היימיש-דאָרפישן געוואַנט, האָט ער לעכאַטכילע אויסגעשטרעקט אַ פינגער און אָנגעזאָגט: — ציך! — און גלייך אַפן אָרט דאָס היטל פון קאָפּ אַרונטערגעריסן, אַ שליידער געטאָן דאָס היטל אָן דער ערד און מיטן פוס עס צוגעטראָטן. און דער קאָל איז באַ אים געווען אַ דינער, אַזוי ווי באַ אַ יונג הענדל:

— צום סטאַנציע גייען מיר ניט!

— ניע! — האָבן אָפּגעהילכט עטלעכע קוילעס.

און דער פויער מיט דעם פיצל נעזעלע איז ווידער אַמאָל אַרויסגעקראָכן פאָרויס, גענומען די הענט אין די זייטן, אָט, ווי ער וואָלט זיך אַ טענצל געלאָזן גיין און אַ מאַך געטאָן צו דער זייט פון זעג-מיל: — קומט רויכערן!

און די גאַנצע כאָפּטע האָט זיך אַ לאָז געטאָן אַהין, אָט ווו פריש-צעזעגטע ברעטער האָבן געוואַרט, אַז מ׳זאָל זיי צעלייגן אין שטאַבעלן, און דאָרטן, אַף די ברעטער, האָט מען זיך צעזעצט דרייען „הינטישע פיסלעך״

בלייבט אליין דאָס קופקעלע מענטשן, עטלעכע מענטשן—דאָס קאָמקעמערל. זעט מען, ווי דאָרטן אף די ברעטער ווערט אַ שווערבעלע אָנגעצונדן און טאַקע באלד פאַרלאָשן, און נאָך יעדער אופגעבליצטן שיין קריכט נאָך בוילעטער אַרויס די אָנגערוקטע נאַכט. פינטלען די „הינטישע-פיסלעך״ מיט זייערע פאַנאַנדערגעגליטע פייערלעך, אזוי ווי צושאָטענע פונקען פון אַ לויפנדיקן לאָקאָמאָטיוו.

איז מען נאָר איין וויילינקע אַזוי געשטאַנען, ווייל אינמיטן דערינען האָט זיך אַ ריס געטאָן דער קאָמיוגיסט, אַזוי ווי אַ דערטרונקענער רייסט זיך דאָס לעצטע מאָל אַפּן וואַסער אַרוף און אַ וואָרף געטאָן האָט ער זיך אהין צו די „הינטישע-פּיסלעך:

— כאַוויירים, וואָס טוט איר? אין אַזאַ צייט פּיפּקען גאָר ציגאַרקעס! כאַווירים!—האט ער נאָך אַמאָל אָנגעהויבן און געוואָלט צושיטן היציקע ווערטער, נאָר דאָ איז צוגעגאַנגען די פלאַקסענע באָרד, האָט אים אָנגענומען פאַר די אקסלען, א קער געטאָן מיטן פּאָנים צום קופּקעלע און לעכאַטכילע, אַזוי ווי ער וואָלט זיך בא אים בעטן:

— וואַסיוטקא, גיי בעסער ניט קיין געשלאָגענער.—נאָר באלד מיטן קני אַ שניט געטאָן וואַסיוטקען אין אַ ווייך אָרט או. שוין מיט רעציכע:

— גיי מאַמזער!...

באַ די ברעטער האָט זיך נאָך געהערט אַ געלעכטער. אַ טומל, נאָר דאָס קופּקעלע פון פינף מענטשן איז אין קאַנטאָר אַוועק.

געהאַט האט מאַקסים בעדייע אָנזאָגן אין שטאָט, אַז די זעג-מיל זיצט גאָר און פּיפּקעט „הינטישע פּיסלעך" און זאל שוין די שטאָט מאכן אליין דעם געהעריקן אויספיר, נאָר דער טעלעפאָן האָט געענטפערט מיט אַזאַ הודזשען, אַזוי ווי אַ קאליע-געוואָרענער גראַמאָפאָן שפּילט אף א ליידיק טעלערל.

.V

די נאַכט איז אַ סאָפּכוידעשדיקע.

אין אזעלכע נעכט איז פעלד אָנגעזאַפּט מיט זיסלעכער שיקרעס—קאנאפּליע בליט! נאָענטע דערפער טרייבן ארויס געפּענטעטע פערד אַף א דורכנאכטיקן פּיטער. דאַמאלסט צולייגט מען א שייטערהויפן דאָ ניט ווייט פון די געפּענטעטע פערד און טרוקענע צווייגלעך פלאצן מיט א פריילעכן קנאַק, אָט ווי מ'וואָלט ניס געשפּאָלטן.

אָט אַזעלכע נעכט זיינען אף פּאָלעסיע.

נאָר אין דעם באַרימטן זומער, ווען עס איז דערשינען לעניס ביכעלע „וועגן נערשטייער" האבן דערפער קיין פערד דורך-נאַכט שוין דאַווקע ניט געפּיטערט און ווי נאָר עס פלעגט אָנפויזן נאַכט, פלעגט דער דאָרף פאַריגלען טיר און טויער און הינט פלעגן שוין ליגן אינמיטן הויף און פון אָנשטרענגונג צאַפּלען מיט דער שמוציקער פעל... האָבן זיך געטראָגן קלאַנגען, אַז באַנדעס באַלעבאַטעווען אין פעלד פראַנק און פריי.

נאָר וואָס איז פאַר כאראנען פעלד?

שטופּט ער זיך פון באַן-סטאַנציע צוריק אין שטאָט, באַגעגנט ניט קיין איין מוטער-מענטש און הערט נאָר, ווי אַ ווינטל שויבערט דעם אַרום, אַזוי ווי דאָס ווינטל וואָלט ערגעץ אַ דרעמל געכאַפּט און אָטעמט נאָר דורך די נאָזלעכער. כאראן האָט נאָר איין געדאַנק, וואָס לאָזט אים ניט אָפּ, אַזוי ווי אַ זלידנע פליג: ער האָט מוירע, אז אין אייליעניש זאָל זיך דאָס פאַנאַנדערטראָגביכל אַליין פון זיך ניט אַרויסגליטשן פון אונטערן פּאַכווע בא אים און דאַמאָלסט האָט ער דאָך ניט קיין באוויז, אַז די שליכעס איז אויסגעפילט פּינקטלעך און וואָרט און וואָרט.

טוט ער אַ טאַפּ דאָס ביכל און דערמאָנט זיך גאָר אָן דער כסימע, וואָס פילִיפּטשוק האָט אַוועקגעלייגט מיט עטלעכע גרויסע אַמאַראַצישע אויסיעס. און בעשאס עס איז אויסגעקומען אַוועקלייגן דאָס לעצטע אָס, האָט פילִיפּטשוק גאָר אַוועקגעלייגט אַ דערטרונקענע פליג, און ס'האט זיך באקומען אַ פעטער פלעק. פאַרדריסט דאָס כאראנען. אייגנטלעך איז דאָך די כסימע ניט מער ווי אַ באוויז, פאַרן טשעקאַ-פאָרזיצער. אז כאראן האָט די שליכעס אויסגעפילט: „געהיים, פערזענלעך און נאָר דעם כאַווער פילִיפּטשוק". און פונדעסטוועגן פאַרדריסט אים, וואָס די דערטרונקענע פליג האט פאַרפלעקט דאָס בלעטל, ווי א טונקעלע בעלמע אַף א העל אויג. ווִיל ער זיך דערקונדיקן: האָט דער קלעק ניט פאַרשמירט דעם גאַנצן פאַמיליע-נאָמען? פאַלט ער צו אַף אַ קני, צינדט אָן אונטערן פּאָלע אַ שוועבעלע און וויל דאָס ביכל פאַנאַנדערפּענען. נאָר אַ ווינט פאַרלעשט דאָס שוועבעלע און לויפט א פאַרשייטער ווייטער אַוועק.

ווערט נאָך טונקעלער אַרום, זעען אויס די ווערבעס, וואָס לויפן מיטן שליאַך, אַזוי ווי טונקעלע נעפּאַשעס, וואָס זיינען אַף אַ קני צוגעפאַלן און לויערן מיט אַן אָנגעלאָדענעם ביקס.

איילט כאראן. שלעפּט ער מיט די גאַנצע קויכעס דאָס האָלצערנע פוס און דער גאַנצער גוף זיינער איז אַזאַ אנגעצויגענער, אָט ווי ער וואָלט געווען איין גרויסער אויער: אינגאַנצן אָנשטרענגן.

מיט אַמאָל דוכט זיך אים אויס, אַז עפּעס פיס טרעטן, בלייבט ער שטיין אַפּן אָרט און שטעלט אָן אַ אויער. איז טריט ניט טריט, נאָר עפּעס רוישט. נאָר גיי טרעף, פון וואָס פאַר אַ זייט, אַז אַרום—כאָטש אַן אויג שטעך אויס! לאָזט ער זיך ווייטער גיין. און די קליינינקע אייגעלעך זיינע, זיינען אַריינגעשטאָכן אין דעם אַנטקעגן און מיט דער נאָז שמעקט ער די לופט, און די אויערן-לעפלעך רירן זיך אַזש פון אָנשטרענגונג, דערזעט ער דעם סלופּ פון דעם געוועזענעם ציילעם. טוט ער אַ שמייכל: אַ העלפט וועג שוין דורכגעמאַכט! און ער וויל זיך שוין ווייטער לאָזן גיין, נאָר טריט טופּען שוין אַזוי שאַרף און אַזוי נאָענט, אַז זיינע אויערן לעפלעך הערן אַפילע דאָס טופּען פון שטיוולשע אָפּצאסן, פּרעסט ער זיך צו צום ציילעם, האַלט אטעם איין און נאָר מיט איין אויג וויל ער עפּעס דערזעען. זעט ער:

איבערן אָפּקער טרעטן אַ קופּקעלע מענטשן; טרעטן גיך, אין אַיילעניש און די ביקסן האַלטן זיי ניט אַפּן פּלייצע, מאיסע אַרמייער, נאָר איינגעקלאמערט אין די דלאַניעס, אָט ווי זיי וואָלטן מוירע געהאַט, אַז די ביקסן זאָלן זיך ניט אַרויסרייסן פון זיי. פאַלט איין כאראנען אַ געדאַנק: אַ סאָף! זיי וועלן שוין מיך קיין לעבעדיקן ניט אַרויסלאָזן.—און נאָר אַפּן פּאָנים ווייזט זיך אַ שמייכל בא אים. אַ שמייכל פון אַ פלוצלעכן איינפאַל: נִיילע, אַלציינס-אַליין ווי אַ פלאָקן. אָבער דערפאַר אַזא שליכעס אויסגעפילט.

— און דער שמייכל גייט אַלץ ניט אַראָפּ פונם פּאָנים. פון די ברעמען, פון דעם צואַקערטן שטערן. נאָר דאָ הערט ער ווי עמיצער וואַרפט ווערטער:

— איצטער איז שוין אַ קליינִקייט געבליבן. קאַרגע פינף וויאָרסט!

דוכט זיך אויס כאראנען, אַז עפּעס זייער אַ באַקאַנט קאָל. נאָר גיי דיר זיך פֿון אָרט, אַז דו קאָנסט גאָרניט וויסן, פֿון וואָס פֿאַר אַ זייט די קויל קאָן דיך ניט טרעפֿן! און כעוורע זיינען אַזוי נאָענט, אָט אַ צענדליק טריט. הערט ער, ווי עמיצער זאָגט:

— איידא, כאַווייריִם, איידא! — און דערדאָזיקער קאָל מאַכט שוין אַ טראָט, קעדיי אַוועקשפּאַנען צום סטאַנציע. — צייט איז קורץ!

מער איז שוין קיין צווייפֿל ניט געווען. און אויסגעדוכט האָט זיך אַלעמען, אַז דער צובראָכענער ציילעם האָט לאָשן באַקומען:

— מאַקסים!

אין איין רעגע איז דער סלופּ געוואָרן אַרומגערינגלט און ערשט איצט האָט מען דערזעען, אַז דער ציילעם האָט נעבן זיך אַ לעבעדיקן נעפֿעש; און דער נעפֿעש ניט ער בעט און ניט ער שרייט, נאָר אַזוי ווי ער וואָלט טאַינעס האָבן.

— מאַקסים. מאַקסים...

און מאַקסים וואַרפֿט ווערטער, גלייך אין דער פֿינצטערניש אַריין:

אָט בא וועמען זיך לערנען. — און טייקעף איז זיין קאָל געוואָרן האַרט...

— גיב איבער אין שטאָט, ווייסט דאָך וועמען, אַז צום סטאַנציע זיינען אַוועק אַ הייפֿעלע מענטשן, ניט מער ווי אַ הייפֿעלע: די קאָמקעמערל, דער פֿאָרזיצער פֿון זאַווקאָם—דער קאָמיוגיסט און איך. מער קיינער! פֿאַרשטאַנען? און איצטער איידא!.

די לעצטע עטלעכע ווערטער האָט ער שוין געוואָרפֿן אין דער קופּקעלע אַריין און איידער וואָס, ווען, האָבן שוין פֿינף פֿאָר שטיוול געקלאַפּט מיט די אָפּצאַסן איבערן שאָסיי, וואָס ציט זיך ביז דער סאַמע באַן-סטאַנציע.

מיט אַן אָפֿענעם מויל איז כאראן געבליבן שטיין: געשטאַנען עפּשער ניט מער ווי אַ מינוט, נאָר די מינוט האָט זיך געצויגן זייער לאַנג.

— איידא, כאַראָן!..

קימאַט אומבאמערקט איז דער וועג דורכגעלאָפֿן. אָט הויבט זיך שוין אָן פֿאָרשטאָט, באַקאַנטע פֿאָרשטאָט, שטיל, צוגעטוליעט, אנשטומט איז פֿארשטאט. קיין איין קאָל, קיין איין שאָרך, קיין איין פֿינטעלע אין אַ פֿענצטער. אָט שטייט דער ברונעם — אַ שווארצער קיווער מיט אַן אויסגעצויגענע האַנט אינדערהויך. פֿאַרווילט זיך גאָר כאראנען אַ טרונק. ערשט איצט דערפֿילט ער, וואָס פֿאר א טריקעניש איז אין מויל. דער גומען איז דאָך טרוקן און גלאַט, אָט ווי אַ שאָלעכץ פֿון אַן איי. באַשליסט ער אַהיים פֿאַרלויפֿן, אַף אַ רעגעלע נאָר, ניט מער ווי אויסטרינקען אַ קווערטל וואַסער און גלייך טאַקע לויפֿן ווייטער. פֿון אונטערן טויער איז אַ הונט אַרויסגעשפּרונגען, מיט אַ ביין צווישן די ציינער און ניט קיין ביל האָט דער הונט אַרויסגעלאָזן, נאָר עפּעס אַ ראַכמאָנעסדיק וואָרטשען: נעם ניט אָפּ קיין ביין!..

כאראן האָט זיך עפּעס דאַווקע דערשראָקן, אַזוי אומדערוואַרט האט זיך דער הונט אַף אים אַרופֿגעוואָרפֿן, האָט ער נאָר צו דער ערד זיך צוגעבויגן, קלוימערשט אַ שטיין אופֿגעהויבן, נאָר געשראָקן האָט ער מיטן ביכל:

— אַוועק דו, באַנדיט! אַף וועמען וואַרפֿסטו זיך?...

דער הונט איז אָפּגעלאָפֿן אַפֿן מיטן וועג, אויסגעצויגן דעם האַלדז און צוואָיעט זיך מיט אַ לאַנגן און ציטערדיקן קאל, ווי אין דאָרף פֿאַר א סרייפֿע.

— צו דיין קאָפּ!—האָט כאראן אויסגעשפּייט און איז אַוועק איבער די ליימענע טרעפּ, וואָס פֿאָרשטאָטישע פּיס האבן אויסגעטראָטן טופּנדיק אַרויף צו, אין דעם באלעבאטישן טייל שטאָט, פֿונוואַנען מ'האָט אַמאל געצויגן די כעיונע.

און ווי ער וואָלט וועלן אַ קוק טאָן אַף דעם דורכגעגאַנגענעם מעהאַלעך, קערט ער זיך אום מיטן פּאָנים צום פֿאַרשטאָט צו און דערזעט אַ שטיק באלויכטענעם הימל. אָט אַזוי זעט עס אויס: אַ הינטער אַ שטיק שוואַרץ-שטאָף האָט אימיצער אנגעצונדן א רויטן לאָמפּ, א געוואַלדיק-גרויסן לאָמפּ, וואָס ברענט מיט א ברייטן קנויטל איבער אַ שטיק הימל.

ווו-זשע ברענט דאָס?—רעט אַרויס כאראן אפֿן קאָל. און גלייך אפֿן אָרט וואַרפֿט ער מיט די געדאַנקען איבער דעם מעהאלעך און ווידער אַמאל צו זיך אפֿן קאָל:

— איך וואָלט שווערן, אַז ס'ברענט די זעג-מיל.

צוגעשטעלט האָט ער דלאניע צו די אויגן, מאַיסע דאַשעק, אַזוי ווי פֿאַרנאַכט אף שקיע געקוקט און ווידער אַמאָל געפֿרעגט:

— די זעג-מיל? און עפּשער גאָר די באַן-סטאַנציע? אַנשטאָט אַן ענטפֿער פֿאַלט גאָר אַ טראָפּן אַפֿן פּאָנים אַן ערשטער רעגן-טראָפּן, דערמאָנט דער טראָפּן, אַז ניטאָ וואָס צו שטיין, אַז צייט איז קורץ, אַלץ הייסט קורץ!...

דער אָפּשיין ווערט אלץ ברייטער און העלער. און כאראן איילט אין דער מיט פֿון דער גאַס און קאָן אלץ ניט פֿאַרשטיין: פֿאַרוואָס קלינגט מען ניט? פֿאַרוואָס איז ניטאָ קיין רויש פֿון אַן אופֿגערודערטער נאַכט? פֿאַרוואָס לויפֿן ניט קיין מענטשן ראַטעווען אַזאַ האב און גוטס? גייען די געדאַנקען צוזאמען מיט אים און עפּשער נאָך גיכער, ווי זיין האָלצערנער טראָט, וואָס קלאַפּט איצטער ווי אן אַקס אָן אַ ראָד, לויפֿן זיינע געדאַנקען. אַלנפֿאַלס, די געדאַנקען האָט אימיצער איבערגעריסן און צוזאַמען מיט זיי אויך דעם טראָט זיינעם:

— כאוועך כאראן, פֿונוואַנען איז דאָס אזוי שפּעט?

— האַ? ווער איז דאָס?

— איר דערקענט שוין קיין מענטשן ניט?—שמייכלען קרוגליאַקעס אַלט-באכורעשע וואנצעס און ער שפּארט א דלאניע אַ ווייכע און א שווייסיקע, ווי אַ פֿאַרלעגן שטיקל טייג. נאָר די דלאניע איז געבליבן הענגען אָן אַן ענטפֿער. און קרוגליאַק האַלט דעם קאָלנער אָנגעשטעלט, שמייכלט אַלץ מיט די וואָנצעס (זעען, זעט כאראן ניט, נאָר עס פֿילט זיך אין קאָל) און גיט צו פֿאַרשטיין:

— עפּעס שלאָפֿט זיך ניט, זיץ איך אַפֿן גאָנעק, לופֿטער דאָס הוילע האַרץ. בא מיר איז זייער אַ האָריק האַרץ. מיט אמאל

באווייזט זיך אַן אָפשיין. אַנו, טראַכט איך, ווו קאָן דאָס ברענען. איר ווייסט ניט, ווו עס ברענט?

איז בא כאראנען גאָר אַזאַ געדאַנק אין קאָפּ: דאָ, מיט קרוגליאַקן טויג ניט אינגאַנצן דאָס וואָרט „כאוועך", און בכלל וואָס הייסט דאָס לופטערן אַ האָריק הארץ אינמיטן נאַכט... איז אַז ס'וואָלט געווען ליכטיק, וואָלט מען געקאָנט מיט כשאד אַ קוק טאָן אַף דעם נעפּעש, נאָר אַזוי ווי ס'איז שטאַרק פינצטער, האָט כאראַן פּעסטער דאָס פאַנאַנדערטראָג-ביכל אונטערן פאַכווע געפרעסט, אזוי ווי ער וואָלט דאָרטן אַ טערמאָמעטער געהאלטן. אומגעריכט פאַר זיך אליין דערמאָנט זיך אינם פלעק און א שפּאַר געטאָן מיט איבערגעברענטן מאַכאָרקע-רויך פון טונקעלן מויל:

— קרוגליאַק, וואָס אַרט עס אייך, ווו עס ברענט. ס'איז דען אייערס?

און טייקעף אַרויסגעשטעלט לעכאַטכילע די האָלצערנע פוס און דערנאָך אביסל פלינקער די געזונטע און אַוועקגעשפּאַנט.

אינם שטיל-שווייג פון דער נאַכט האָט אַ האָלצערנע פוס מאָדנע שאַרף געהילכט און עפּעס אָנגעזאָגט, אימיצן אָנגעזאָגט.

מאָסקווע, 1926 יאָר.

ב. אָליעווסקי

# בראַונינג.

אָט איז ער דער הימל—אייביקער בלוילעכער אוראַלט,
אָט איז זי די ערד—שטענדיק אין אוראַלטקייט יונג.
איך האָב זיך אין גראָז דאָ פאַרלאָרן, אין גראָזיקער טיף זיך
באַהאַלטן,
אין בלוילעכער קילקייט בין איך נאָך אַף ערד דאָ אַ קינד.

אָט האָבן זיך בליצן פאַרשלענגלט אין גאָלדענע שנורן,
דעם טונקעלן אָוונט אַף שטיקער אַף צווייען צעריסן...
מיין בראַונינג נעם איך אַרויס פון לעדערנער געלער קאַבורע,
אַ קאַלטער אַזאַ—וויפל נאָך קען ער צעשיסן!

אָט דראָט מיר דער טויט איצט פון קאַלטן פון שטאָלענעם רערל,
אַ צי נאָר דאָס צינגל—און וויי צו מיין קינדערש געביין,
עס וואָלטן ווי שטענדיק געלויכטן דאָרט אויבן די שטערן,
און שטיל דאָרט פאַרזען ווי ס'ליגט דאָ אַ טויטער אַליין.

מיין טויט וויל איך אַנדערש אַף זאַפטיקער ערד דאָ דערקענען,
אין אַ זומער פאַרטאָג, אין אַ רוישיקן בלויען באַגינען.
ווען איך וועל אין גלאָז פון בינאָקל דערזען
ווי ס'ברענען דאָרט וואַרשעס און לאָנדאָנס—ווי ס'ברענען בערלינען.

# ווען מע שיסט אַראָפּ דעם פויגל.

אַף קאַלטן שטיין זיך ציט אַ שנירל בלוט,
און ווייסע פעדערן באַשפּרענקלען זיך אין רויטן.
ווערט פויגל שטיל—ווערט פויגל טויט-באַרוט,
אין אָפּגעקילטן האַרץ, ווערט אָפּגעקילט דער שרויט...
ווייסע פעדערן באַשפּרענקלען זיך אין רויטן.

פון פייכטער ערד זיך ציט אַ בלויער רויך,
וואָס זשע ביזטו קאָפּ אין אומעטקייט פאַרשווערט?
אַ פויגל שטאַרבט אַף ערד—נאַגנדיק נאָך הויך,
אַ וואָלקן צאַנקט אין הויך—בענקענדיק נאָך ערד,
וואָס זשע ביזטו קאָפּ אין אומעטקייט פאַרשווערט?

* * *

איר געשענקט

קאָרן שוועסטערלעך בליען אינם קאָרן,
און זי האָט בלאָנקענדיק געזוכט זיי אינם ווייץ.
בלויע ווייט איז לויטערער געוואָרן,
און ס'כוואַליעט איצט מיט זאַפטיקייט פון ווייץ.

טוי אַף ערד און טוי אַף מיינע אויגן,
עס גרינט די ערד אין בלוילעכן פּאָוויט.
אַלע בלעטער דאָ, צו מיזרעך צוגעבויגן,
און איך פאַרנויג זיך היינט פאַר דער, וואָס איך האָב ליב.

ווערן ווייט אין ווייטקייט די אָנענדן,
גרינע ערד זיך הוידעט אַרום מיר,
ווּהין איך זאָל זיך איצטער דאָ ניט ווענדן,
מוז דער בליק איצט ווענדן זיך צו איר.

אַ ווייס בעראָזקעלע האָט רויק זיך פאַרבויגן,
און הערט זיך איין אין שטומעניש פאַרשאַרט.
עס טריפט מיט לויטערקייט פון אירע אויגן...
מיר האָבןביידע זיך אין לויטערקייט צעלאַכט.

# אָוונט.

ס'איז בלוי די הויך און גרינג אַזוי און ליידיק.
באַלד וועט טאָג דאָרט אונטער וואַלד פאַרגיין,
יעדער צאַנקען—איז אַ טיפער ווייטיק,
יעדער ווייטיק—איז אַ שטיל פאַרגיין.

אין בענקשאַפט וואַרעמער פאַרכאָלעמט זיך דער אָוונט,
ווען שטערן צינדן זיך אין אָוונטיקן בלוי.
די ערד איז שוואַרץ, די ערד איז נאָענט,
און ס'טריפט אַ רעגנדל פון קאַלטן טוי.

ווייכע רו איך קלייב איצט אין מיין אָטעם,
מיט שטילן רויש פון פאַלנדיקן צוויט.
ס'האָט הימל היינט אין שטערן זיך צעשאָטן,
און וויטן זילבער שיט ער איצט און שיט.

איך הויב איצט אויף צו שטילער הויך די וויעס,
און קלייב דעם גלאַנץ פון שטערנדיקער הויך.
ווי קען איך דאָ ניט בענקען אין דער נידער,
ווען ס'בענקען שטערן איצטער אין דער הויך?

ש. העלמאנד.

# לידער.

.1

וואָס פִיבערט זי, דיין ציִטערדיִקע האַנט,
מיִט ניִט קיין היגע צאַפּלען?...
דעם טרויער פון דעם גיִנענדיִקן לאַנד
האָסטו אויסגעמיִשט אין פעך פון די שוואַרצאַפּלען.

איִך הער דיין קאל איִן הויכן פון דיִ נעכט
איִן מיִלדער שיין האב איִך דיין בליִק באגעגנט,
איִן אופקום מיִטן פריִ אַף דיינע בערג,
איִן אנפליִ פון פאַרנאַכט אַף דיינע וועגן...

... און ווען דאָס לאַנד באשלאָגט דעם דיִכטערס האַרץ מיִט ליִבע
און ס'קומט אַראָפּ אין אָוונטן דיִ בענקשאַפט,
גייט דער שוים פון קאלטן ראַנד אַריִבער
צוויִשן ליִדער זארגלאזע פון שענקען ..

און וואָס בלייבט נאָך פאַר אַ פאַרשייטן קאָפּ
צוויִשן שאָטנס טויזנטער געהיימע?
וויִ א שלאָג טאָן און אַוואָרף טאָן זיִך אַראָפּ,
וויִ אויסוויִשן דיִ שטויבן פון דיִ שטיינער?

און זיִ פיִבערט אָט דיִ ציִטערדיִקע האַנט,
מיִט ניִט קיין היִגע צאפּלען,
און דער טרויער פון דעם גיִנענדיִקן לאַנד
צעפינקלט זיִך אין פעך פון דיִ שוואַרצאַפּלען.

.2

איִן רו פון דיין געצעלט, איִן גליִ פון דיינע שוידערן,
איִך לייג אַרויף אַף אקסלען מיין א האַנט:
אונטער הימלען, אונטער בלויע, אונטער לויטערע
ביִסטו דיִ בלויסטע און דיִ לויטערסטע איִן לאַנד!

ווער קליִנגט עס מיִטן זיִלבער איִן קאיארן?
ווער פליִסטערט עס, ווער בעט עס דאָרטן:—בלייב?
ציִ דאָס שלאָגסטו מיט דופּט פון דיינע אָרעמס
מיִטן רייעך, מיִטן פריִשן פון דיין לייב!

... איִך זע זיי דאָרט אַף פלעצער, אַף געהערטע,
וויִ איִן זיידנס, וויִ איִן זיִלבער, וויִ איִן גאָלד
דיִ לויטערסטע, דיִ שענסטע פון דיִ טעכטער
שיִקט אַרויס דאָס יאָנטעוודיִקע פאָלק...

נאָר קום איִן פריִ, קום פרי אַרויס פון דיינע טויערן!
און פאַלן וועט זיִ גלויביִקער מיין היינט:
אונטער הימלען, אונטער בלויע, אונטער לויטערע
ביִסטו דיִ בלויסטע און דיִ לויטערסטע איִן לאַנד!...

---

ש. האַלקיִן

* * *

אַמאָל געוועזן בין איך אי צאַרטער נאָך אי ייִנגער,
די צייט די גליִקלעכע כ'געדענק שוין ניִט אַליין —
ניִט באַשערט איז מיִר געוועזן דיין נאָענטקייט באַזינגען
באַזיִנגען וועל איך היינט דיין פיינלעכן פאַרגיין...

דיִך פאַרגעסן כ'וועל שוין קיינמאָל ניִט, דיִך פאַרגעסן כ'וועל
ניִט קאָנען —
ווייל הייס און גליִענדיק געוועזן איז לעצטער אָטעם.
מיִר געבליִבן איז אף היינט דיין נאָמען נאָר דערמאָנען,
און דו, און דו אַליין אַף שטענדיִק ביזט פאַרבאָטן.

און איצט אין שטערנדיִקער נאַכט, אין שפעט אין פראָסטיִקער,
ווען ס'זיצן איינגעטוליעטע אין שלאָף באַ יעדן ראָג אַ היִטער —
דערגיין זאָל ביִז צו דיִר דורך גאַנצער גרויס פון מאָסקווע
מיין רייף געוואָרן צאַר, מיין שטיִלער ציִטער.

גייט איינע אַרויס און זעצט זיִך אַניִדער —
מיִט אויגן אף פלויט און מיִט הענט אַפּן האַרצן,
גייט איינע אַרויס און אַף פיִנגער אַף מיִדע
ציילט אויס זיִך נאָך וואָס און נאָך וועמען זיִ גאַרט איצט...

אַ גאַסט איז געקומען מיִט ליִכטיִקן אויסזען,
געקוקט אין דיִ אויגן, געוואָלט האָט ער טרעפן —
פאַרוואָס איז זיִ שטענדיִק מיט אים אַזוי גרויזאָם,
פאַרוואָס האָט זיִ היינט אים דיִ טיר ניִט געעפנט.

און גאַסט אירער ווייסט שוין, אַז טריי איז זיִ אים נאָר,
וויִ ס'וויטיִקט איר האַרץ אַף זיין שטענדיִקן גרייזן —
נאָר וואָס איז אים איצטער אַ האַרציִקער צימער
צוויִשן אַזויפיִל שטיינערנע הייזער.

ד. בערגעלסאָן.

# איינעמס אַ וועג.

I.

אין מיטן דאָרף, אַפֿן שטיבל פֿון „שטאַב”, האָט פֿון גאַנך־פֿרי אָן געפֿלאַטערט אַ שטיק רויטער שטאָף. דער שטאָף האָט ווי אַ פרישער קימפעט־פֿאָרהאַנג געהאַט פיל פֿרייד אין זיינע קנאַקנדיקע כוואַליעכלעך און אין אַלע אומרויִקע קנייטשן, וואָס אין זיינע פֿאָכנדיקע עקן. נעבן שטאַב איז געהאַנגען אַ שילד:

— „ דער פֿערטער פאָלק פֿון די אופֿגעשטאַנענע”.

און ווייל דער פאָלק איז אָנגעקומען אין דאָרף אַריין באַנאַכט, ווייל אַף מאָרגן זיינען פֿרייוויליק צו אים צוגעשטאַנען פיל אָרטיקע און פֿרעמדע שקאָציִם, איז קיינעם דאָ ניט איינגעפֿאַלן זיך נאָכצופֿרעגן אַף די ערשטע דריי פֿאָלקן, צו זיינען זיי ניט קיין אויסגעטראַכטע, צו געפֿינען זיי זיך נאָענט פֿונדאַנען, אָדער וויט. דאס וואָרט „פערטער” איז געווען אָנגעשריבן מיט גאַנך נרויסע אויסיעס. עס האָט געוועקט דערעכערעך, עס האָט געשראָקן.

פֿון טייך האט געבלאזן אַ ווינטל גלייך אַפֿן שטיבל פֿון „שטאַב”, און ניט אַזוי אַפֿן שטיבל ווי אַפֿן רויטן שטיק שטאָף, וואָס פלאַטערט פֿריי און זיכער אַפֿן דאך, נאר באַטאג איז דאס מויל באַם ווינטל געוואָרן פייכט און פֿול מיט צופֿוילטן אסיען, און מיט אַ רייעך פֿון צווינטער. ווידער איז געוואָרן קויטיק, טונקל און נאַס אין דרויסן. פֿון מיטן דאָרף גוואַדזשען שטיוול צום „שטאב”, און נאָך מער שטיוול גוואדזשען אינם זייטיקן געסל, וואָס באַרג־אַראָפּ צום טייך־צו. קערפער זיינען דאָרט אַראָפּגעזעצט צו דער ערד. פלייצעס—אָנגעבויגן אַרום געניטע פֿאַרקאשערטע הענט, פינגער אָנגעשמירט מיט פעטס שייערן מיטגעבראַכטע האַרמאטן, גרייטנדניק זיי צו א נייעם שלאַכט. און אַקעגן, אין אַ בלאָטיקן הויף, וואָס אַרום אַ פאָר פֿאַרקאזארמעוועטע שטיבלעך פוצט מען מיט אומענדלעכן כיישעק—קאַזיאָנעפֿערד, מע באַטראַכט אַף זיי די אָנגעמוליעוועטע ערטער, וואָס זעען אויס ווי ציטערנדיק וווּנד־פֿלייש, אַף וועלכן עס שטעלן זיך פֿליגן און מע פֿרעגט מעוויניש באַ אַבען דעם באַלעגאָלישן באָכער, וואָס שנירעוועט דעם רויטן גארטל אַף די לענדן:

— אַבע! לאָדט מען אים איין, — אַנו, כאַפּ נור אַ קוק... מיט וואָס באשמירן, אַבע?

---

אָבע איכיעל־מוישע דעם באַלעגאָלעס באָכער איז דער איינציקער ייִד אין פאָלק און וויל דאָ ניט אויסריידן צו קיינעם קיין איבעריקן וואָרט. מער ווי אַלץ איז ער צופֿרידן, ווען מען לאָזט אים צורו. ערגעץ טיף אין זיך רופֿט ער אָט דעם גאַנצן אוילעם אַרום זיך ניט אַנדערש ווי גראָבע קעפּ. ער דרייט זיך אַרום צווישן זיי אַ דרעמלדיקער און פֿוילער, ווי אַ פויעל־באָטל, און אַלץ, וואָס ער הערט דאָ גייט אים דורך איין אויער אַריין און דורכן צווייטן, — אַרויס.

— וואָס גייען זיי מיך אָן, טראַכט וועגן זיך אַבע — מיין דאַיגע?

אינדערפֿרי האָט געטראָפֿן אַ מאַיסע:

איינער פֿון דער כעוורע האָט עפעס צוגענומען באַם פויער, בא וועלכן ער איז איינגעשטאַנען. דער פויער האָט געמאַכט אַ גוואלד. דאָס דאָרף איז זיך צונויפֿגעלאָפֿן. אַפֿן דאָרפֿישן זייט זיינען געווען אַלע אָרטיקע שקאָציִם, וואָס האָבן אָקאָרשט נעכטן באַקומען ביקסן, און פלוציִם, אין אַ רעגע פֿון פֿליסיקער סאַקאָנע, האָט מען פֿון אונטער איינער אַ כאַטע דערהערט אַ שאָס. מע האָט זיך אַ היין אַ לאָז געגעבן, און נעפֿונען דעם שולדיקן אַ טויטן, און דער כשאַד איז געווען, אַז דערשאָסן האָט אים איינער פֿון „שטאַב”—יענער, וואָס מיט דער בעלמע אַפֿן לינקן אויג.

אַבע איז געווען פֿון יענע געציילטע, וואָס האָבן אַליין געזען ווער עס האָט דערשאָסן, נאָר אַז מע האָט וועגן דעם באַ אים געפֿרעגט, האָט ער באַלעגאָליש טומפּ אַ ציִ געגעבן מיט די אַקסלען און האָט זיך פֿויל אַוועקגעדרייט אין אַ זייט:

— מיין דאַיגע!...

עס האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט ניט וועלן אומזיסט אַוועקלייגן דאָ זיין האַרץ; אַז סאַכאַקל איז ער נאָר צוליב דעם אַריינגעטראָטן אין פֿאָלק—ער זאָל ענדלעך פאָטער ווערן פֿון אַוועקלייגן אומזיסט זיין האַרץ, וואָרום אַבע, קאָן מען זאָגן, האָט אַלע זיינע יאָרן געטאָן אומזיסטיקע און איבעריקע אַרבעט צוליב אַנדערע און האָט דערפֿאַר ניט באַקומען קיין שום לוין. אין דעם איז באַשטאַנען זיין באַזונדערע געשיכטע—אַ געשיכטע פֿון אַ באַאַוולטן, פֿאַר וועמען קיינער שטעלט זיך קיינמאָל ניט איין.

אָנגעהויבן האָט זיך פֿאַר אַבען דידאָזיקע אומזיסטע אַרבעט פֿון דעם, וואָס ער האָט אינם שטעטל סטאַוויִשטש, אַלע זיינע יאָרן אומזיסט גערופֿן „טאַטע” איכיעל־מוישע דעם באַלעגאָלע, מיט וועמען זיין מוטער די אַלמאָנע האָט אמאל כאַסענע געהאַט, און אַליין איז ער דאָרט יעדער יאָנטעוו געגאַנגען אין דער באַלעגאָלישער שול און האָט דאָרט אומזיסט געזאָגט „יִזקויר” נאָך זיין עמעסן טאַטן, וועמען ער, אבע, האָט ניט געקאָנט אַפֿילע ניט אין כאָלעם. געדענקט אַבע, ווי אין פאָליש פֿון דער באַלעגאָלישער שול, פֿלעגט ער אומזיסט אָפּוואַרטן גאַנצע שאָען, ביז מע וועט אָנהויבן צו זאָגן „יִזקויר”, און ווי באַלעגאָלישע ווייסע כעוורע, פֿלעגט אים דאָרט קיינמאָל ניט רופֿן בא זיין עמעסן נאָמען.

— איכיעל־מוישע דעם באלעגאָלעס נאַדן, פֿלעגט מען אים רופֿן.

אָדער פּאָשעט:

— דער נאַדן.

נאָר שטאַרק דערצאָרענען אים האָט מען דאָך מוירע געהאַט, ווייל כאָטש ער האָט שטיל און געטריי געהאָרעוועט אַף

איִכיעל-מוישע דעם באַלעגאָלע, ווי אַף אן אייגענעם טאַטן, איִז ער דאָך אַ פּעסטער פאַרשלאָפענער באָכער און האָט פּיינט געהאַט צו האלטן פאַרלייגט די הענט, ווען מע רייצט איִם שטאַרק אויף, אָדער מע טוט איִם ריִשעס. אַבע האָט געהאַט אַזעלכע אַקסלען, וואָס אז זיי גיבן זיִך אַ דריי, איִז יעדערן קלאָר, אַז זיי, די אַקסלען, האַלטן פאַר זיִך פוּנם געזעץ:

— וואָס עמעס איִז עמעס.

— וואָס מיינס איִז מיינס, און וואָס דיינס איִז דיינס.

טאַקע דערפאַר—אַרויסגייענדיִק פוּנם געזעץ „וואָס דיינס איִז דיינס"—האָט אַבע מיִלכאָמע-צייט, אָפּגעדיִנט דריי מיִט אַ האַלבן יאָר אַף די פראָנטן, אָפּגעדיִנט אַזוי קאָשער, אַז קאָשערער קאָן גאָר ניִט זיין. און די מיִלכאָמע, קאָן מען זאָגן, האט איִם גאָרניִשט ניִט געשאדט, גאָרניִשט ניִט בעסער געמאכט, און גאָרניִט אויסגעלערנט, ווייל, ווי פאַר דער מיִלכאָמע, אַזוי נאָך איִר האט אַבע נאָך אלץ שטיִל און פאַרשלאָפן געהאָרעוועט אף איִכיעל-מוישע דעם באלעגאָלע, פיִרנדיִק זיינע פאַרשוינען פוּן סטאַוויִשטש איִן דער ווייטלעכער גרויסער שטאָט, וואָס ליִגט איִן טאָל. און זיין איינציִקער פריִערקער כיִסאָרן איִז איִצט בא זיינע פיִר און צוואַנציִק יאָר נאָך אַלץ געווען אַ כיִסאָרן—ער איִז געווען אַן אַכזער אַף די פערד מיִט וועלכע ער פאָרט אַזוי, אַז דער באַלעגאָליִשער שטיִפטאַטע האָט זיִך טאָמיִד געקלאָגט. פאַר זיין מוטער:

— ער יאָגט, ער יאָגט דער באָכער דיינער. ער שיִנדט פוּן די פערד די פעל.

נאָר דאָס האָט זיִך עפּשער גענומען דערפוּן, וואָס צו אַלע אַנדערע ברויִם איִז אַבע געווען גוט און וואָיל, אַלע האָבן איִם אומזיִסט אויסגענוצט, האָט ער אויסגעלאָזט זיין האַרץ צו די פערד. אַליין אָבער האָט ער נאָך אַלץ ניִט געוווסט, אַז אַלע נוצן איִם אומזיִסט אויס, און ווער ווייסט ווי לאַנג דערדאָזיִקער „ניִט וויִסן" וואָלט זיִך געווען אַוועקגעצויגן, ווען ניִט די דיִנסט פוּן יענעם זעלבן איינפאָר-הויז, וועהיִן אַבע פאַרפאָרט איִן דער גרויסער שטאָט מיִט זיינע פאַרשוינען. די זאָזיִקע מויד איִז איִם דאָרט איִן איינפאָר-הויז פוּן מאָל צו מאָל געוואָרן אַלץ מער אייגן און איינגעבאַקן איִן האַרצן, ביִז זי איִז סאָפּקאָלסאָף געוואָרן זיין קאַלע.

איִם, אַבען, איִז די מויד זייער געפעלן געוואָרן, שוין מיִט דעם אַליין, וואָס צו אַלעמען איִז זי געווען אַ בייזע אַ ברויגעזע און צו איִם איִז זי אַדעראַבע—צו איִם איִז זי געווען אַ ווייכע אַ צוגעלאָזענע. אַבע האָט זיִך געקאָנט וועטן: אַ נו זאָל עמיִצער אַן אַנדער פּרווון צו איִר צושטיין, וועט ער פוּן איִר האָבן אַ וויִסטן סאָף, און אַקעגן איִם, אַבען, האָט זי גאָרניִשט אַפיִלע, אַז ער שטייט צו איִר צו איִן הויז פוּן איינפאָר, ווו עס שטייען די פערד, און אַז ער פאַקט זי דאָרט איִן אַ טונקל וויִנקל, בייס זי גייט אַרויס נאָך אַ קאָך-טעפל, בלייבט זי דאָרט אַ ווײלע שטיין און לאָזט איִם ער זאָל טאָן בא איִר איִן בוזעם אַלץ, וואָס ער וויִל. עס מאַכט זיִך: מיִט פריִען גרויען פריִמאָרגן קומט ער אָן מיִט זיין פוּר אַהיִן איִן שטאָט און טרעפט זי דאָרט איינע אַליין אונטערן אַיינפאָר-הויז, בייס זי איִז אָנגעבויגן איִבער אַ פריִש אויסגעגאָסענעם צעבער. נעבן איִר—אַ פּאָר אָנגעפלויגענע ראָבן, אַ פּאָר צוגעלאָפענע כאַזיירים, וואָס דער איִבערגעקערטער צעבער שמעקט זיי.

— אַטשו, שרייט זי בייז אַף די כאַזיירים,—אַטשו!

און אַליין איִז זי אַ באָרוויִסע, מיִט אַ פוּלן בוזיִם, די הענט פאַרקאַשערט, די פיִס נאַקעט, איִר פאַרשלאָפן פּאָניִם, וואָס מיִט די שמאָלע אויגן, איִז מאַט און פעכקע און שמעקן שמעקט עס ווי אַן אומגעוואַשענע. פוּן שטענדיִקער בייזקייט רעט זי זייער ווייניִק, נאָר אַז זי דערזעט איִם, אַבען, אָנקומען מיִט זיין פוּר, טוט זי אַ פּאָמפע זייער געשוויִנד:

— זע נאָר, אַבקע!.. ווי קומסטו אַ הער? האַ, אַבקע?

אַבען האָט אָנגעהויבן ציען צו איִר איִן שטאָט אַריין אַזוי, אַז אַפיִלע ווען ער האָט זיִך געפוּנען איִנדערהיים, און אַפיִלע איִן שטאַרקסטן שלאָף, האָט ער טאָמיִד געדענקט איִר רייעך—אַ רייעך ווי פוּן פריִשער שטרוי, וואָס האָט סאַכאַקל איין נאַכט אונטער פערד געגעכטיִקט. און דערדאָזיִקער רייעך האָט ווי פוּן זיִך אָנגעהויבן לערנען אַבען, אַז ער קאָן עפּעס אויפטאָן אויך פוּן זיינעטוועגן אַליין און אַז ביִז איִצט, איִז אַ קרענק אַף זיי, אַ כאָליערע אַף יענע אַלע מענטשן, וואָס ער האָט ביִז היינטיִקן טאָג אַ כוץ דער מויד פוּן איינפאָר-הויז געזעען אַרום זיִך, צוליִב זיי האָט ער אַלע זיינע יאָרן אַוועקגעלייגט זיין געזונד, און זיי צוליִב איִם—גאָרניִט:

— אַ בראַנד אַף זיי.

פאַרקערט, זיִנט מע האָט זיִך דערוווסט, אַז אַבע נעמט דידאָזיִקע מויד פוּן אַיינפאָר-הויז, האָבן אַלע אָנגעהויבן לייגן אף איִם מער קאָווער און אָט אַפילע די מאַמע זיינע—זי האט אָנגעהויבן דערגיין די יאָרן איִר מאן איִכיעל-מוישע דעם באַלעגאָלע, מע זאָל וואָס גיִכער דעם באָכער כאַסענע מאַכן, און טאַקע פוּנדאַנען האָט זיִך גענומען די געשיִכטע, וואָס אַבע, איִז ניִט וויִלנדיִק אַריינגעצויגן געוואָרן איִן אָט דעם פאָלק אַריין—אַ פאָלק, וואָס רופט זיִך „דער פערטער פאָלק פוּן די אויפגעשטאַנענע", און באַשטייט דורכויס פוּן אַזעלכע מענטשן, וועלכע ער אַבע רופט ערגעץ טיִף איִן זיִך ניִט אַנדערש ווי מיִטן נאָמען „גראָבע קעפּ".

דער שאַבעס, ווען איכיִעל-מוישע דער באלעגאָלע האָט אַבען אויפגערופן ווי אַ כאָסן איִן דער באַלעגאָליִשער שוּל, איִז געווען דער לעצטער שאַבעס איידער עס האבן זיִך אָנגעהויבן די פּאָגראָמען, און אַבע האָט דענסטמאָל מיִט פאַרשלאָפענע אויגן געקוקט ווי באקאָנטע באלעגאָלעס גייען נאָכן דאַוונען צו זיי איִן שטוב אף „קיִדעש" און קיינעם פאַלט דאָרט שוין מער ניִט איין איִם, אַבען, דאָס היִטל איִבער די אויערן אָנצורוקן און דערביי ווי געווײנלעך צו זאָגן:

— שיִנדסט די פעל פוּן די פערד, האַ? אַבע, ביִזט אַן אַכזער אף פערר, אַבע.

מע טריִנקט צו איִם לעכאַיִם, מע וויִנשט איִם די כופּע זאָל זיין איִן אַ גוטע שאָ, און מע וויִנקט צו איִם מיִט איין אויגל, וועגן דער נאַכט, וואָס נאָך דער כופּע. מע טריִנקט אויך לעכאַיִם צו זיין שטיִף-פאָטער איכיִעל-מוישען. און יעכיִעל-מוישע איִז שוין שיִקער, שיִקער איִז יעכיִעל-מוישע אויך אף מאָרגן נאָכן אופרופן, נאָר צו דער קאַלע, איִן דער גרעסערער שטאָט, וואָס איִן טאָל,

זאָגט ער, קאָן מען איצט דעם באָכער ניט פֿירן. ער קומט אַלע מאָל פֿון מאַרק, ווי ער הערט זיך אָן מיט שרעקלעכע זאַכן און קריגט זיך מיט זיין ווייב:

— פֿיר אים אַליין! שרייט ער צו אַבעס מוטער. פֿיר אים אַליין דעם באָכער דיינעם. דו הער בעסער וואס מע זאָגט אין מאַרק, הער בעסער: פּעטליורעס היצליעס, זאָגט מען, שניידן יידן אַף אלע טראַקטן.

עס קומען אַריין אין שטוב באַקאַנטע באַלעגאָלעס, און אויך זיי זאָגן:

— ווּהין פֿאָרן?

— אַ סאַקאָנע... אַ גרויסע סאַקאָנע.

אַבע האָט זיך אזוי ארומגעדרייט א וואָך און צוויי און זייַנע געפֿילן זיינען געווען אזעלכע, ווי גלייך מע האָט אים געקוילעט, נאָר ניט דערקוילעט. אלע מענטשן ארום זיינען אָדער באַווייבטע אָדער ניט קיין באַווייבטע. און ער, אבע, איז אַ באזונדערער. אז ער איז אַ באָכער, קאָן מען מער ניט זאָגן, ווייל מע האָט אים שוין „אופֿגערופֿן", נאָר קיין באַווייבטער איז ער אויך ניט. ער איז עפּעס אַ „צווישן". מע לאַכט דעריבער פֿון אים אין מאַרק, מע זאָגט צו אים:

— אַ קרענק אין דיינע ביינער, אַבע, אַפֿילע כאַסענע האָבן קאָנסטו אויך ניט ווי געהעריק.

און באַלעגאָלישע הענט רוקן אים שוין ווידער זיין היטל איבער די אויערן:

— יאָגסט? הא, יאָגסט... ביזט אַן אַכזער אַף פֿערד, אַבע.

און צו דער קאַלע דער מויד פֿון איינפֿאָר-הויז ציט. איר רייעך, אַ רייעך פֿון פֿרישער שטרוי, וואָס האָט סאַכאַקל איין נאַכט אונטער פֿערד גענעכטיקט, געדענקט זיך אָן אופֿהער אַפֿילע אין שטאַרקסטן שלאָף.

אבע האָט סאָפּקאָלסאָף אַליין אָנגערוקט אַף זיך זיין באַראַשקן היטל. ער האָט אָנגעטאָן זיין גרויע שינעל, וואָס איז אים פֿאַרבליבן פֿון מילכאָמע-צייט, פֿאַרגאַרטלט אַף זיך דעם רויטן באַלעגאָלישן גאַרטל און האָט זיך אַוועקגעלאָזן איינער אַליין צופֿוס צו זיין קאַלע.

— אַ בראַנד אין זיי!—האָט ער געטראַכט וועגן יענע אַלע מענטשן, וואָס ווילן אים אַהין ניט פֿירן ווי עס קומט אַ כאָסן— כ'האָב זיי אין דער ערד. זאָלן זיי ברענען.

און דער פֿאַרדראָס אַף אַלע אַרומיקע מענטשן, אַף וועלכע ער האָט אַלע יאָרן אומזיסט געהאָרעוועט, האָט איצט דערגרייכט אין אים ביז דער העכסטער מאַדרייגע.

די ערשטע פֿופֿצן ווערסט איז ער אָפּגעגאַנגען בעשאָלעם. קיינער האָט אים אַפֿן וועג ניט אָפּגעשטעלט, קיינער האָט באַ אים ניט געפֿרעגט ווער ער איז, און ווּהין ער גייט. נאָר פֿאַרנאַכט, ווען ער איז צוגעקומען צום גרויסן טראַקט, וואָס ציט זיך פֿאַרביי דעם גרויסן באַליאַסנער וואַלד, האָט ער דערהערט פֿון טיפֿן וואַלד אַ ווידערקאָל פֿון אַ שיסעריי. דאָס ווידערקאָל האָט געהאַט אָן אַ שיר רעציכעדיקע כוואַליעס. דער וואַלד האָט אויסגעזען זייער כמורנע און בייז. אבע האָט אָפּגעוואַרט אַ רעגע און האָט דערהערט אַ צווייטן שאָס מיט אַ ווידערקאָל און ווידער מיט אָן אַ שיר רציכעדיקע כוואַליעס. גיין ווייטער אַקעגן נאַכט האָט זיך געדאַכט, איז זייער געפֿערלעך, און אַבע האָט דעריבער אַראָפּגענויגט אָן אַ צייט, קעדיי איבערצונעכטיקן דאָרט אין פֿעלד באַם פּאָליפּאָווער שמיד אין שטיבל. מענדל דער שמיד איז געווען אינדערהיים. זיין ווייב ראָכע אויך. אבען האָבן זיי געקאָנט ניט ווייניקער ווי אַלע פֿאַרבייפֿאָרנדיקע באַלעגאָלעס. אבע האָט גענעכטיקט באַ זיי אַפֿן אויוון און געדאַכט האָט זיך אים, אַז ער געפֿינט זיך ערגעץ זייער טיף אינדערנאַכט.

אין דרויסן האָט אַן עלנדער בוים געדוכנט אָן אופֿהער מיט זיינע צעפֿלאָכטענע צווייגן, געשטאַנען איבערגעבויגן אינמיטן פֿעלד און האָט גערוישט, געוועקט דעם שמידס שטיבל.

ווייטער פֿון פֿעלד—דער וואַלד, נאָך ווייטער—דער העמשעך פֿון נאַכט און פֿון פּעטליורעס טשיפּיקעס, וואָס שלאָגן זיך מיט אופֿגעשטאַנענע פּאָלקן און קוילן אויס יידן. אַבע איז געשלאָפֿן פֿעסט.

נאָר באַנאַכט האָבן דעם שמידס שטיבל אַ מענטשן פֿופֿצן רייטער אַרומגערינגלט מעשונע שטיל, ווי צוליב אַ מאַניעוור, און די לעוואָנע איז דאַן יאָ געווען און ניט געווען—די לעוואָנע איז מיט איר שיין געשפּרונגען ווי איבער בערג, איילינק איבערגעיאָגט פֿיל לויפֿנדיקע וואָלקנס און געבלייכט און געגילדט דאָס פֿעלד.

דעם שמידס ווייב—אַ יידענע, וואָס האָט אַלע אירע יאָרן געזאָגט „אַ וויסטער, אַ פֿינצטערער כאָלעם", געזאָגט און ניט געוווּסט דעם טייטש. נאָר איצט האָט זי די ערשטע דערהערט פֿון שלאָף ווי מע קלאַפּט. פֿאַרהויבן גלייך פֿון שלאָף אַ פֿאָרהאַנג און האָט דערזען: אַ וויסטער, אַ פֿינצטערער כאָלעם בלאָסט זיך איר אַנטקעגן אינדערנאַכט—אין אַ האלבער ראָד שטייען רייטער אַרום איר שטיבל, נאַכטיקע פּעניִמער, שטומע בליקן; באַ אַלעמען שטעקן ביקסן פֿון אונטער די פּלייצעס; באַ איינעם וויל דאָרט ניט איינשטיין זיין פֿערד—איינער האַרגעט, האַרגעט שטאַרק זיין פֿערד.

— מענדל! האָט די יידענע שטאַרק געוועקט דעם מאַן, — אַ גרויסער בראָך!

— וואָס שלאָפֿסטו מענדל? זע! זיי קריכן שוין אַראָפּ פֿון די פֿערד. מענדל! וועק גיכער אַבען איכיעל-מוישעס באָכער. וויי און ווינד, מענדל!

אַבע האָט זיך געפֿונען אין קיך אַפֿן אויוון, און איז דאָרט געשלאָפֿן פֿאַרהילצערט, ווי נאָך גרויסע ווייטיקן, וואָרום אַלע אַרומיקע מענטשן זיינען אַזעלכע ווערעמדיקע, פּאַסקודנע — ער, אַבע, האָט צוליב זיי אַלע יאָרן אַוועקגעלייגט זיין געזונט, און זיי צוליב אים גאָרניט—נעכטיקע-טעג.

— אַבע! האָט אים דער שמיד שטאַרק געוועקט,—אַבע!

אַבע האָט אַראָפּגעלאָזט פֿון אויבן אַ פּאָר פֿאַרלאָפֿענע באָרוויסע פֿיס און האָט זיך גלייך איינגעהויקערט אַף צו שלאָפֿן ווייטער זיצנדיק.

— אַבע, שטיי נאָר אויף!

אַבע האָט ווי כאַראָטע געקריגן, וואָס ער האָט זיך אופֿגעזעצט און האָט זיך צוריק אַוועקגעלייגט. סאָפּקאָלסאָף האָט

מען אים דערוועקט. אין האַלבן שלאָף האָט ער זיך דורכגעשלעפט צו דער טיר, זיך דורכגעשלייכט מיט שנאָרכענדיקן אָטעם, מיט דרעמלענדיקע פיס, און מיט פאַרקלעפּטע אויגן ווי אַף פּאָטער צו ווערן, נאָר אין דרויסן האָט ער אַ שמועס געטאָן מיט עמיצן, אַ שמעק געגעבן די לופט,. אַ טראַכט געטאָן, אַ שווייג געגעבן, און האָט זיך אומגעקערט אין שטיבל האַלב-וואַכנדיק מיט אַ ניכטער קאָל:

— רעב מענדל, זיי ווילן די קוילנוואַרפער; די פּיליפּאָווער גאָים זאָגן, זיי האָבן אייך געגעבן פאַריכטן קוילנוואַרפער.

— ווער וויל?

— זיי, אין דרויסן... גרויסע, זאָגן זיי זיינען מיר, פון די פאָוסטאַנצעס פון פערטן פאָלק.

— וואָס זאָגן זיי?

— זיי ווילן צעטראָגן די שטוב.

מיט דער יידענע האָט געוואָרפן:

— מענדל, גיב זיי, גיב זיי, אַ גרויסער אומגליק, מענדל!.. וויי און ווינד.

אַבע איז אַוועק מיט דעם שליסל פון קוזניע אָפּגעבן די קוילנוואַרפער, נאָר איצטיקס מאָל האָט ער זיך אין דרויסן מער געזאמט, און זיך אומגעקערט מער וואכעוודיק:

— רעב מענדל, זיי ווילן אייער פערד-און-וועגעלע אויך. זיי שפּאַנען שוין איין דאָס פערד. מיר דאַרפן, זאָגן זיי, פירן די קוילנוואַרפער.

— בעט זיי אַבע, האָט געפּלאַטערט די יידענע, — אַ גרויסער בראָך. בעט, זיי זאָלן לאָזן דאָס פערד.

אַבע איז צום דריטן מאָל אַרויס אין דרויסן און זיך געזאמט לאַנג, לאַנג, אַ גוזמע. איצטיקס מאָל איז ער אַריין אין שטוב געשווינד מאָלע-געדולע, אָן אָטעם, מיט ציטערדיקע הענט האָט ער אַף גיך, גיך געשלעפּט אַף די באָרוויסע פיס זיינע שטיוול.

— וואָס איז, אַבע? האָט מען זיך בא אים געבעטן,—רעד אויס אַ וואָרט... וואָס זאָגן זיי?

פון גרויס גליק האָט אַבע ניט געקאָנט ריידן.

— זיי נעמען מיך מיט... האָט ער זיך פאַרכליפּעט אָנציענדיק מיט אַלע קויכעס די שווערקריכנדיקע שטיוול,—אָט באַלד.. צו מיין קאַלע נעמען זיי מיך... ווי איך בין א ייד. זיי גייען, זאָגן זיי אַף דער שטאָט... ווייַנט ניט ראָכע, איך וועל אָפּהיטן אייער פערד... איר מעגט זיך פאַרלאָזן... ווי איך בין אַ ייד... כ׳על עס שוין היטן...

.II

פון דענסמאָלט אָן געהערט אַבע צו דידאָזיקע דריי הונדערט מענטשן, וואָס טראָגן ביקסן, און האָבן אַ „שטאַב“ מיט אַ שילד, אַף וועלכער עס איז אָנגעשריבן „דער פערטער פאָלק פון די אופגעשטאַנענע“. שוין אַ וואָכן צוויי זינט ער נעכטיקט דאָרט ווו זיי נעכטיקן, און טאָגט דאָרט ווו זיי טאָגן. אים האָט מען גלייך ווי אַלע געגעבן א ביקס, טראָגט ער זי גלאַט אַזוי, קעדיי קיינער זאָל ניט באמערקן, אַז ער איז דאָ אַ ווייטיקער, אַ פרעמדער, און אז צוגעשטאַנען איז ער צו דער כעוורע נאָר דערפאַר, וואָס מע האָט אים צוגעזאָגט איינגיכן קומען אין דער גרויסער שטאָט, וואָס אין טאָל, צו זיין קאלע. ווי נאָר ער קומט אַהין אין שטאָט, איז אַן עק—אויס מעכוטן.

אין די לאַנגע נעכט איז אַבע דעריבער דאָ אין דאָרף געשלאָפן פעסט, ווי אַן אומזיסטיקער פעפער—אַ שטומער רעמיז, אַז נאָכגעשלעפט אַהער האָט ער זיך, האַלב מיט אַ מיין, האַלב אַזוי זיך, ווי פון פוסט-און-פּאַס. ער האָט דאָ די גאַנצע צייט פויל אַרומגעשנאָרעט צווישן דער „כעוורע“, געקוקט, ווי פון נאָענטן צעראַביִרטן שטעטל, קומען אַהער אין דאָרף אַנטלאָפענע יידישע יונגע לייט, ווי מע גיט דאָ די יונגע לייט ביקסן, און אַז אימיצער פון דידאָזיקע יונגע לייט הויבט זיך אָן באַ אים צעפרעגן, גענוי ווער דער פאָלק איז, און צי וועט ער נאָך לאַנג דאָ אין דאָרף שטיין, ענטפערט ער קאַלט.

— מיין דאַיגע?

גלייך א מער וואַרעמער ענטפער איז שוין גענוג אַף אָנצוקניפּן אים נאָענטער אן אט דעם פאָלק. ער האָט דאָ געקוקט ווי אַ ווייטיקער, און דער אוילעם האט זיך אים געדאַכט, איז דאָך א מאָדנע וואַרעמער אַ היימישער, כאָטש טיף אין זיך האָט ער זיי גערופן ניט אַנדערש, ווי גראָבע קעפּ. אים, אַבען, גיט מען דאָ ברויט גיט מען און אויך פלייש, אַז מע קאָכט, רופט מען אים צו, ער זאָל נעמען אַ כיילעק, און אין טאָך איז ער דאָך אַ ווייטיקער, אַ פרעמדער, די פינפטע ראָד אין וואָגן...

נעכטן האָבן דאָ אַלץ געשמעקט מיט שווייסיקע קאזאַרמען, מיט שמאַטעדיקע לייבער, וואָס טוען זיך ניט אויס, ליגן אויסגעוואַלגערט אַף דער פאָדלאָגע און פאַרשנאָרכען די דאָרפישאָנגעהייצטע שטיבער, און אַז זיי צעהיצן זיך טיף אין דער נאַכט, פאַרשפּרייטן זיי אַרום זיך אַ וואַרגנדיקן איפעש, אַ געמיש פון אומריינער היִנערשער שטייג מיט טשאַדנדיקן לאמפּ, און דענסטמאָל כאַפּן זיך אוף אייניקע פון די יידישע יונגע לייט, וואָס זיינען אַהער געקומען פון נאָענטן צעראַביִרטן שטעטל און נאָך איידער זיי כאַפּן זיך אוף, דערפילן זיי, אַז עס שטיקט—ניטאָ מיט וואָס צו עטעמען.

און נאָכדעם קאָנען זיי שוין מער ניט אַנטשלאָפן ווערן, זיי לויפן אַלע מאָל אין דרויסן כאַפּן לופט, זיי זיצן איינער נעבן צווייטן און רעדן מיט באַנאַכטיקע קוילעס וועגן דעם פאָלק, וואָס איז אַרומגערינגלט פון אלע זייטן מיט פעטליורעס טיילן, וואָס שניידן יידן און איז אָפּגעריסן פון די איבעריקע רויט-אַרמעישע פאָלקן, און ווייסט ניט ווו זיי געפינען זיך, און וואַרט אַלץ דאָ אין דאָרף אַף אַ יעדיע פון זיי, אף א פאָר מענטשן, וואָס דאַרפן זיך דורך פעטליורעס טיילן אַהער דורכרייסן.

די יונגע לייט האבן אַזוי גערעט צווישן זיך אַ נאַכט נאָך אַ נאַכט, און אבע איז דענסטמאל געשלאָפן שטאַרק ווי א ווייטיקער, ניט געהערט ווי זיי ריידן, ווי זיי דרויען זיך אין דרויסן אַרויס כאַפּן לופט, ווייל אין טאָך איז דאָ קיין זאַך ניט זיין דאַיגע, און ווייבאלד ער קומט מיט דעם פאָלק אין שטאָט אַריין צו זיין קאַלע איז אַן עק—אויס מעכוטן.

נאָר איינמאָל פֿאַרטאָג האָט אַבעס פעפעריש לייב דערפֿילט, ווי מע רייסט עס צו שטאַרק פֿון שלאָף, און אַז דער, ווער עס רייסט אים, האט צופֿיל אימפעט, און ווייסט אַלע כאָכמעס, ער איז אַ בעריע אַף אופֿוועקן, און אז ער, אַבע, וויל אלעמאָל צוריק אַנטשלאָפֿן ווערן, כאַפּט ער אַ טרוקענעם קנאַק ערגעץ ווו צווישן די ריפּן, אַזוי, אַז ער מוז זיך סאָפּקאָלסאף אופזעצן און דערהערן, ווי מע שרייט צו אים ער זאָל זיך אָנטאָן:

— גיכער גיי. מע וואַרט אף דיר אין דרויסן.

און געווען איז דאָס אלץ פֿאַר אַבען, ווי אַ כאָלעם באַ גרויען מאָרגנדיקן דרויסן.

געשאָטן האבן דאַן פֿון באַנאַכט אָן ווייסע געפֿרוירענע גרייפעלעך, געפֿאַלן שטיל, ווי-וואָגלאָזער שניי. און געשטאַנען זיינען אין דרויסן אונטער אָט די שיטנדיקע גרייפעלעך אַלע פֿון „שטאַב“ און יענער, וואָס מיט דער בעלמע אַפֿן לינקן אויג, איז דאָרט אויך געשטאַנען און האט אויסגעפֿרעגט באַ אַבען, ווען קאָן ער פֿון די אַרומיקע דערפֿער. ער האָט זיך געשעפּטשעט מיט די איבעריקע, געשיקט אַבען צו זכאַריע דעם סטעלמאך אין גרויסן דאָרף לישטשינאָווקע און אים געהייסן דאָרט אונטערקוקן וואָס טוען דאָרט אין דאָרף פעטליורעס טיילן.

— פֿאַרטיק? האָט מען בא אַבען געפֿרעגט.

און בעשאַס אַבע האָט אין איילעניש פֿאַרצויגן דעם רויטן גאַרטל אַף זיינע לענדן, האָט איינער פֿון „שטאַב“ מעוויניש צוגעפּייפּט, זיך אַרויסגערוקט פֿאָרויס, צילענדיק אַף אַבען מיט איין אויגל, זיך אויסגעגלייכט און אַ קאמאַנדעווע געגעבן מאַמעדיק, מיט האַרץ:

— דעם רעכטן אקסל פֿאָרויס, מאַרש!

אַבע האט געפֿאָלגט שטום. עלעהיי ער איז נאָך אַ סאָלדאַט, אין גאָישע הענט און מוז טאן אלץ, וואָס מע הייסט אים. ער האָט זיך אַ דריי געטאָן ריכטיק, לויט דער קאָמאַנדע, און האָט זיך אַוועקגעלאָזן צופֿוס. נאָר אַליין איז ער נאָך געווען שטאַרק פֿאַרשלאָפֿן. ער האָט ניט געוווּסט אַף קלאָר נאָך וואָס מע האָט אים קיין לישטשינאָווקע צו זכאַריע דעם סטעלמאך געשיקט, און וואָס דאַרף ער דאָרט טאָן. ער האָט געשפּאַנט איבער די פֿעלדער, און וואָס טיפֿער ער איז אַריין אין פֿייכטן, גרוי-ווערנדיקן נעפל, אַלץ מער איז אים זיין שליכעס אַרויס פֿון געדאַנק.

און געבליבן איז אים נאָר, אַז ער דאַרף אויספֿעלן אומעטום די דערפֿער, ווייל עס איז אַ סאַקאָנע; אַז אויב ער וועט אומעטום אָנלייגן וועג, וועט ער דאָך קיין לישטשינאָווקע האָבן ניט מער ווי אַ מייל אָנדערהאַלבן. און פֿון לישטשינאָווקע אין דער גרעסערער שטאָט, וואָס אין טאָל איז שוין סאַכאַקל אַ מייל פֿיר און דאָרט אין איינפֿאָר-הייז דינט זיין קאַלע, זי איז אַ בייזע אַ ברויגעזע און ער אַבע קאָן זיך ווען:

— אַ נו, זאָל עמיצער אַן אַנדער פרוּוון צו מיר צושטיין...

אַבע האָט איצט ווי טאָמיד קיין באַשלוסן ניט אָנגענומען. ער האָט נאָר געפֿילט, אַז צוריק גיין ווילט זיך ניט. און אַז צו איר, דער קאַלע זיינער, איז אַפֿילע איצט אין אָט דעם אומקומעניש אַ מעכאַיע צו שפּאַנען אַזוי ווי ער שפּאַנט. איינמאָל איז ער צו איר אין אַזאַ פֿריען און גרויען פֿרימאָרגן אָנגעקומען, האָט ער זי געטראָפֿן איינע אַליין אונטערן איינפֿאָר-הויז אָנגעבויגן איבער אַ פֿריש-אויסגעגאָסענעם צעבער, נעבן איר—אַ פּאָר אָנגעפֿלויגענע ראָבן, אַ פּאָר אָנגעלאָפֿענע כאַזיירים.

— אַטשו, האָט זי בייז אַף זיי געשריען, אַטשו!

און אַליין איז זי געווען אַ באָרוועסע מיט אַ פֿולן בוזים. די הענט פֿאַרקאַשערט, די פֿיס נאַקעט, איר פֿאַרשלאָפֿן פּאָנים, וואָס מיט די שמאָלע אויגן—מאַט און פעכקע, און שמעקן שמעקט עס ווי אַן אומגעוואַשנס. פֿון שטענדיקער בייזקייט רעט זי ווייניק, נאָר געשווינד, געשווינד אַזוי, אַז אַ וויטיקער פֿארשטייט זי קוים, און אַז זי רעט פינטלט זי מיט די אויגן.

— זע נאָר, אַבקע! האָט זי צו אים דאַן געשווינד אַ פּאָנפּע געטאָן—ווי קומסטו אַ הער? אַ, אַבקע?

אַבע איז געגאַנגען מיט גיכע טריט, מיט פֿרעמדע פֿעלדער.

אַרום אים—אַ פוסטער אויסגאָס אין דער טיף פֿון שטרעקעס און קֿינער, קיינער, ווער עס זאָל זען, ווי זיין באַלעגאָלישער גאַרטל רויטלט זיך פֿון ווייטן. דער טאָג—אַ וואָלקנדיקער, אַ טונקעלער, אַן איינגעשפרומפענער—שטאַרק ענלעך צו אַ קורצן פֿרייטיק—אַ טאָג וואָס וואַרט אַף שניי און קיין שניי גייט ניט. איינגעשרומפן האָבן זיך געדאַכט אויך די שטרעקעס. און ווי נאָר אַבע איז אונטערגעקומען מיט די פֿעלדער צום גרויען אָרעמלעכן דאָרף, אַזוי גלייך האָט אַף אים פֿון דאָרט אַ קוק געטאָן עפּעס צוויִנטערדיקס און טויטעס—אַ געפלעפּטע שטילקייט צווישן שטיבער, אַף די גערטנער און אַף די געסלעך. גלייך עמיצער האָט נאָר וואָס איצט אינמיטן באַטאָג געמעסט און דאָס גאַנצע דאָרף וואַרט און הערט זיך איין: אָט באַלד וועט אָנהויבן קלינגען אין קלויסטער. נאָך שטילער האָט מען אַף אַבען אַ קוק געטאָן באַם סטעלמאַך אינם האַלב גאָישן, האַלב—יידישן שטיבל.

---

דער סטעלמאַך מיט זיין ווייב זיינען ביידע געזעסן מיט אויסגעצויגענע פֿאָדעשוועס אַפֿן סאָפּקעלע, נעבן דער לעבלעכער הרובע, און געדאַכט האָט זיך: אַ טאָגעס אין שטוב. קיין אָנבייסן קאָכט מען ניט. די פֿאָרהאַנגלעך אַף די פענצטער זיינען געווען אַראָפּגעלאָזן איצט אין מיטן באַטאָג, די קינדער האָבן געשפּילט באַ דער זייט, שעפּטשענדיק שטיל, דערשלאָגן, ווי נאָך אָפּטע געשרייען פֿון טאַטע-מאַמע—שיוועזיצער:

— שאַ! שטילער... זע נאָר ווי דאָס איז פֿריילעך, איז עס.

און אַז צו אַבען האָט מען דאָרט צום לעצט אַ וואָרט אויסגערעט, איז דאָס געווען אַ קאַלטבלוטיק וואָרט, אַ שטילס און אַ קלעמענדיקס:

— איז ווּהין, אַ? אַבע, האָט געזאָגט דער סטעלמאַך, — צו דיין קאַלע טראָגט דיך אַ שוואַרץ יאָר אין אַזאַ אומגליק?

— בלייב שוין דאָ, פֿערד איינער. וועסט לייגן דעם קאָפּ אַפֿן וועג. מע קוילעט אומעטום, אַרום יאַנאָווקע און אַרום גראַנאָוו.

און געקוקט האָט מען דאַביי מיט אומעטיקע אויגן, ניט צו אַבען נאָר צו די אַראָפּגעלאָזענע פֿאָרהאַנגלעך אנקעגן.

— הער בעסער וועגן מאַליאַסניק, הער.

אין אַבען האָט געגלייווערט די אַקשאָנעס.

— איך גיי ווייטער... איך האָב עס אין דר׳ערד.

נאָר אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז דעם מאַליאַסניק האָט ער געקאָנט — ער האָט געוואָינט אין הויז אונטער בלעך, אַ וויאָרסט צוויי אַרויס פֿון דאָרף: דעם מאַליאַסניק מיטן איידעם האָט מען נעכטן געפֿונען געהאַרגעטע אונטער דער שטוב, און מאַלי די שטומע טאָכטער זיינע האָט פּלוצים אָנגעהויבן ריידן. זי איז אַנטלאָפֿן אין אַ נעענטערן וועלדל באָרוועס מיטן זויג-קינד אַף די הענט. באַנאַכט האָט זי אָנגעקלאַפּט צום גאַלעך; „איך וויל זיך שמאַדן”. נאָר אַז מע האָט איר געעפֿנט, איז זי שוין ניט געווען. איצט דערציילן פּויערים: באַנאַכט קלאַפּט זי צו זיי אין טיר: „עפֿנט, איך בין באָרוועס מיטן קינד אַף די הענט”... און אַז מע עפֿנט איר, איז זי שוין ניטאָ — זי פֿאַרשווינדט, זי איז צודולט... און די ראָצכים:

— פֿראַנק און פֿריי—אָט דאָ אין דאָרף זיינען זיי.

פֿון צייט צו צייט חאָט מען באַם סטעלמאַך פֿאַרהויבן אַ פֿאָרהאַנגל פֿאַר אַ שפּיץ און זיך איינגעקוקט צו די פּעטליוראָווצעס, וואָס קלייבן זיך אַקעגן אַפֿן פּלאַץ:

— זע: היצלעס; זיי קומען אַלץ צו.

— זע נאָר וויפֿל!!!

האָט אַבע אויך אַהין אונטערגעקוקט, נאָר געזען האָט ער ניט מער, ווי היטלען מיט לאַנגע וואַריטשיקעס; ברייטע פּליאָנדרען פֿון רויטן און גרינעם זייד, ווי אַף קאָמעדיעס צו מאַכן.

— אַ כאָלעריע, האָט ער געשאָלטן, אַן אויסכאַפּעניש.

אין מיטן דאָרף באַ דער איינקלאַסיקער שולע איז געשטאַנען צוגעבונדן אַ הונגעריקע ציג — אַ ווייסע וקיינע, וואָס פּעטליורעס אָפּגעטראָטענע טיילן האָבן געבראַכט פֿון נאָענטסטן אָנגעקומענעם גראַנאָוו. די ציג האָט געפּינטלט מיט פֿרעמדע אומעטיקע אויגן אנטקעגן פֿרעמדן דאָרף. און פֿון אינעווייניק, אין די שול-צימערן, האָט פֿון באַנאַכט אָן זיך געפֿונען דער פּעטליורישער „שטאַב”, ער האָט געשיקערט. אויסגעזעצטע שויבן האָבן פֿון צייט צו צייט אַרויסגעוואָרפֿן אין טונקעלן דרויסן שטיקלעך פֿון דער אינעווייניקסטער הויך-פֿאַריסענער סימכע — אַ מעסלעסן-לאַנגע סימכע, מיט מוידן און מיט טענץ. און אַרום-און-אַרום—מעשונע טונקל, גלייכגילטיקע שטיבער, געפּרעסט מיט גרינגן פֿראָסט; אָן אַ שיר דעכער, ווי שטומע פֿלעקן אינדערווייט און אַ פֿאַרטראַכטער ציילעם — פֿון ווייטן עק פֿון דאָרף — וואַרט אַף שניי און קיין שניי גייט ניט. אין דרויסן ווערט נאָר טונקעלער, טונקעלער, עס פֿאַלט צו די נאַכט.

באַם סטעלמאַך אין שטיבל האָט בוימלדיק געצאַנקט אַ טונקעלער קאָנעך. באַ אַראָפּגעלאָזענע פֿאָרהאַנגלעך האָבן פּעני־מער זיך געבלאַסט, ווי אין אַ טאָנעס, און גערעט האָט מען אַלץ וועגן דעם מאַליאַסניקס טאָכטער מאַליען, וואָס האַלט זיך אויף באַ אַ פּויערל אין וואַלד—באָרוועס מיטן קינד אַף די הענט, און אַז מע דערנעענטערט זיך, אַנטלויפֿט זי:

— צודולט, אַ?... צודולט.

— און ברויט, אַ פּאָנים, האָט זי מיטגענומען... זי האָט, זי האָט.

אַבע איז געזעסן אַקעגן מיט אַ צועפֿנט מויל פֿול מיט גאַווער ווי אַ געליגערטס, מיט פֿאַרשמאָלטע אויגן, געקוקט, געקוקט און אַזוי אַנדרעמלט געוואָרן,—פֿון לאַנגן איינהערן זיך, פֿון טומפּער מאַרע-שכוירע. און ווי נאָר ער איז אַזוי אַנדרעמלט געוואָרן, אַזוי גלייך האָבן זיך דערהערט די פֿרעמדע טריט, וואָס דערנעענטערן זיך אין דרויסן צום שטיבל — האַרטע טריט און פֿעסטע מאַנסביל-שטיוול. קוילעס האָבן דאָרט אַ רייד געגעבן, עטלעכע מיט אַמאָל, אַ זיכערער אַקסל האָט דאָרט אַ פּרווו געטאָן פֿון דרויסן די טיר, און נאָכדעם האָט מען אָנגעהויבן שטאַרק צו קלאַפּן, פֿריער אין איין פֿענצטער, און באַלד — אין צווייטן. אַבע האָט אַ ציטער געטאָן, געעפֿנט די אויגן, און ניט דערקענט קיינעם אַרום זיך, אין שטיבל האָבן זיך פֿאַרבראָכן אַ פּאָר הענט — דער יידענעס הענט. די הענט האָבן אַ רייד געטאָן מיט אַ קאָל פֿון אַ מענטשן:

— אוי, עס איז שלעכט... ס׳איז שלעכט!..

עמיצנס אַ פּאָר אויגן האָבן זיך פֿאַרגלאָנצט מיט אַזאַ צעטומלטקייט, גלייך נידעריקער פֿון זיי איבערן האַלדז, פֿירט מען דורך מיט אַ מעסער, און אין דערוועלבער צייט האָט אַבעס לייב דערפֿילט, אַז דאָ אין שטוב, ווייל עס מער ניט בלייבן, דאָ איז אים ענג, ווי אין אַ שטייג, וואָס מע וועט באַלד אַף אייביק שליסן. ווען אין דרויסן זאָל זיין איינער אָדער צוויי, וואָלט ער זיך אַף זיי געוואָרפֿן, נאָר דאָרט ריידן אַ מענשן זיבן-אַכט:

— האָב זיי אַ שוואַרץ יאָר!..

פֿלינק מיט אַ שטומען זייטיקן שוים, איז אַבע געווען אין פֿינצטערן אונטער-הויז, אָנגעטאַפּט דעם לייטער אין ווייטן ווינקל און איז אַרויף אַפֿן בוידעם. דאָרט איז ער געשטאַנען אַ ווײַלע אָנגעבויגן און זיך איינגעהערט: מען איז שוין אַריין אין שטוב. מע רעט הויך, שטאַרק הויך. מען בייזערט זיך, זיין לייב האָט פֿאַראַקשנט זיך, געצויגן ווייטער דורך דעם היפּשן לאָך אַרום קוימען, האָט ער אויסגעקוקט דעם דאַך פֿון דער נאָענטער שטאַל און זיך אַהין איבערגעקליבן. דאָ איינם ווייכן היי, וואָס פֿילט אָן דעם לעבעדיקן שטאַל-בוידעם, איז געווען פֿיל וואַרעמער, פֿינצטערער און שטילער. פֿון הינטן האָט זיך נאָר געהערט, ווי דעם סטעלמאַכס צוויי פֿערד הערן אויף אַ ווײַלע צו קייען און הערן זיך איין, באַגלייך ווי דאָס, וואָס אַפֿן בוידעם טוט זיך, דערמאָנט זיי אָן די אָפּטרעטנדיקע דייטשן, באַ וועמען דער סטעלמאַך האָט זיי פֿאַר אַ שיבעש אָפּגעקויפֿט, און אַרום דעם שטאַל—קיין מינדסטער שאָרך. אַבע האָט זיך אַזוי לאַנג איינגעהערט צום אויסגאַנג פֿון שטאַל, ביז אים האָט אָנגעהויבן ציען דער האַלדז אין נאַקן. ער האָט מיד און שלעפֿעריק דעם קאָפּ אונטערגעשפּאַרט, און ווי נאָר ער האָט אָנגעהויבן דרעמלען, אַזוי גלייך האָבן פֿיל פּיצעלעך און שטיקלעך שרעק אָנגעהויבן נעענטער צו אים צוטרעטן. זיין לייב איז געלעגן צווישן זיי, ווי נאַקעט. ער האָט זיך אויפֿגעכאַפּט טיף אין דער נאַכט. אַרום אים — אַ כאָלעמדיק גערויש, אַרומגעצוימט, ווי מיט שטעכנדיקע דראָטן, אַ ביקס האָט טומלדיק אויסגעשאָסן, אָפּגעוואַרט און ווידער אויסגעשאָסן, נאָר אַז ער האָט זיך איינגעהערט, איז אַרום-און-אַרום דער שטאַל, ווי פֿריער, געווען באַנאַכטיק-שטיל. לינקס,

פֿון יענער זייט, ווו עס געפֿינט זיך דעם סטעלמאַכס שטיבל, האָט מען נאָר געטאָן אַ שטאַרקן קלאַפּ מיט דער טיר. אַ ווייבעריש קאָל האָט דאָרט פּלוצים אויסגעשאָסן, היסטעריש און ווילד, ווי ניט וועלנדיק נאָכגיין איינעם, וואָס שלעפּט זי מיט גוואַלד אין דרויסן. אַ ווײַלע האָט דאָרט דאָס קאָל זיך, ווי פֿאַרהאַלטן, זיך איינגעגריבלט מיט שאַרפֿן גרויל אין טויטער באַנאַכטיקער לופֿט, נאָר באַלד זיך איבערגעריסן, זיך אָפּגעהאַקט מיט אַ מאָדנע-שטילן ווייבערשן זיפֿץ:

אוי ווײ צו מיר, ווײ!

און ווידער אַ מאָל טויבער טויטער גליווער און אייביק—פּוסטע נאַכט אַרום.

ווידער האָט זיך אַבע אויפֿגעכאַפּט אין גרויסער שרעק. געווען איז דאָס מיט גרויען טאָג-ליכט, אים האט זיך געדאכט: זכאַריע דער סטעלמאַך קרעכצט, ער בעט אַ טרונק. נאָר אַז ער האָט זיך אַרומגעקוקט, האָט ער ארום זיך קיינעם ניט געפֿינען, און שטאַרק דורשטיק איז גאָר געווען ער, אַבע אַליין. ער האָט שטיל אַרויסגעקלעטערט אין דרויסן. איצט באַם גרויען שלעפֿעריקן שאַריען, מיט ערשטן קרייען פֿון די הענער, איז געווען די בעסטע צייט אַף מאַכן פּלייטע. ער האָט זיך געשווינד אַ טראָג געגעבן אַראָפּ בערגל, צו דער נעפּלדיק-פֿייכטער בערע, וואָס נאָך דעם סטעלמאַכס לאַנגן גאָרטן, נאָר פּלוצים דערזען, ווי קעגנאיבער דעם בריקל העצקען אַף פֿערד עטלעכע פּעטליוריִשע רייטער, העצקען אין אַ הירטל, ווי אַן אויסשפּיר-טייל, וואָס קערט זיך אום אין דאָרף פֿון נאָך באַנאַכטיקן מעראַגלים-זוכן. אַבע האָט זיך מיטאַמאָל צונויפֿגעלייגט אין צווייען, אַ יאָג געגעבן אָן אַ זייט, און איינגעהויקערטערהייט זיך אַריבערגעוואָרפֿן איבער אַ פּלויט אין אַ פֿרעמדן גאָיִשן גאָרטן, ער האָט ניט געוווּסט, צי דער רייטער-טייל האט אים געזען צי ניין. ער איז געלעגן אַ ווײַלע און זיך אײַנגעהערט: מע רעדט אַלץ הויך אין אָנהויב בערע, באַם בריקל, קלאָלעס קלינגען דאָרט, ווי אַ טויבלעכער מעטאַל, און צו אַנטלויפֿן איז שוין שפּעט: מע הויבט אָן רודערן אַרום די הייזער. אַ וואָגן רוקט זיך ערגעץ הילכיק, ווי אַף ברוקירטן שטיין, און ווייט ווייט אין רעכטן עק פֿון דאָרף הויבט מען אָן זונטיקדיק צו קלינגען אין קלויסטער. עס איז שוין געווען אינגאַנצן ליכטיק. עס איז קוים-קוים וואַרעם אויפֿגעגאַנגען די זון, געאײַלט, געאײַלט צו העלער צייט פֿון מיטן טאָג און דער דרויסן האט זיין פֿרעסטל געהאַלטן אין איין נאָכלאָזן.

III.

אַבע איז געלעגן אין אַ פֿרעמדן גאָיִשן גאָרטן אין אַ גרוב, וואָס איז אַמאָל אַ קעלער געווען; געזעסן דאָרט פֿאַרלוירן אַף אַ פֿאַראיאָריק בערגל מיסט און זיך איינגעהערט: אין דאָרף טופּען אַלץ נײַ און נײַ פֿערדישע טלאָען, פּעטליוריִשע רייטער קומען צו.

איין זייט גרוב איז געווען פֿאַרדעקט מיט קרומע צווייגן, מיט דינע פּרוטיקלעך, און דורך זיי האָט זיך דער הימל געזען, ווי דורך אַ סכאַך, אַ ריינער אָנהויב-ווינטערדיקער הימל, אַ נײַ אויסגעבלויטער און אַ לויטערער, וואָס ציט צום פֿרישן דרויסן, נאָר דער טאָג אַליין דערמאָנט שטאַרק אָן אַלץ, וואָס איז פֿאַרגעקומען באַנאַכט—אַ לאַנגע נאַכט. אַבע זיצט דאָ אין גרוב אָן אַ היטל. ער ווייס ניט, ווו האָט ער זיין היטל פֿאַרלוירן: באַם פּלויט, צי נאָך אין סטעלמאַכס בוידעם צווישן היי. ער געדענקט אָן אויפֿהער דעם סטעלמאַכס צוויי פֿערד, וואָס זיינען הפֿקרדיק פֿאַרבליבן דאָרט אין שטיבל: באַנאַכט, ווען עס וועט פֿינצטער ווערן, וועט ער פּאַקן איינעם פֿון אָט די פֿערד און וועט שטיל אַוועקיאָגן צוריק אַהין, אין דאָרף, צו די „גרויסע". נאָר אָט, ווען עס זאָל אויפֿהערן האַווקען דער הונט, וואָס באַם פּויער אַפֿן הויף אַף דער קייט! ווען קיינער זאָל אים אַ גאַנצן טאָג ניט פּאַקן אָט דאָ אין גרוב, ווו ער ליגט.

איצט אַף באַטאָג.

צוויי שיקערע פֿון די היידאַמאַקעס זיינען דורכגעגאַנגען גאָר נאָענט לעבן פּלויט, ניט ווייט פֿון דער גרוב, ווו ער ליגט. געהוסט זיגעריש צו אַ שיקסע אין אַ הויף, באַגעגנט אַ זייעריקן, אַ נײַ-צוגעקומענעם, אַפּאָנים, און זיך מיט אים אָפּגעשטעלט, זיך דורכגעשאָלטן דרייגאָרנדיק אין דער לופֿט און פֿאַרשוווּנדן. און נאָכדעם איז שוין געווען נאָענט צו זון זעצן זיך, און אין דאָרף האָט באַנייס זונטיקדיק געקלונגען דער קלויסטער און איז באַנייס אַנטשוויגן געוואָרן, און דעמלט האָבן קריסטלעכע קינדער-מיידלעך, אַפּאָנים—שפּילנדיק געשאַרט צווישן די אָפּגעפֿרוירענע גרעזער, וואָס נאָענט לעבן גרוב; געשאַרט, געשאַרט און צום גרוב דאָך ניט געקומען, געפּלאַפּלט צווישן זיך אַזוי רויִק קינדעריש, און געדאַכט האָט זיך אַלץ: זיי זיינען אַזעלכע ווייטע, ווייטע: זיי די שפּילנדיקע קינדער, און ער אַבע, וואָס ליגט אין גרוב, זיי: די שפּילנדיקע קינדער, און דעם סטעלמאַכס הפֿקרדיק שטיבל, וואָס דאָ ניט ווייט אַף אַ זייט. עס האָט זיך געהערט, ווי מאַמעדיק מע שרייט צו זיי איצט פֿאַרנאַכט פֿון ווייטלעכן הויז, וואָס אין אָנהויב גאָרטן אַפֿן בערגל. מע רופֿט זיי איצט ווי טאָמיד רויִק צו דער היימישער נאָר וואָס פֿאַרטיקער קאַרטאָפֿל.

אַבע האָט שטיל אָנגעהויבן אַרויסקלעטערן פֿון גרוב.

אין גרינגן פֿרעסטל האָט געשמעקט מיט שאָלאַכץ פֿון קאַלטע עפּל און מיט נײַעם שעפּסענעם פּעלץ.

אין מיטן דאָרף אַנטקעגן שטיל געוואָרענעם קלויסטער האָבן אויסגייענדיק דעררויכערט די צוויי היידאַמאַקישע אייזערנע קיכן, געזעצט מיט דאַמף פֿון פֿעטן מאַרך-ביין און פֿון ביילעוו. און היידאַמאַקעס, אין דאָרף זיינען געווען אַסאַך, אַסאַך.

פֿריִער אַ ביסל איז מען מאַכנעסווייז געשטאַנען אַפֿן פּלאַץ, זיך געוואָרגן אין אייגענעם רייעך, אַ רייעך פֿון אויסגעוועבטן יאָדאָפֿאָרם און פֿון שווייס, זיך געשטופּט צו אַ גרויסער שפּילנדיקער האַרמאָשקע, אַרום וועלכער עס טאַנצן פּאָרן. דערנאָך האָבן צו פֿאַרנאַכט צו ערגעץ געבריקעוועט פֿערד, געיאָגט צו אַ נידעריקן עק הימל, וואָס ברענט אַרום דאָרף, ווי אַ גענעמדיקער פֿייער. אין מיטן דאָרף האָט מען געמיסטיקט מיט שאָלאַכץ פֿון יאָדערן, מיט קאַטשאַנעס פֿון קרויט און אויפֿגעהויבן אַ גרויס געלענדער באַ יעדער פּרווו, וואָס אַ שיקסע מאַכט אַרויסצוטרעטן פֿון פֿאָטער-הויז, און פּלוצים האָבן זיך דאָרט דערהערט די קוילעס, וואָס האָבן אַבען אַרויסגענאַרט פֿון גרוב.

— יאָג אים, יאָג אים!

— לאָז ניט דורך.

אין אַ צושאָטענעם געמיש האָבן די ערשטע פּאָר פּיס אַוועקגעיאָגט צו אַ פרעמדער פוּר, וואָס באַווייזט זיך אין מיטן וועג אין אָנהויב עק פון דאָרף:

— כאַפּ! האלט! האַלט!

און נאָך זיי האָבן זיך געלאָזט אַנדערע—אַלע. מע האָט אויסגעשאָטן פון די שטיבער און פון די הויפן, באַשטיוולטע קני האָבן בעריעש געשווינדלט פון איבער פלויטן און אַלץ איז געלאָפן אַהין, צו דעם פרעמדן פאַרהאַלטענעם וואָגן:

— לאָז ניט!

— זיי האָבן געוואָלט אַנטלויפן.

די מאַכנע אַרום דער פוּר איז געוואקסן, ווי אַ רירעוודיקע געשווילעכץ, זיך געשנירלט און גערינגלט, רעציכעדיקע האָט מען דאָרט איבער אַקסלען און איבער קעפּ אַריינגעזידלט און אין סאמע מיטן פון דער מאכנע אַריינגעשטויסן מיט די פויסטן און זיך אַלץ געריסן צו צוויי פרעמדע, וואָס זיינען אין טיפן מיטן פון דער מאַכנע שוין געווען שטאַרק הייזעריק און מיד פון ווערן זיך און האָבן נאָך אַלץ געשריגן מיט גרילצנדיקע האַלב דערוואָרגענע קולעס און מיט טאינעס, טאינעס.

עמיצער האָט דאָרט אַלץ געוואָלט אַלעמען פאַריידן, אַלעמען פאַרפּלוידערן מיט אָן אַ שיר רייד.

עס איז געוואָרן שפּעט; עס איז אויפגעגאַנגען די לעוואָנע, דעמאָלט האָט מען פון מיטן דער מאכנע אַרויסגעפירט א פּאָר מידע אויסגעשפּאנטע פערד, מע איז אַוועק מיט זיי אראָפּ אין דאָרף אריין, ווי נאָך אַ רויקן פּסאק-דין, און די ארומיקע ענגע רייען האָבן זיך פאַנאנדערגעשאָטן, זיך ניט פאַנאנדערגעגאנגען, נאָר זיך צעקראָכן אויסגערונגען און זיך צושווומען ווי אַ געשווילעכץ. אין גאנצן דאָרף איז מען שוין געשלאָפן, און נאָר אַבע איז דאָרט איינער אַליין געשטאַנען; געשטאנען אָן א היטל אין זיין גרויער אָפּגעריבענער שינעל, האַרט ביים פאַרטראַכטן ציילעם, וואָס אין אָנהויב דאָרף, און האָט געקוקט מיט באנאכטיקע אויגן.

אַ קעגן, אַפן אָרט, ווו עס איז פאָרגעקומען דער געשלעג, איז געבליבן ניט מער, ווי אַ היפשער ליידיקער וואָגן אַן אומגליקלעך-אויסגעשפּאַנטער מיט אַ שטעקנדיקן דישל, מיט וואַלגערנדיקע פערדישע שלייעס, און אַרום וואָגן האָבן געפּאָרקעט צוויי פרעמדע געשלאָגענע ברוים: איינער אַ ווּקסיקער אין אַ קורץ לייבל און אין שטיוול, אַ רירעוודיקער ווי אַ יונג אויסגעפראַוועטער סאָלדאַט, וואָס פאָלגט און רעט ווייניק. ער האָט אַלעמאָל צוגעלייגט אַ זשמעניע צו דער נאָז און האָט געקוקט אַנטקעגן דעד לעוואָנע, צי עס גייט נאָך בלוט. און דער צווייטער אַ מיטל-ווּקסיקער אין אַ שוואַרצער שינעל, האָט אַלץ ניט אויפגעהערט קורצזיכטיק צו פּאָרקען אין דער שטרוי פון וואָגן און קלאַפּן דאָרט אין דער ברעט ווי מען קלאַפּט אין אַ דאָפּלטער דעק:

— ס'איז דאָ, האָט ער געזאָגט, אַלץ איז דאָ.

דער דאַשיק פון זיין סטודענטישן היטל איז אים געווען פאַרפאָרן אין אַ זייט. זיין צוטראָגן פּאָנים האָט אויסגעזען אַזוי, ווי עס וואָלט וואָכן לאַנג קיין צייט ניט געהאַט צו לאָזן זיך אַרומגאָלן און פּאַר זיינע שוואַרצינקע גלאַנציקע שוואַרצאַפּל איז געווען ווינציק פלאַץ אין די קליינע שמאָלע אויגן. זייער אויסדרוק איז געווען:

— ניטאָ קיין צייט... ניטאָ קיין צייט...

— איז ווי, האָט ער אַלץ געפרעגט באַם לאַנגן,—טוט וויי אַ? טוט וויי?

אַבע האָט זיך אַלץ דערנעענט צו זיי פּאַמעלעך פון אונטערן ציילעם, וואָס אין עק דאָרף אַנטקעגן; געגאַנגען אַ טריט נאָך אַ טריט, נאָר אַלץ אָן מוירע. ביידע זיינען זיי געווען געשלאָגענע, געיאָגטע, ווי ער, אַבע. זיין לייב האָט זיך צו זיי געצויגן, געצויגן און ניט געפילט קיין סאַקאָנע. ער איז שוין געווען נאָענט, געשטאַנען ווי אַ בער מיט אויסגעקייכלעכטע הענט און געקוקט מיט באַנאַכטיקע אויגן, און פּלוצים האָט זיין בליק באַגעגנט יענער ווּקסיקער אין לייבל און שטיוול, וואָס קעגנאיבער דעם וואָגן, באַגעגנט טומפּ אָן שוידער. אבע האָט שטיל אָפּגעטראָטן צוריק צום ציילעם, נאָר יענער האָט זיך אַלץ דערנעענטערט צוגעקומען פּאַמעלעך מיט אַן אָנגעבויגענעם שטערן, ווי אַף אַ שטויס צו געבן און מיט מעשונע-פרעמדע שטאַרק גרויע אויגן; אַ ווײַלע האָט ער זיך אַזוי אַריינגעזויגן אין אַבעס פּאָנים.

אַ פויזע.

זיין קאָל האָט אַ פרעג געטאָן באַ אַבען, זייער שטיל, גלייך ער בעט זיך באַ אים ער זאָל פאַרגלויבן זיין סאָד:

— דאַכט זיך, אַ ייד?.. אַ?..

שטיל.

— דאַכט זיך, אַ ייד?.. צי ניין?

אַבע האָט אָן מוירע אַראָפּגעשלונגען. געדאַכט האָט זיך אים, אַז ער מאַכט פּינקטלעך נאָך דעם שטילנס קאָל. ער האָט אַ פּאָנפּע געטאָן צו זיך אין נאָז:

— נו, יאָ...

און אָפּגעוואַרט אַ ביסל, צוגעגעבן:

— ס'יידן, אַ?..

די שטאַרק גרויע אויגן האָבן באַמערקט, אַז ער איז אָן אַ היטל:

— ווי קומט מען עפּעס אַ הער? האָט זיך געכידעשט דער לאַנגער.

אַבע האָט אָנגעהויבן דערציילן. נאָר איצט זיינען שוין לעבן אים געשטאַנען ביידע פרעמדע, זיי האָבן זיך אַ שעפּטשע געטאָן, אַ קוק געגעבן אַף אַבען, זיך ווידער אַ שעפּטשע געגעבן און ווידער אַ קוק געגעבן אַף אַבען:

— און צו די גרויסע, האָט מען באַ אַבען געפרעגט,—צו די גרויסע איז ווייט? צו די אויפגעשטאַנענע...

— צום פערטן פּאָלק? וואָס, אי דען?

— מיר דאַרפן...

— אַזוי... אַ וויאָרסט פופצן זאָג איך.

— ניט מער?

אַבע האָט אומשולדיק אויפגעהויבן די אַקסלען:

— מענטש איינער, איך קום דאָך פון זיי...

— ווידער אַ מאָל אַ שטום קוקעניש אַף אַבען, אַ שטיל שעפטשען און באַנייס אַ קוקעניש.

— און אַ פּאָר פּערד קאָן מען קריגן?

אַבע האָט געזאָגט.

— בעסער צופוס.

— ניין, מיר מוזן האָבן.

— וואָס זשע? אַבע האָט מיט אַ באַלעגאָלישן ווינק זיך אַ זייטל געטאָן אָפּן וועג,—מע פירט דאָרט עפעס?

— מע פירט.

אַבע האָט זיך גענומען קראַצן. ער האָט זיך אַרומגעקוקט.

— פאַראַן דאָ באַם סטעלמאַך אין שטאַל אַ פּאָר פּערד.. ערשט אָט דאָ באַנאַכט האָט מען געהאַרגעט דעם סטעלמאַך...

— נו?...

— מוז מען דעם וואָגן פריער אַוועקשלעפּן אַרום און אַרום דארף צום בריקל, וואָס באַ דער בערע, און איך האָב מוירע... און הונגעריק בין איך .. ניטאָ עפעס צו קייען?

אַבען האָט מען געגעבן ברויט, און צום בריקל אַ קוק געגעבן, איז אַוועק דער באָכער מיטן לייבל און מיט די שטיוול, דערנאָך האָבן אַלע איניינעם אַ הין געשלעפּט דעם וואָגן, דער באָכער מיטן קייענדיקן אַבען, איינגעשפּאַנט אין די שלייעס און דער צעטראָגענער אינם סטודענטישן היטל האָט אונטערגעשטופּט. באַ דער שיין פון דער לעוואָנע האָט אַבע אַרויסגעפירט און איינגעשפּאַנט דעם סטעלמאכס פּערד און דער, וואָס אין סטודענטישן היטל, האָט אַלץ געוואָלט זאָל זיין גיכער, גיכער.

— איז עפשער אַף אייך וואַרט מען? האָט געפרעגט אַבע.

— ס'איז דען?

— כ'האָב געהערט זאָגן: מען וואַרט אַף אַ פּאָר מענטשן פון די רויטאַרמעישע פּאָלקן... און אַף געלט האָב איך געהערט וואַרט מען.

אוןביידע פּרעמדע האָבן זיך דורכגעקוקט, באַ אַבען האָט מען געפרעגט:

— פאַראַן דאָרט באַ אייך אין שטאָב איינער מיט אַ בעלמע אָפּן אויג?

— פאַראַן, אַ לאַנגער אַזאַ, אַ קאַיסן זאָגט מען, ס'איז. דען?

— גאָרנישט, ס'איז רעכט, ס'איז רעכט... פאָר!

מע האָט זיך אַלע דריי אַרייַנגעוואָרפן אין וואָגן און מע איז שטיל אַוועק מיטן זאַמדיקן וועג אַרויף אַ באַרג. איצט איז שוין דער אָוונט איינגאַנצן געווען טונקל. מע האָט באַלד נאָכן באַרג אויסגעמיטן דעם ברייטן וועג, און מ'איז אַוועק מיט אַ זייטיקן, אַ שמאָלן, וואָס פאַרלירט זיך אין דער ברייטער שטרעקע, ווי אין אַ סטעפּ. דאָרט האָבן די פּערד אָנגעהויבן אונטערצולויפן, און ביידע פּרעמדע האָבן זיך ווי איינגעהויקערט און אַנטשוויגן געוואָרן. אַבע איז געזעסן אין וואָגן באַלעגאָליש, אָן אַ היטל, די פיס אונטער זיך, און האָט פויל אָנגעטריבן. ער האָט אַלץ געדענקט דאָס דאָרף, וואָס אונטער די פלייצעס, און זכאַריע דעם סטעלמאכס האַלב גאָיעש, האַלב יידיש שטיבל, וואָס דאָרט אַנטקעגן דער איינקלאַסיקער שול:

— געווען, באַדאַרפט כאָטש אַריינגיין אַהין צו זכאַריע דעם סטעלמאַך, כאָטש אַ קוק טאָן... אים האָט באַנג געטאָן זכאַריע דער סטעלמאַך, אָט אַזוי, ווי עס טוט באַנג אַ שטילער ייד אַ פעטער, אַזעלכער, וואָס זאָגט קיינמאָל ניט קיין ווייך וואָרט, נאָר מע ווייסט דאָך, אַז ער איז געטריי און מע פילט זיך נעבן אים געשיצט, און אויך דער מאַליאַסניק פונם הויז אונטער בלעך, וואָס אַרויס דאָרף, האָט שטיל און באַנאַכטיק באַנג געטאָן.

אַבע האָט אַלץ געקוקט אַקעגן צום קליינעם וועלדל, וווהין מע דערנעענטערט זיך. הויך איבערן וועלדל האָט איצט נאָך ליכטיקער ווי פריער געשיינט די לעוואָנע. אונטן, צווישן די בוימער, האָט זיך געדאַכט לויפט אַרום עפעס אַ שטאַרק רויטלעכס און רירעוודיקס, ווי אַ קליין ציטעריק פייערל, נאָר אַ קאַלטס, ווי ז'אָס פרעסטל, וואָס שטאַרקט זיך אין דער שפּעטער נאַכט אַריין, ווי די קאַלטע שיין, וואָס גיסט זיך פון אויבן, פון דער לעוואָנע. וואָס מער מע האָט זיך דערנעענטערט, אַלץ מער האָט זיך עס אָפּגערוקט, אָט דאָס קאַלטע רירעוודיק פייערל, זיך אָפּגערוקט און אַנטלאָפן טיפער אין וואלד אַריין. אַבע האָט זיך אַזוי לאַנג אין פייערל איינגעקוקט, ביז ער האָט שיר, אָנגעהויבן דרעמלען: מע איז שוין געווען גאָר נאָענט לעבן וועלדל. און פלוצים האָט אַבע זיצנדיק אָפּן וואָגן, זיך אַ וואקל געטאָן און האָט מיט ציטעריקן גרויל טומפּ צעעפנט די אויגן. ער איז טיף און זיך נאָך אַלץ מיט אַלע כושים געשלאָפן, נאָר די אויגן זיינען דאָך באַ אים געבליבן אָפן און געזען האָבן זיי ווי אין כאָלעם: אין אָנהויב וועלדל אַפן ליידיקן אויסגעהאַקטן אָרט, צווישן די וואָרצלען, וואָס גען זיך אנטקעגן דער לעוואָנע, ווארפט זיך איבער אַ שאָטנדל פון איין אָרט אַפן צווייטן, און אַ געשטאלט ווי אין אַ קליידל, א מאָדנע גרינגס און שוועבעדיקס, טוט דאָרט אַ יאָג באָרוועס מיט אַ קינד אַף די הענט, שווימט ארויס פון צווישן די בוימער, וואָס אין איין זייט, און פאַרשווינדט גלייך צווישן די בוימער, וואָס אַנטקעגן.

— טפרו! האָט אבע פלוצלונג אָפּגעשטעלט דעם וואָגן און איז געשווינד אַראָפּ פון דער פור.

— וואָס? האבן דערשראָקן, ווי פון שלאָף אַ פרעג געטאָן ביידע פרעמדע, וואָס האָט געטראָפן?

נאָר אַרום און אַרום איז געווען מאָדנע שטיל. די לעוואָנעשיין האָט זיך געגאָסן פון אויבן אַפן וועלדל און אין דער גאָרער טיף פון וועלדל ניט קיין מינדסטער שאָרך אַפילע, ניט קיין פייער, און ניט קיין ריר פון אַ בוים, אָדער פון אַ צווייג. אַבע האָט אָקאָרשט איצטער, ווי אופגעוואַכט. ער האָט זיך ארומגעקוקט:

— ניין, גאָרנישט... האָט ער געענפערט.

און פאַרגייענדיק פון פאָרנט פאַר די פערד האָט ער געמאַכט אַזאַ אויסזען, גלייך באַם שפּאַן האָט זיך עפעס צעריסן, און ער פאַרבינדט שטאַרק, מיט קויעך און מיט אַסאַך קניפּן, קעדיי עס זאָל מער ניט פּלאַצן. ער האָט פלוצלונג דערפילט, אַז מיט די צוויי, וואָס זיצן אַפן וואָגן, איז ער, ווי פון לאַנג שוין זייער היימיש.—דאָס זיינען ניט די פאַרשוינען פון זיין שטיף-

פאָטער, וואָס ער פלעגט פירן, און די פור אַליין איז אויך עפּעס גאָר אַן אַנדערע—זי איז קיינעמס ניט און איז אַלעמענס.

— אַ בראַנד אין זיי, האָט ער געזאָגט,—היצליעס, אַ?—אָט יענע וואָס אין דאָרף... מירן גיין אַף זיי, אַ? מירן גיין אַף זיי מיט אונדזער גאַנצן פאָלק.

.IV

אף מאָרגן אין דער פרי.

רויטער שטאָף האָט הויך אַפן שטיבל פון „שטאַב" געפלאַטערט פון גאַנץ פרי אָן, ווי אַ פרישער קימפעט-פאָרהאַנג זיך געווינטלט מיט אָן אַ שיר קנייטשעלעך אין די קנאַקנדיקע כוואַליעכלעך און אין יעדער קנייטשעלע אַ פרייד:

— אַן עק צום שטיין.

אנטקעגן, אין גרויסן בלאָטיקן הויף אַרום די פאַרקאַזאַרמעטע שטיבלעך, ווו מע רייניקט די קאַזיאָנע פערד האָט אַרומגעבלאָנדזשעט אַבע.

אַרומגעבלאָנדזשעט שלעפעריק נאָך א קורצן גאַנץ פריִעדיקן דרימל, געשטאַנען היימיש, ווי אַן אָרטיקער, וואָס קאָן גלייך מיט אַלע אַרומיקע דאָ זאָגן אַ דייע, און אַלץ גייט אים דאָ אָן נאָך פיל מער איידער עס גייט אים אָן זיין קאַלע, וואָס דאָרט אין שטאָט אין טאָל... צו איר, צו דער קאַלע איז שוין איצט עפּעס אַזוי ווייט-פיל ווייטער, ווי עס האָט זיך געדאַכט. נאָר אים, אַבען, אַרט עס ניט.

אַבע האָט שטייענדיק אַזוי, געשפיגן זויערלעך און בייז. אין ווייטן ווינקל איז אַ הירטל קאַזיאָנע פערד געשטאַנען מיט פאַרשמאָלטע, דרימלענדיקע אויגן, זיך גענעצט סאַי באַ טאָג, סאַי באַנאַכט אַפן רעגן. צו דריי פון אָט די פערד האָט אַבע געהאַט אַ נאָענטע שאַיכעס: איינס איז געווען אַ קליינס אַ פאַרמורזשעטס, דעם יידישן שמידס, פון אונטער דעם דאָרף באַם ווייטן טראַקט, און צוויי זיינען געווען דעם סטעלמאַכס: גרויסע, מיט שטאַרק קורצע, אייביק צאַפלענדיקע ווייטיק-עקן מיט אָפּגעשאָרענע פאַרמוליעטע העלדזער, און מיט דאַרע שמעקנדיקע קלובעס. אַבע האָט אַף זיי געקוקט אומעטיק, ווי אַף יעסוימים.

— שטיי, דו!

מיט אַ בייזלעכער פאָנפע האָט ער זיך אָנגעבויגן צו איינעם פון די פערד, אים באַפרייט אַ פאַרפלאָנטערטן פוס פון שטריק, און ניט געשלאָגן מיטן פוס אין בויך, ווי עס קומט אין אַזעלכע פאַלן.

און קוקנדיק אזוי, האָט ער שוין געפילט, אַז אויך אַלע אַנדערע פערד, וואָס דאָ אין הויף, זיינען אים פיל מער אייגן, ווי די פערד פון זיין שטיף-טאַטן איכיעל-מוישע דעם באלעגאָלעאויך צו זיי האָט ער ווי אַלע מענטשן, דאָ אין פאָלק זייער אַ נאָענטע שאַיכעס.

— אַבע! האָט מען גערופן פון אונטן,—גיי!

— מע רופט דיך אין „שטאַב" אַריין, אַבע!

אַבע האָט זיך אַהין אַוועקגעלאָזן מיט א באַשעפטיקט פאָנים פון אַ שוטעף. ער האָט געוווסט, אַז אין „שטאַב" זיצן נאָך אַלע פון פאַרטאָג אָן, פאַרזאַמלט אַרום די צוויי נייע, וועלכע ער האָט נעכטן אין אָוונט אַרויסגעראַטעוועט. ער, אַבע איז איינער פון זיי.

אין שטאַב האָבן זיך אַלע געצויגן מיט אַ שמייכל אַפן פאָנים, זיך געצויגן, ווי פון נאָך אַ לאַנגער אָנגעלייגטער מאַיסע.

— אַבען, האָט מען געזאָגט,—דעם ערשטן געהאַלט! אַבע האָט אַרויסגעהאָלפן זיך פאַרבינדן מיט די רויט-אַרמעישע פאָלקן.

— מאָלאָדיעץ!... אַ העלד—אַבע!

אַבע האָט געקוקט ברויגעזלעך, ווי גלייך אימיצער וויל אים דאָ זאָגן:

— האָסט דאָך דאָ געוואָלט, ניט מער, ווי צו דיין קאַלע. האָסטו דאָך געוואָלט. ער איז געווען גרייט צו ענטפערן:

— איז וואָס-זשע, אַז איך האָב געוואָלט, איז וואָס?

ער האָט געקוקט מיט ניט גלויבן אַפן געהאַלט, וואָס מע גיט, און האָט עס מוירע געהאַט צו נעמען אין די הענט אַריין, ווי גלייך מע וויל אים מיטן געהאַלט אָפּאַטערן; מע וויל אים זאָגן:

— אָט האָסטו דערפאַר וואָס דו האָסט אַרויסגעראַטעוועט—און איצט גיי דיר, צו דיין קאַלע, גיי דיר.

אַבעס לייב האָט געפילט, או עס וויל פונדאַנען ניט אַוועקגיין.

אַבע האָט געוואָלט זאָגן, אַז ער האָט אלע יאָרן אומזיסט געהאָרעוועט אַף איכיעל-מוישע דעם באלעגאָלע און אַף זיינע פאַרשוינען—און האָט אַלע יאָנטעוו אומזיסט געזאָגט „ייזקויר" אין דער באלעגאָלישער שול; אַז ער האָט צוליב זיי אַלע יאָרן אַוועקגעלייגט זיין געזונט און אז זיי צוליב אים—אַ קרענק אַף זיי, א בראַנד!... אַבע האָט געוואָלט זאָגן, אז צו „אָט יענע" וועט ער זיך ניט אומקערן; אז א מענטש איז ער א פראָסטער, נאָר אז דאָ, אין דער אַרמיי איז—די נעשאָמע...

נאָר אַבע האָט ניט געקאָנט ריידן, איז ער דעריבער געשטאַנען בייזלעך, ווי אָנגעבלאָזן. ער האָט ניט געוואָלט קוקן אַפן געהאלט, וואָס מע שטרעקט צו אים אויס. ער איז געשטאנען צום אויסגעשטרעקטן געלט ווי מיט א בייזלעכער זייט און האָט בייז און פאַרשלאָפן געפרעגט:

— איז ווען גייען מיר מיטן פאָלק אַפן דאָרף?... אַף ליִשטשינאָווקע, הייסט עס, ווען גייען מיר?

א. קאַרפ.

# קאָנטראָל-ציפֿערן פֿון ו. ס. ר. ר.[1]

אין סאָוונאַרקאָם פֿון ו. ס. ר. ר. איז דאָ ניט לאַנג באַטראַכט געוואָרן דער פּראָיעקט פֿון די קאָנטראָל-ציפֿערן פֿאַר דער פֿאָלק-ווירטשאַפֿט פֿון ווייסרוסלאַנד אַף 1926—27 יאָר, וועלכן עס האָט פֿאַנאַנדערגעאַרבעט דער מעלוכע-פּלאַן. דאָס איז די ערשטע דערפֿארונג פֿון צונויפֿשטעלן קאָנטראָל-ציפֿערן פֿאַר ווייסרוסלאַנד.

צונויפֿשטעלן די קאָנטראָל-ציפֿערן איז באַזונדערס שווער געווען באַ דער אָפּוועזנהייט פֿון גענוגנדיקע סטאַטיסטישע ידיעס וועגן דעם פֿאַרמילכאָמע-פּעריאָד און פֿאַר די לעצטע יאָרן פֿון ווירטשאַפֿטלעכער בויונג, אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם, וואָס עס זיינען פֿאָרגעקומען אַ גאַנצע ריי אַדמיניסטראַטיווע און טעריטאָריעלע ענדערונגען און פֿאַרברייטערונגען; ווייסרוסלאַנד, שטעלט מיט זיך אויך ניט פֿאָר אינגאַנצן אַ פֿארענדיקטן עקאָנאָמישן ראַיאָן. אונדזערע ווירטשאַפֿט-פֿאַרבינדונגען מיט דעם גאַנצן ראַטן-פֿארבאנד זיינען אַף אַזוי פֿיל קאָלאָסאַל און באַדייטנד, אַז ס'איז אינגאַנצן אומעגלעך אַפֿן גרונט פֿון דינאַמישע קאָפֿיציענטן פֿון אונדזער ווירטשאַפֿט-אַנטוויקלונג, בלויז דערלערנענדיק די געזעצמעסיקייט פֿון דער אָביעקטיווער אַנטוויקלונג פֿון ווייסרוסלאנד, בויען אונזערע קאָנטראָל-ציפֿערן, בויען אונדזערע האַשאָרעס אַף דער צוקונפֿט.

אונדזער ווירטשאַפֿטלעכע אַנטוויקלונג איז אין זייער אַ גרויסער מאָס אָפּהענגיק אָן דער מאַטעריעלער שטיצע מיצאַד דעם ראַטנפֿארבאנד (דאָטאַציעס צום ביודזשעט און פֿינאַנסירונג פֿון פֿאָלקווירטשאַפֿט), אָן דער ניוואָ און פּאָליטיק פֿון פּרייזן, אָן דעם אַריינפֿיר פֿון סכוירע אין ו. ס. ר. ר. א. א. וו. דער אַנטוויקלונג-טעמפּ פֿון אונדזער פֿאָלק-ווירטשאַפֿט איז אָפּהענגיק אָן דעם אַנטוויקלונג-טעמפּ פֿון דער גאנצער ווירטשאפֿט פֿון ראַטנפֿארבאַנד.

אָט די אַלע מאָמענטן און נאָך אַ גאנצע ריי מעטאָדאָלאָגישע שוועריקייטן האָבן באַזונדער שווער געמאַכט צונויפֿשטעלן די קאָנטראָל-ציפֿערן, דערלאָזנדיק ווען ניט ווען אַ ניט גענוגנדיקע באַגרינדונג, אין אַנדערע פֿאַלן האָבן די עלעמענטן פֿון נויטווענדיקייט דאָמינירט איבער דעם, וואָס איז מעגלעך געווען צו טאָן.

אין פֿאל ווען די פֿארבאַנד-רעגירונג וועט פֿארקירצן אונדזערע פֿאָדערונגען פֿון ו. ס. ר. ר., וועלן אונדזערע קאָנטראָל-ציפֿערן מוזן פֿאַרשמעלט ווערן און אַף אַזא מין אויפֿן וועט אין אַ געוויסער מאָס ליידן זייער רעאַלקייט.

די אַרבעט פֿון צונויפֿשטעלן די קאָנטראָל-ציפֿערן איז באַדייטנד ניט נאָר אין הינזיכט פֿון אָנמערקן די גרויס פֿון אונדזער ווירטשאפֿטלעכער בויונג אין 1926—27 יאָר, נאָר, הויפּטזעכלעך, ווי אַ פּרווו דערלערנען די דינאמיק פֿון אונדזער פֿאָלקווירטשאפֿט פֿאר די פֿאַרגאנגענע יאָרן. דאָס וועט זיין אַ ווערטפֿולער יעש אין דער וויסנשאפֿטלעך-עקאָנאָמישער ליטעראטור פֿון ו. ס. ר. ר.

## די קאָנטראָל־ציפֿערן פֿון פֿאַרבאַנד.

נעמענדיק אין אַכט דאָס געמיינזאמע פֿון די ווירטשאַפֿטן פֿון פֿארבאַנד און איינצלנע פֿאַרבאַנד-רעפּובליקן, איז נויטיק פֿעסטשטעלן די גרונט-טענדענצן און שוועריקייטן, וועלכע שטייען פֿאַר דער פֿאָלק-ווירטשאַפֿט פֿון פֿאַרבאנד אף דעם 1926—27 יאָר.

די אָנגעמערקטע קאָנטראָל-ציפֿערן פֿון פארבאנדישן מעלוכע-פּלאן כאראקטעריזירן אין פֿאַרגלייך מיט די ציפֿערן פֿון די פֿריערדיקע יאָרן אַ שארפֿע פֿאַרקירצונג פֿון אַנטוויקלונג-טעמפּ אין דער פֿאָלק-ווירטשאַפֿט; אויב אין 1925—26 יאָר האָט די פּראָדוקציע נעגעבן אַ צוּוואוקס אַף 45 פּראָצ אין פֿארגלייך מיט 1924—25 יאָר, האָט זיך אין 1926—27 יאָר דער טעמפּ פֿון וווקס פֿאַרהאלטן אַנערעך אַף 15 פּראָצ. דיזעלבע דערשיינונג פֿון אָפּגעהאַלטענעם טעמפּ ווערט קאָנסטאַטירט בענויגייע דעם ביודזשעט און די איבעריקע ווירטשאַפֿט-צווייגן. דאָס דערקלערט זיך מיט דעם, וואָס ס'איז פֿאַרענדיקט געוואָרן דער פּראָצעס פֿון אויפֿשטעלן די פֿאָלק-ווירטשאַפֿט. מיר האָבן דערגרייכט דעם פֿארמילכאָמע-פּעריאָד און גיין אריבער צו דעם פּעריאָד פֿון רעקאָנסטרוקציע, ווען באַ אַ גרויסער אָנשטרענגונג פֿילט זיך, אַז עס פעלט אַ גרונט-קאפּיטאל און אז עס איז נויטיק אים אויפֿשטעלן.

ניט קוקנדיק אַף דעם אָפּגעהאלטענעס טעמפּ, באווייזן די קאָנטראָל-ציפֿערן פֿון 1926—27 יאָר, אַז עס ווערט פֿאָרגעזעצט דער וווקס פֿון פֿאָלק-ווירטשאפֿט אין פֿארבאנד און אין איינצלנע ווירטשאַפֿט-צווייגן, אז עס ווערן פֿארשטארקט די סאָציאַליסטישע עלעמענטן פֿון אונדזער ווירטשאַפֿט.

גלייכצייטיק שווימען אַרויס די שוועריקייטן פֿון אונדזער ווירטשאַפֿטלעכער בויונג; די נאָכפֿראַגע אַף סכוירע פֿאַרגרעסערט זיך גיכער פֿאַר דער פּראָדוקציע.

## די גרונט־טענדענצן פֿון דער אַנטוויקלונג פֿון פֿאָלק־ווירטשאפֿט אין ו.ס.ס.ר.

די צונויפֿגעשטעלטע קאָנטראָל-ציפֿערן איבער ו.ס.ס.ר. און דאָס דערלערנען די דינאַמיק פֿון די פֿריערדיקע יאָרן קאָנסטאַטירן א פֿאַרשטאַרקטן וווקס פֿון דער לאַנדווירטשאַפֿט און פּראָדוקציע אין ו.ס.ס.ר., פֿאַר די לעצטע יאָרן האָט דער טעמפּ פֿון וווקס אינם ביודזשעט פֿון ו.ס.ס.ר. באדייטנד אַריבערגעיאָגט דעם טעמפּ פֿון וווקס אין פֿאַרבאנדישן ביודזשעט. אין 1926—27 יאָר

1) באַמערקונג: סאָף סענטיאַבר וועלן דערשיינען „די קאָנטראָל-ציפֿערן פֿאַר דער פֿאָלקווירטשאַפֿט פֿון ווייסרוסלאנד" אויסגאַבע פֿון מעלוכע-פּלאַן 4—5 דרוק-בויגן. דער סטאַטיסטישער ציפֿער-מאַטעריאַל וועט ענדגילטיק דורכגעקאָנטראָלירט ווערן. די ניט פּינקטלעכקייטן, וועלכע זיינען מעגלעך, וואָ דערלאָזן געוואָרן, וועלן אַזוי אַרום פֿאַריכט ווערן.

ווען די פאָלק-ווירטשאַפט פאַרענדיקן רעם אופשטעלונג-פראָצעס און וועט אין אַלע צווייגן דערגרייכן קימאַט דעם פאַרמילכאָמע-ניווא. גלייכצייטיק איז נויטיק קאנסטאַטירן, אַז באזונדערס האָבן געליטן איינצלנע צווייגן פון ווירטשאַפט אין צייט פון מילכאָמע און אָקופּאַציע, ווען אַ גאַנצע ריי פאַבריקן און אונטערנעמונגען זיינען אינגאַנצן פאַרניכטעט געוואָרן און זיינען נאָך ביז היינט ניט אופגעשטעלט.

## די פּראָדוקציע

די אַלגעמיינע ארום-און-אָרומיקע פראָדוקציע פון לאַנד- און וואַלד-ווירטשאַפט און אינדוסטריע איז מען מעשאַיער צו פאַרגרעסערן אין 27—1926 יאָר אַף 10 פראָצ. אין פאַרגלייך מיט דעם 26—1925 יאָר (אין פאַרמילכאָמע רובל). די אַבסאָליוטע סומע פון דער פראָדוקציע וועט אָפּגעשאצט אין 513.000.000 פאַרמילכאָמע רובל אָדער אין 913.000.000 טשערוואָנע רובל. די פאַרהעלטעניש צווישן דער אינדוסטריע-פראָדוקציע און דער לאַנדווירטשאַפטלעכער פראָדוקציע וועט אילוסטרירט אַף דעם פאָלגנדיקן אויפן.

### אין פאַרמילכאָמע-רובל.

| | 1924-25 | 1925-26 | 1926-27 |
|---|---|---|---|
| די אינדוסטריע פאַרנעמט . | 18 פראָצ. | — | 24 פראָצ. |
| די לאַנדווירטשאַפט פאַרנעמט . | 82 פראָצ. | — | 76 פראָצ. |

### אין טשערוואָנע רובל.

| | 1924-25 | 1925-26 | 1926-27 |
|---|---|---|---|
| די אינדוסטריע פאַרנעמט . | 26 פראָצ. | 28 פראָצ. | 31 פראָצ. |
| די לאַנדווירטשאַפט פאַרנעמט . | 74 פראָצ. | 72 פראָצ. | 69 פראָצ. |

(דער אונטערשייד אין דער פראָצענטן-פאַרהעלטעניש פון די פאַרמילכאָמע-רובל און טשערוואָנע רובל, דערקלערט זיך הויפּטזאכלעך מיט דעם, וואָס דער לאַנדווירטשאַפטלעכער פרייזן-אינדעקס אַנטשפרעכט ניט דעם אינדוסטריעלן אינדעקס).

דער וווקס פון דער אינדוסטריע-פראָדוקציע באַווייזט אונדז אינגאַנצן אנשוילעך ווי עס אַנטוויקלט זיך נאָרמאל די פאָלק-ווירטשאַפט פון וו.ס.ס.ר. אין דער ריכטונג פון אינדוסטריאַליזירונג. דערדאָזיקער פראָצעס מוז אַף ווייטער פאַרשטאַרקט ווערן מיט דעם אופבויען פון נייע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, דורך עלעקטריפיצירן וו. ס. ס. ר., די לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָאָפּעראַציע מוז שטאַרקער ארומכאַפּן די איבערארבעטונג פון דעם לאַנדווירטשאַפטלעכן רויוואַרג, דאָס וועט פאַרגרעסערן די אינדוסטריע און פאַרשטאַרקן אונדזער סאָציאַליסטישע באזע.

## די מאָמענטן פון פאַרגעזעלשאַפטלעכן.

אַנאַליזירנדיק דעם וווקס פון פאָלק-ווירטשאַפט אין ווייסרוסלאַנד איז נויטיק לייגן אַ באַזונדערע אַכט אַף דער ריכטונג פון אונדזער ווירטשאַפטלעכן וווקס. מאכמעס ס'איז קלאָר, אַז די הויפּט-אופגאַבע פון אונדזער סאָוועטן-מעלוכע איז אָנווענדן דעם וווקס פון דער פאָלק-ווירטשאפט אַפן וועג פון פאַרגעזעלשאפטלעכן און פאַרשטאַרקן אין איר די סאָציאליסטישע עלעמענטן. איצט איז שוין מעגלעך קאָנסטאַטירן אַ באשטימטע באַדייטונג פון די פאַרגעזעלשאפטלעכע עלעמענטן אין דער פאָלק-ווירטשאַפט פון וו.ס.ס.ר. און אַ טענדענץ אָט די עלעמענטן אַף ווייטער פאַרשטאַרקן.

אין דער פראָדוקציע פון דער צענז-אינדוסטריע פאַרנעמען די מעלוכישע און קאָאָפּעראַטיווע אָרגאנען 95 פראָצ. (די פראָדוקציע איז אויסגערעכנט געוואָרן אין פאַרמילכאָמע-רובל) אויב מען זאל מאַכן דעם כעשבן פון דער גאַנצער אינדוסטריע-פראָדוקציע, ד. ה. סאַי פון דער צענזאָווער, סאַי פון דער קוסטאַרישער און קליין-פראָדוקציע, מיט אייגענעם רויוואַרג אָדער רויוואַרג פון באשטעלער, וועט די ראָל פון די פאַרגעזעלשאַפטלעכע עלעמענטן באַטרעפן אַנערעך 50 פראָצ. די וויכטיקסטע קאמאַנדיר-הויכן פאַרנעמט די צענז-אינדוסטריע, ווו די פארגעזעלשאפטלעכטע עלעמענטן איז זייער גרויס. די דינאמיק פון דער אַנטוויקלונג באַווייזט אז די ראָל פון די פאַרגעזעלשאַפטלעכטע עלעמענטן אין דער צענזאָווער אינדוסטריע ווערט פאַרגרעסערט פון יאָר צו יאָר.

די ראָל פון די פאַרגעזעלשאַפטלעכטע עלעמענטן אין דער לאַנדווירטשאַפט איז ניט קיין באַדייטנדע. זיי פאַרנעמען בלויז 2,7 פראָצ. (סאָוו. ווירטש., קאלעק. ווירטש. און אַנד.). די פריוואַטע פויערישע ווירטשאַפטן שטעלן מיט זיך פאָר 97,3 פראָצ. די דינאַמיק פון דער אַנטוויקלונג באוויזט, אַז דער פראָצענט פון די פארגעזעלשאַפטלעכטע עלעמענטן אין דער לאַנדווירטשאַפט ווערט ניט באַדייטנד פאַרקלענערט. די פאַרקלענערונג קומט פאָר אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם, וואָס עס ווערן ליקווידירט אַ גאַנצע ריי סאָוועטישע ווירטשאפטן און די ניט שטאַנדהאפטיקע קאָלעקטיווע ווירטשאפטן.

אַף דעם געביט שטייט פאַר אונדז א קאָלאָסאָלע אופגאַבע: פאַרשטאַרקן די געזעלשאַפטלעכע עלעמענטן אין דער לאַנדווירטשאַפט און פאַרבעסערן די טעטיקייט פון דער לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָאָפּעראַציע אין הינזיכט פון קאָאָפּערירן די פראָדוקציע און אָפּזאַץ פון די לאַנדווירטשאפטלעכע פראָדוקטן. אין דערוועלבער צייט איז נויטיק פאַרשטאַרקן די אַנטוויקלונג פון די קאָלעקטיווע ווירטשאַפטן. בא היינטיקן טאָג כאַפּט אַרום די לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָאָפּעראַציע נאָר אַרום 20 פראָצענט פויערישע ווירטשאפטן.

אַפן 1926-27 יאָר פּראָיעקטירט מען, אז די פארגעזעלשאַפטלעכטע עלעמענטן אין דעם פאַרמיטלערישן סכוירע-אומזאַץ זאָל פאַרנעמען 68,6 פראָצ. (קאָאָפּעראטיווער האנדל—47,6 פראָצ., מעלוכע-האנדל—21 פראָצ.), די פריוואטע עלעמענטן—31,4 פראָצ. לויט דער דינאַמיק איז צו באמערקן אַ פאַרשטאַרקונג פון די פאַר-

געזעלשאַפטלעכטע עלעמענטן אין דעם פאַרמיטלערישן סכוירע-אומזאַץ: אין 1924-25 האָט דער פּריוואַטער האנדל פאַרנומען 38 פּראָצ., אין 1926-27 וועט זיין ספּעציפישע וואָג פאַלן ביז 31,4 פּראָצ. די פאַרשטאַרקערונג פון די פארגעזעלשאפטלעכטע עלעמענטן אין סכוירע-אומזאַץ קומט פאָר הויפּטזאכלעך אפן כעשבן פון ווּקס פון קאָאָפּעראַטיוון האנדל.

די פאַרהעלטעניש פון די פּריוואַט-ווירטשאפטלעכע און פארגעזעלשאַפטלעכטע עלעמענטן אין דעם שטאָטישן וואָינונג-פאָנד דריקט זיך אויס אַזוי: דער מעלוכע, קאָאָפּעראַטיווער און קאָמונאַלער וואָינונג-פאָנד אין די שטעט באַטרעפט 35 פּראָצ., דער פּריוואַטער—65 פּראָצ., די בעסערע געביידעס געפינען זיך דאָס-ראָוו אין די הענט פון די קאָמונאַלע און מעלוכע-אָרגאַניזאַציעס.

די ספּעציפישע וואָג פון די פאַרגעזעלשאַפטלעכטע עלעמענטן אין וו.ס.ס.ר. שטייט אָפּ פון אַ גאַנצער ריי אַנדערע מער אינדוסטריעל-אַנטוויקלטע ראַיאָנען פון פאַרבאנד. פאַר דעם אַרבעטער-קלאַס פון וו.ס.ס.ר. שטייט אַ קאָלאָסאַלע אופגאַבע,—פאַרגרעסערן די סאָציאַליסטישע עלעמענטן אין אונדזער פאָלק-ווירטשאַפט.

## די גרונט-באַווייזן.

די קאָנטראָל-ציפערן גיבן אונדז אַ פאָלגנדן איבערזיכט איבער די גרונט-צווייגן פון אונדזער פאָלק-ווירטשאפט.

ל אַ נ ד ו ו י ר ט ש אַ פ ט. די פּראָדוקטן פון דער לאַנדווירטשאַפט, וואַלדווירטשאַפט און פישערווירטשאפט ווערט אויסגערעכנט:

א י ן פ אַ ר מ י ל כ אָ מ ע - ר ו ב ל:

| 1924-25 | 1925-26 | 1926-27 |
|---|---|---|
| 355 מיל. רוב. | 366 מיל. רוב. | 388,7 מיל .ר. |

עס איז צו באַמערקן, אַז די פּראָדוקציע פון דער לאנדווירטשאַפט פאַרגרעסערט זיך פון יאָר צו יאָר: דער 1926—27 יאָר דאַרף אומגעפער געבן 8 פּראָצ. צוּוואוקס. אין טשערוואָנע רובל ווערט די פּראָדוקציע פון לאַנדווירטשאַפט אַפן 1926—27 י. אָפּגעשאַצט אין 631,5 מיל. רובל.

דאָסזעלבע איז צו באַמערקן אַ בעהאַדראָגעדיקע פאַרברייטערונג פון די פאַרזיי-שעטעכן:

| 1923 | 1925 | 1926 |
|---|---|---|
| 2.251 טויז. דעס. | 2.426 טויז. דעס. | 2,428 טויז. דעס. |

גלייכצייטיק באַווייזט דער 1926—27 יאָר, אַז צוגלייך מיט דעם פאַרגרעסערן די פּראָדוקציע פון פיצוכט און לאָנקע-ווירטשאַפט, ווערן שטאַרק פאַרקירצט די זלאַק-קולטורן. די טוווע-גערעטעניש איז געפאַלן אַף 8—7 פּראָצ., דער דעפיציט פון די זלאַק-קולטורן באַטרעפט אומגעפער פון 9 ביז 10 מיליאָן. ווייסרוסלאַנד איז אויך אין פאַרמילכאָמע-פעריאָד געווען אַ פאַרברויכערישער ראַיאָן, וועלכער האָט אַריינגעפירט זלאַק-קולטורן. דער פלאַנמעסיקער אַריינפיר פון טוווע און אַ פלאַנמעסיקע באַזאָרגונג פון די שטעט און אינדוסטריעלע צענטרען באַקומט אינם קינפטיקן יאָר אַ באַזונדער וויכטיקע באַדייטונג. אין דער קאַמפּאַניע פון ברויט-פאַרגרייטונג, וואָס שטייט אונדז פאָר, דאַרף צוגלייך מיט דעם אַרויסבאקומען דעם ברויט פון אינערלעכן מאַרק (אומגעפער 2.800.000 פוד), פאַרגרעסערט ווערן דער ברויט-אַריינפיר פון די איבעריקע ראַיאָנען פון פאַרבאנד (אוקראינע).

באַ דעם אַלגעמיינעם ווּקס פון די פאַרזייונג-שעטעכן איז צו באַמערקן, אַז דער ווּקס פון ליין-פאַרזייונג שטעלט זיך אָפּ. דאָס דערקלערט זיך הויפּטזעכלעך מיט דעם נידעריקן ניוואָ פון מעקאָכים אַף ליין אין פאַרגלייך מיט די מעקאָכים אַף קאָרן. אין צוזאַמענהאַנג מיט אונדזער גרונט-אופגאַבע, צו פאַרברייטערן די פאַרזיי-שעטעכן פאַר די טעכנישע קולטורן, וועט אויסקומען דערלאָזן אין קינפטיקן יאָר אַ טיילווייזע פאַרגרעסערונג פון די מעקאָכים אַף ליין, און אַף אַזאַ אויפן שטויסן צו אַ ווייטערדיקן ווּקס פון די פאַרזיי-שעטעכן.

אַ דאַנק דעם, וואָס אין אונדזער פּראָדוקציע ווערט פאַרשטאַרקט די איבעראַרבעטונג פון קאַרטאָפל, וועט דער קאַרטאָפל-שעטעך ווייטער פאַרברייטערט ווערן.

## א י נ ד ו ס ט ר י ע.

די אינדוסטריע פון וו.ס.ס.ר. געהערט צו דער גרינגער אינדוסטריע און אַרבעט אַף דעם אייגענעם רויוואַרג און אַף דעם רויוואַרג פון באשטעלער (קוסטאַר-פּראָדוקציע און קליין-פּראָדוקציע).

די פּראָדוקציע פון אונדזער גאַנצער אינדוסטריע, וועלכע אַרבעט אַף איר אייגענעם רויוואַרג, באטרעפט: אין פארמילכאָמע-רובל

| | 1926—27 | 1925—26 | 1924—25 |
|---|---|---|---|
| | 61,5 מיל. | 47,4 מיל. | 29.9 מיל. |
| דער פּראָצענט פון ווּקס . . | 30 % | 58 % | — |

די פּראָדוקציע פון אונדזער אינדוסטריע, וועלכע אַרבעט אַפן רויוואַרג פון באשטעלער, באטרעפט:

| 1926—27 | 1925—26 | 1924—25 |
|---|---|---|
| 69,8 מיל | 63,4 מיל. | 55,2 מיל. |

די גאַנצע אינדוסטריע-פּראָדוקציע, וועלכע אַרבעט מיט איר

אייגענעם רויוואַרג, ווי אויך מיט דעם רויוואַרג פון באַשטעלער, באַטרעפט:

| | 1926—27 | 1925—26 | 1924—25 |
| --- | --- | --- | --- |
| אין פאַרמילכאָמע-רובל. | 124.3 מיל. | 105 מיל. | 80.3 מיל. |
| אין טשערוואָנע רובל. | 281.8 מיל. | 254.4 מיל. | 174 מיל. |

אַף אַזאַ אויפן וועט די פּראָדוקציע פון 1926—27 י. אין פאַרגלייך מיט דעם פאַרגאַנגענעם יאָר אויסוואַקסן אַף 17 פּראָצ. (אין פאַרמילכאָמע רובל). אויב מען זאָל נעמען די האַשאָרעס בענויגייע דער אינדוסטריע, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין הויפּט ראַט פאַר פאָלק-ווירטשאַפט, דאַרף איר ווּקס געבן אומגעפער 31 פּראָצ.; דער טעמפּ פון ווּקס אין דער מעלוכע-ווירטשאַפט יאָגט אַריבער דעם ווּקס פון דער גאַנצער אינדוסטריע-פּראָדוקציע, דאָס קומט פאָר אַפן כעשבן פון דער קוסטאַר פּראָדוקציע און קליין-פּראָדוקציע.

ס'וועט פּראָיעקטירט אויסצוגעבן אין 1926—27 יאָר קאַפּיטאַלע הויצאָעס פאַר דער אינדוסטריע פון הויפּט ראַט פאַר פאָלק-ווירטשאַפט אין ווייסרוסלאַנד—8.400.000 ר. קעגן די 4.300.000 ר., וואָס זיינען אויסגעגעבן געוואָרן אין 1925—26 י. מען איז אויך מעשאַער צו פאַרברייטערן די אומזאַץ מיטלען פון דער מעלוכע-אינדוסטריע אין צוזאַמענהאַנג מיט די פינאַנציעלע שוועריקייטן, וואָס זי לעבט איבער. דער רעווע פון דער מעלוכע-אינדוסטריע אינם 1926—27 יאָר ווערט אויסגירעכנט אין 8.000.000 רובל.

## די פּראָדוקטיווקייט פון אַרבעט, אַרבעט-לוין, אַרבעט.

אין העסקעם מיט די קאָנטראָל-ציפערן איז אָנגעמערקט געוואָרן צו פאַרגרעסערן אַף 18 פּראָצ. די אַרבעט-פּראָדוקטיווקייט איבער די אונטערנעמונגען פון הויפּט-ראַט פאַר פאָלק-ווירטשאַפט. דאָס קומט פאָר אין צוזאַמענהאַנג מיט די טעכנישע פאַרפאָלקאמונגען, אַ דאַנק דעם, וואָס עס זיינען אויסגעבעסערט געוואָרן די באַדינגונגען פון דער פּראָדוקציע, אויפגעהויבן געוואָרן די קוואַליפיקאַציע פון די אַרבעטער, וואָס זיינען צוגעקומען פאַר יאָרן, אויסגעבעסערט געוואָרן די באַזאָרגונג פון די אונטערנעמונגען מיט רויוואַרג, אויפגעהויבן געוואָרן די אַרבעט-דיסציפלין. דידאָזיקע מאַטעריאַלן וועגן געפּלאַנטן אויפהויבן די פּראָדוקטיווקייט פון אַרבעט איז גענומען געוואָרן אַפן גרונט פון די האַשאָרעס, וועלכע עס מאַכט דער הויפּט-ראַט פאַר פאָלק-ווירטשאַפט אין איינצעלנע טרעסטן. זיי דאַרפן אָן סאָפעק בעלייגט ווערן אין גרונט פון אונדזערע דירעקטיוון בענויגייע דער פראַגע פון אויפהויבן די פּראָדוקטיווקייט פון אַרבעט. די רעאַלע פאַרווירקלעכונג פון זיי בלייבט אָבער נאָך דערווייל אונטער אַ סאָפעק און ס'איז נאָך דערווייל אוממעגלעך צו מאַכן קאָנקרעטע אויספירן.

לויט די קאָנטראָל-ציפערן פון פאַרבאַנד ווערט פּראָיעקטירט פאַרגרעסערן די אַרבעט-פּראָדוקטיווקייט אין דער אינדוסטריע— אַף 9 פּראָצ. און דאָס לייקנט אָפּ טיילווייז די רעאַלקייט פון די מאַטעריאַלן, וואָס עס ברענגט דער הויפּט-ראַט פאַר פאָלק-ווירטשאַפט פון ווייסרוסלאַנד.

לויט די אָנגעמערקטע קאָנטראָל-ציפערן ווערט פּראָיעקטירט אין ווייסרוסלאַנד צום סאָף קומענדיקן ווירטשאַפטלעכן יאָר אויפהויבן אַף 9 פּראָצ. אַרבעט-לוין. ס'איז קלאָר, אַז די מעגלעכקייט צו פאַרגרעסערן דעם אַרבעט לוין איז ענג צונויפגעבונדן מיט דעם, ווי עס וועט פאַרגרעסערט ווערן די פּראָדוקטיווקייט פון אַרבעט און דערפאַר טאַקע איז די מעגלעכקייט אויפהויבן דעם אַרבעט-לוין אָפּהענגיק פון געבן פּינקטלעכער די ציפערן וועגן דעם, אַף וויפל עס ווערט פאַרגרעסערט די אַרבעט-פּראָדוקטיווקייט. רעאַל אויסבעסערן די מאַטעריעלע לאַגע פון אַרבעטער-קלאַס איז מער אָפּהענגיק אָן דעם ענערגישן פאַרקלענערן די איינצעל-פּרייזן און אָן דער פאַרקלענערונג פון ביודזשעט אינדעקס.

ס'איז נאָך ניט אינגאַנצן פאַנאַנדערגעאַרבעט געוואָרן די פראַגע וועגן דער צאָל געדונגענע אַרבעט-קראַפט, וואָס איז פאַרנומען געוואָרן אין פאָלק ווירטשאַפט פון ווייסרוסלאַנד. דערווייל נאָר ווייזט זיך אַרויס דער ווּקס פון געדונגענע אַרבעט-קראַפט אַפן קומענדיקן יאָר, דער ווּקס באַטרעפט 12 פּראָצ. (1.700 מאַן). דער נאָרמאַלער צוּווּקס פון דער באַפעלקערונג אין ווייסרוסלאַנד באַטרעפט 80.000 מאַן אַ יאָר. אומגעפער 2 פּראָצ. פון דער באַפעלקערונג. די פרייע אַרבעט-קראַפט דאַרף טיילווייז אַריינגעצויגן ווערן אין דער לאַנדווירטשאַפטלעכער און אינדוסטריעלער בויונג. דער גאַנג פון דער אַרבעטלאָזיקייט אינם קומענדיקן יאָר וועט קענען באַשטימט ווערן נאָר נאָכדעם, ווי עס וועט אינגאַנצן באַאַרבעט ווערן די פראַגע וועגן דער געדונגענער אַרבעט-קראַפט אין דער פאָלק-ווירטשאַפט.

## דער סכוירע־אומזאַץ.

דער גרונט-מאָמענט, וועלכער כאַראַקטעריזירט דעם האַנדל-באַלאַנס פון וו.ס.ר.ר., איז זיין דעפיציטבאַרקייט. די אָפּוועזנהייט פון גענוגנדע יעדיעס גיט אונדז ניט די מעגלעכקייט פּינקטלעך אויסצורעכענען אונדזער האַנדל-באַלאַנס. לויט די אָריענטיר-יעדיעס פון דער ביוראָ פאַר די קאָנטראָל-ציפערן האָט אונדזער האַנדל-דעפיציט אַף דעם 1926—27 יאָר, באַטראָפן אומגעפער 22.7 מיל. פאַרמילכאָמע-רובל. דערביי איז נויטיק אָנווייזן, אַז 3/4 פון דער סומע פאַלט אַפן כעשבן פון די אינדוסטריע-פאַבריקאַטן. די גרונט-סכוירעס, וועלכע מיר פירן אַרויס, זיינען די פּראָדוקטן פון אונדזער וואַלד-ווירטשאַפט און אינדוסטריע. דער ווּקס פון סכוירע-אומזאַץ אַף דעם קומענדיקן יאָר ווערט אויסגערעכנט אַנערעך אין 13 פּראָצ.

באַזונדערס וויכטיק פאַר ווייסרוסלאַנד איז דער אַריינפיר פון אינדוסטריע-סכוירעס פון די איבעריקע ראַיאָנען פון פאַרבאַנד. קעדיי כאַראַקטעריזירן די באַדייטונג פון דעם סכוירע-אַריינפיר, איז גענוג אָנווייזן, אַז אין 1925—26 יאָר האָט דער אַריינפיר באַטראָפן אַנערעך העכער, 40.000.000 רובל.

די גרויס פון עקספּאָרט און אימפּאָרט-פּלאַן ווערט אין די קאָנטראָל-ציפערן באַשטימט אין פאָלגנדע אָריענטיר-סומען: דער

עקספּאָרט—12,1 מיל. רובל, דער אימפּאָרט—11,7 מיל. רובל. מען דאַרף רעכענען, אַז אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אַלגעמיינער פֿאַרקירצונג פֿון דער פֿאַרבאַנדישער אימפּאָרט-פּראָגראַם, וועט אויך די ציפֿער פֿון אונדזער אימפּאָרט, באַדייטנדיק פֿאַרקירצט ווערן. דאָס וועט אין אַ גרויסער מאָס פֿאַרשווערִיקן די לאַגע פֿון אונדזער מעלוכע-אינדוסטריע און לאַנדווירטשאַפֿט. די גרונט-אויפֿגאַבן אַפֿן געביט פֿון סכוירע-אומזאַץ איז פֿאַרקלענערן די איינצל-פּרייזן און פֿאַרשטאַרקן די ראָל פֿון דעם קאָאָפּעראַציע און מעלוכע-האַנדל.

## וואָינונג-בויונג.

דער גאַנצער וואָינונג-פֿאָנד פֿון די שטעט און ייִשובֿים פֿון שטאָטישן טיפּ אין ווייסרוסלאַנד באַטרעפֿט 1.025.000 קוו. קלאַפֿטער. דערפֿון זיינען 296.000 קוו. קלאַפֿטער—געמויערטע געביידעס און הילצערנע געביידעס—729.000 קוו. קל. דער פֿאַרנעם פֿון דעם גאַנצן וואָינונג-געבוי באַטרעפֿט אומגעפֿער 1.831.000 קוב. קל. דערדאָזיקער פֿאָנד ווערט אָפּגעשאַצט אין 150.000.000 רובל. מען וואָלט באַדאַרפֿט קאָלאָסאַלע מיטלען אַף אויפֿצושטעלן און אייִנגאַנצן אַמאָרטיזירן אונדזער וואָינונג-פֿאָנד און באַפֿרידיקן די אָנוואַקסנדיקע וואָינונג-באַדערפֿענישן פֿון די שטעט, אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם נאָרמאַלן און מעכאַנישן צוּוווּקס פֿון די שטעט.

אַפֿילע בײַ דער סאַמער באַשיידנסטער אויסרעכענונג וואָלט געדאַרפֿט אַוועקגיין אַף דער וואָינונג-בויונג אומגעפֿער 26.000.000 ר. לויט די קאָנטראָל-ציפֿערן ווערט פּראָיעקטירט אַף דער וואָינונג-בויונג אָפּלאָזן 6.000.000 רובל.

אין פֿאַרגלייך מיטן 1925-26 יאָר ווערט פּראָיעקטירט אין 1926—27 אַ טיילווייזע פֿאַרברייטערונג פֿון וואָינונג-פֿאָנדן.

## בּיודזשעט.

נאָך דער פֿאַרברייטערונג פֿון ווייסרוסלאַנד אין 1924 טן יאָר, איז צו באַמערקן אַן אינטענסיווען וווּקס פֿון די אָרטיקע און מעלוכע-בּיודזשעטן. דער וווּקס פֿון די בּיודזשעטן איז אין אַ באַדייטנדער מאָס אָפּהענגיק אָן דעם גיכן וווּקס פֿון אונדזער ווירטשאַפֿט, פֿון דער מאַטעריעלער שטיצע פֿון פֿאַרבאַנד, ווי אויך פֿון דעם, ווי אַזוי עס ווערט געענדערט ווערן די סטרוקטור פֿון דידאָזיקע בּיודזשעטן. די אַלגעמיינע סומע פֿון די בּיודזשעט-האַכנאָסעס, וואָס ווערט צוזאַמענגעקליבן אַף דער טעריטאָריע פֿון רעפּובליק, איז אויסגעוואַקסן פֿון 24,7 מיל. אין 1923—24 יאָר ביז 69,9 מיל. אין 1925—26 יאָר. עס ווערט גערעכנט, אַז אין 1926—27 יאָר וועט אַרײַנקומען העכער 67.000.000.

די האַכנאָסעס, וועלכע האָבן ניט קיין שאיכעס צום שטייער, אילוסטרירן אין 1925—26 י. אַ באַדייטנדן וווּקס אַפֿן כעשבן פֿון וואַלדווירטשאַפֿט, וועלכע איז איינע פֿון די גרעסטע האַכנאָסע-קוואַלן פֿאַר די בּיודזשעטן פֿון וו. ס. ר. ר., ניט קוקנדיק אַף דעם באַדייטנדיקן האַכנאָסע-וווּקס בלײַבן די מעלוכישע און אָרטיקע בּיודזשעטן פֿון וו. ס. ר. ר. דעפֿיציטבאַרע, דאָס דערקלערט זיך מיט דער ניט גענוגנדער מעכטיקייט פֿון דער אָרטיקער רעפּובליקאַנישער ווירטשאַפֿט און מיט די באַדייטנדע באַדערפֿענישן פֿון דער ווירטשאַפֿטלעכער און קולטורעלער בויונג, וואָס זיינען שטאַרק אָפּגעשטאַנען צוליב די מילכאָמע-צערוינירונגען.

דער אַלגעמיינער פֿאַרנעם פֿון רעפּובליקאַנישן מעלוכע-בּיודזשעט אַף 1926—27 יאָר ווערט אויסגערעכנט אין 54.000.000 ר. קעגן די 41.000.000 רובל, וועלכן ער האָט געהאַט אין 1925—26. אַף אַזא אויפֿן איז פֿאָרגעקומען אַ וווּקס אין 31,7 פּראָצ.

דער צוּוווּקס פֿון בּיודזשעט גייט הויפּטזאַכלעך אַף צו פֿאַרשטאַרקן די פֿינאַנסירונג פֿון פֿאָלק-ווירטשאַפֿט און די סאָציאַל-קולטורעלע מאָסמיטלען.

די אָרטיקע בּיודזשעטן וואַקסן מיט אַ מער לאַנגזאַמערן טעמפּ. עס ווערט גערעכנט אָפּלאָזן פֿאַרן אָרטיקן בּיודזשעט אַפֿן 1926—27 יאָר 30,5 מיליאָן. אין 1925—26 האָט ער באַטראָפֿן 26.000.000 (אַ וווּקס. אַף 16—17 פּראָצ.). לויט די אָרטיקע בּיודזשעטן פֿאַרגרעסערן זיך הויפּטזאַכלעך די הוצאָעס אַף דער אָרטיקער פּראָדוקציע, אַף דער לאַנדווירטשאַפֿט, וועג-פֿאַרקער און פֿאָלק-בילדונג. די הוצאָעס אַף דער פֿאָלק בילדונג קומען פֿאָר אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם, וואָס עס ווערט פֿאַרווירקלעכט דער פּלאַן פֿון אַלגעמיינער בילדונג.

אויב מען זאָל נעמען דעם אָרטיקן און מעלוכע-בּיודזשעט פֿון וו. ס. ר. ר., אויסשליסנדיק די אומזאַץ-מיטלען, וועלכע גייען דורך זיי דורך, וועט דער וווּקס פֿון די בּיודזשעטן אַפֿן 1926—27 י. באַטרעפֿן 24 פּראָצ. קעגן דעם וווּקס אין 1925—26 י. בענויגייע די בּיודזשעטן פֿון 1924—25 יאָר וועט דער וווּקס באַטרעפֿן 82 פּראָצ. אַף אַזא אויפֿן איז צו באַמערקן אַ שאַרפֿע לאַנגזאַמקייט פֿון טעמפּ בענויגייע דעם וווּקס פֿון די בּיודזשעטן אַפֿן 1926—27 יאָר. דאָס וועט זיך אָן סאָפֿעק אָפּשפּיגלען אַף אַלע איבעריקע צווייגן פֿון פֿאָלק-ווירטשאַפֿט.

לויט די קאָנטראָל-ציפֿער פֿון פֿאַרבאַנד, וועט דער מעלוכע-בּיודזשעט אַפֿן 1926—27 יאָר אָנגעמערקט אין 4.608 מיל רובל, אין פֿאַרגלייך מיט דעם בּיודזשעט פֿון 1925—26 יאָר, וועלכער האָט באַטראָפֿן 4.039 מיל. רובל, האָבן מיר אַ צוּוווּקס 14.1 פּראָצ. פֿאַקטיש ווערט דער פּראָצענט פֿאַרגרעסערט ביז 19 פּראָצ. אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם, וואָס דער מעלוכע-בּיודזשעט אין 1925—26 י. ווערט פֿאַקטיש אויסגעפֿילט נאָר מיט 3.900 מיל. רובל.

לויט אָט די ידיעס בענויגייע דעם וווּקס פֿון פֿאַרבאַנדישן בּיודזשעט איז מעגלעך, אַז דער טעמפּ פֿון וווּקס פֿון בּיודזשעט פֿאַר ווייסרוסלאַנד וועט אַפֿן קומענדיקן יאָר פֿאַרקירצט ווערן. ווען די פֿאַרבאַנדישע רעגירונג וועט ענדגילטיק באַשטעטיקן אונדזער בּיודזשעט און זיין דעפֿיציט, איז מעגלעך, אַז איינצלנע הוצאָעס, וועלכע עס האָט אָנגעמערקט וו.ס.ר.ר. זאָלן אָדער טיילווייז אָדער אינגאַנצן פֿאַרקירצט ווערן. דאָס פֿאַרשאַרפֿט פֿאַר אונדז די פֿראַגע פֿון אַ שטרענגן דורכפֿירן דעם עקאָנאָמיע-רעזשים בענויגייע די הוצאָעס.

## קאַפּיטאַלע איינלאַגעס.

די אַלגעמיינע גרויס פֿון קאַפּיטאַלע איינלאַגעס אין ווירטשאַפֿט פֿון וו. ס. ר. ר. אַפֿן 1926—27 יאָר באַטרעפֿט 50.027.000 רובל.

איבער די איינצלנע צווייגן פֿון פֿאָלק-ווירטשאַפֿט ווערן די מיטלען פֿאַרטיילט אַף דעם פֿאָלגנדן אופֿן:

| | | |
|---|---|---|
| לאַנדווירטשאַפֿט | 26.078.000 | רובל. |
| אינדוסטריע | 14.119.000 | „ |
| עלעקטריפֿיקאַציע | 3.130.000 | „ |
| קאָמונאַלע און וואָינונג-בויונג | 5.900.000 | „ |
| קאָאָפּעראַציע און האַנדל | 800.000 | „ |
| סאַכאַקל | 50.027.000 | רובל. |

די הוצאָעס וועלן געדעקט ווערן לויט די פֿאָלגנדע אָנגעמערקטע קוועלן:

| | | |
|---|---|---|
| לויטן אַלפֿאַרבאַנד. ביודזשעט | 5.280.000 | רובל. |
| „ מעלוכע-ביודזשעט פֿון וסרר. | 14.849.000 | „ |
| „ אָרטיקן ביודזשעט | 3.548.000 | „ |
| אַפּן כעשבן פֿון די מיטלען צו אָרגאַניזירן די באַפֿעלקערונג | 9.639.000 | „ |
| באַנק-קרעדיט | 16.162.000 | „ |
| פֿון פֿאַרשיידענע | 549.000 | „ |
| סאַכאַקל | 50.027.000 | רובל. |

אין די אָנגעוויזענע קאַפּיטאַלע איינלאַגעס איז נאָר אויסגערעכנט געוואָרן, ווי אַזוי צו דעקן זיי אַפּן כעשבן פֿון ביודזשעט, קרעדיט און מעלוכע-האַלוואָעס. דער אַנטייל אין דער בויונג דורך די ווירטשאַפֿטלעכע און קאָאָפּעראַטיווע אָרגאַניזאַציעס, ווי אויך פֿון דער באַפֿעלקערונג גופֿע, זיינען קלאָר געמאַכט נאָר טיילווייז. באַ דעם געגעבענעם צושטאַנד פֿון דיסקאָנט איז קלאָר מאַכן עס באַדייטנד פֿאַרשווערט.

אַ קאָלאָסאַלער טייל פֿון די קאַפּיטאַלע איינלאַגעס אין לאַנדווירטשאַפֿט גייט אַפּן כעשבן פֿון דער באַפֿעלקערונג גופֿע און לאַנדווירטשאַפֿטלעכן קרעדיט. די קאַפּיטאַלע איינלאַגעס אין 1926—27 יאָר, וועלן געבן זייערע רעזולטאַטן אין 1927—28 יאָר. זיי וועלן שטאַרק ווירקן אַף דער פֿאַרגרעסערונג פֿון דער אַרום-און-אַרומיקער פּראָדוקציע אין וו. ס. ר. ר. און אַף דער אופֿלעבונג פֿון איר ווירטשאַפֿטלעכער טעטיקייט.

## די גרונט־אופֿגאַבן.

די קאָנטראָל-ציפֿערן מערקן אָן ניט קיין פֿאָלק-ווירטשאַפֿטלעכן פּ/אַן אַפּן קינפֿטיקן יאָר, נאָר בלויז אַ לעכאַטכילעדיקע אָריענטירונג. איינצלנע ציפֿערן דאַרפֿן נאָך באַארבעט ווערן. נאָר באַם פֿאַנאַנדעראַרבעטן די אָפּעראַטיוו-פּלענער וועט זיין מעגלעך ענדגילטיק אָנמערקן די ראַמען פֿאַר דער אַנטוויקלונג פֿון די צווייגן אין פֿאָלק-ווירטשאַפֿט און זייער רעאַלער אַנטוויקלונג-טעמפּ.

די קאָנטראָל-ציפֿערן מערקן אָן די ריכטונג פֿון אַ פּלאַנמעסיקער אָנפֿירונג אין די גרונט-אופֿגאַבן פֿון ווירטשאַפֿטלעכער בויונג אין וו. ס. ר. ר.

די גרונט-אופֿגאַבן אַף דער נאָענטסטער צייט זיינען: אינטענסיפֿיצירן די לאַנד-ווירטשאַפֿט, דורכפֿירן די ערד-איינאָרדענונג און מעליאָרירן די ניט באַקוועמע ערד, פֿאַרשטאַרקן די פֿיצוכט און פֿאַרברייטערן די פֿאַרזייונג פֿון טעכנישע קולטורן, וועלכע דאַרפֿן אופֿהויבן דעם סכוירע-טייל אין דער לאַנד-ווירטשאַפֿט. אַ באַזונדער אַכט מוז געלייגט ווערן אף דער אַנטוויקלונג פֿון אונדזער וואַלד-ווירטשאַפֿט, וועלכע איז אין די באַדינגונגען פֿון וו. ס. ר. ר., דאָס וויכטיקסטע נאַטור-רייכטום.

די פֿאַרברייטערונג פֿון דער אינדוסטריעלער בויונג איז די גרונט-פֿראַגע, וועלכע שטעלט זיך אין דער ערשטער ריי, ווייל די פֿאַקטישע אַנטוויקלונג און פֿאַרשטאַרקונג פֿון דעם סכוירע-טייל אין לאַנדווירטשאַפֿט שטויסט זיך אָן אָן דער נויטווענדיקייט צו פֿאַרשטאַרקן די איבעראַרבעטונג פֿון לאַנדווירטשאַפֿטלעכן רויוואַרג.

די איבערבאַפֿעלקערונג אין ווייסרוסלאַנד, דער איבערפֿלוס פֿון אַרבעט-קראַפֿט אין די דערפֿער, שטעט און שטעטלעך, שטרייכט באַזונדערס אונטער די נויטווענדיקייט פֿאַרשטאַרקן די טעכנישע קולטורן און לאַנדווירטשאַפֿט און די נויטווענדיקייט צו פֿאַרברייטערן די אינדוסטריע, און אַזוי אַרום אויסשעפּן די אַרבעטלאָזיקייט.

די אינדוסטריעלע בויונג דאַרף זיך אַנטוויקלען אַפֿן יעסאָד פֿון אויסנוצן דעם אָרטיקן רוי-וואַרג, ווי אויך אַף דעם צוגעפֿירטן רוי-וואַרג. קעדיי ביליק מאכן די פּראָדוקטן פֿון דער אינדוסטריע און די אינדוסטריע גופֿע טעכניש פֿאַרפֿאָלקאָמען, איז נויטיק זי בויען און אַנטוויקלען אַף דער באַזע פֿון עלעקטריפֿיצירונג. די עלעקטריפֿיצירונג פֿון ווייסרוסלאַנד באַ די מעכטיקע ענערגעטישע רעסורסן (טאָרף און אַנד.) עפֿנט נייע מעגלעכקייטן פֿאַר דער אַנטוויקלונג פֿון דער פֿאָלק-ווירטשאַפֿט אין וו. ס. ר. ר. לויט די קאָנטראָל-ציפֿערן איז אָנגעמערקט געוואָרן אינם 1926-27 י. אָנהויבן בויען די ערשטע גרויסע ראַיאָן-סטאַנציע (אין 20.000 קילאָוואַט. שאָ) אַף די אָסינאָווער טאָרף-בלאָטעס. די סטאַנציע עפֿנטברייטע פּערספּעקטיוון פֿאַר קאָנצענטרירן די אַנטוויקלונג פֿון דער אינדוסטריע אין ראַיאָן פֿון וויטעבסקער, אָרשער און מאָליעווער קרייזן.

אַ וויכטיקע אופֿגאַבע שטייט פֿאַר אונדז אַפּן געביט פֿון פֿאַרברייטערן און אויסבעסערן די פֿאַרקער-וועגן אין וו. ס. ס. ר. ס'בויען זיך נייע אייזנבאַן-ליניעס, ס'ווערן פֿאַרבעסערט די גרונטירטע און שאָסיי-וועגן, ס'ווערן געבראַכט אין אָרדענונג די וואַסער-אַרטעריעס פֿון וו.ס.ר.ר. דאָס דאַרף עפֿענען מער ברייטערע מעגלעכקייטן פֿאַר דער אַנטוויקלונג פֿון סכוירע-אומזאץ, פֿאַר דער פֿאַרשטאַרקונג פֿון דער טראַנזיט-באַדייטונג פֿון וו. ס. ר. ר. און איר פֿאַרבינדונג מיט דעם אויסערלעכן מארק.

די אָרדנטלעכע וויכטיקסטע אופֿגאַבן פֿון דער ווירטשאַפֿטלעכער בויונג זיינען:

1. צוציען די מיטלען פֿון דער באַפֿעלקערונג אין די אָרטיקע מעלוכע-אָרגאַניזאַציעס אין דער אַרבעט פֿון ווירטשאַפֿטלעכער בויונג.

2. ענערגיש דורכפֿירן דעם עקאָנאָמיע-רעזשים און זאַמלען מיטלען אַף פֿאַרשטאַרקן די אינדוסטריע-בויונג.

3. פֿאַרקלענערן די איינצל-פרייזן און מיט דעם פֿאַרזיכערן דעם רעאַלן אַרבעט-לוין פֿון אַרבעטער-קלאַס, פֿאַרשטאַרקן דעם צוזאַמענשלוס פֿון שטאָט און דאָרף און אויפֿהייבן דעם וואָיל-שטאַנד פֿון דער באַפֿעלקערונג.

מער ברייטערע פערספעקטיוון פֿאַר דער אַנטוויקלונג פֿון ו.ס.ר.ר. וועלן זיך עפֿענען מיט דעם, ווען עס וועלן זיך פֿאַרייניקן צו ווייסרוסלאַנד האָמלער גובערניע און טיילן פֿון פסקאָווער גוב., וועלכע געפֿינען זיך אין אַ קרוויוועשאַפֿט מיט ווייס-רוסלאַנד לויט זייער נאַציאָנאַלער און עקאָנאָמישער סטרוקטור.

די ווייטערדיקע פֿאַרברייטערונג פֿון ווייסרוסלאַנד אַפֿן כעשבן פֿון די דאָזיקע ראַיאָנען וועט געבן אונדז די מעגלעכקייט פֿאַרווירקלעכן אין אַ מער שנעלערן טעמפ די אויפֿגאַבן פֿון ווירט-שאַפֿטלעכער אויפֿשטעלונג און פֿאַרשטאַרקונג פֿון פראָלעטאַרישער באַזע אין ו.ס.ר.ר. און דאָס וועט פֿאַרזיכערן דעם וווּקס פֿון די סאָציאַליסטישע עלעמענטן אין אונדזער ווירטשאַפֿט.

---

מ. ליאַדאָוו. *)

# קאַמף קעגן יערידע-שטימונגען.

## דער גרונט-יאָדער פֿון אונדזער יוגנט איז ווייט פֿון יערידע-שטימונגען.

אַ ריי ציפֿאַלן פֿון זעלבסטמאָרד צווישן דער לערנוגנט, דער פֿאַקט, וואָס אַ באַשטימטער טייל פֿון דער יוגנט איז פֿאַרכאַפט געוואָרן מיט „יעסעניניסטשינע", אַ גאַנצע ריי העסלעכע ציפֿאַלן פֿון כוליגאַנערײַ, וועלכע זײַנען פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן פֿאַר דער לעצטער צײַט אין אונדזער פרעסע, — דאָס אַלץ האָט אַרויסגערופֿן אַן אומרו אין דער פאַרטייִשער און קאָמיוניסטישער סוויווע. פֿריער פֿאַר אַלץ פֿאַרנעמט זיך יעדערער אַ פֿראַגע, אויף וויפֿל אַט די ציפֿאַלן כאַראַקטעריזירן ווירקלעך די שטימונגען אין דער גרונט-מאַסע פֿון אונדזער אַרבעטער און פויערישער יוגנט, צי די דאָזיקע פֿאַקטן סיגנאַליזירן ניט, אַז עס מערקט זיך אָן אַן עפידעמיע פֿון „דעגענעראַציע"**) צווישן אונדזער יוגנט. צום גליק קען מען זיכער מעלדן, אַז די גרינטלעכע אויספֿאָרשונג, וואָס איז דורכגעפֿירט געוואָרן דורך אַ גאַנצער ריי פאַרטייִשע און קאָמיוניסטישע אָרגאַניזאַציעס האָבן, אָן סאָפֿעק, באַוויזן, אַז דער גרונט-מאַסיוו פֿון אונדזער יוגנט איז אין אַלעמען גענומען אינגאַנצן געזונט, מונטער און זייער ווײַט פֿון דעגענעראַציע. די שאַרפֿע ציפֿאַלן פֿון קרענקלעכע דערשײַנונגען, כאַראַקטעריזירן די שטימונג בלויז פֿון אַ קליינעם שיכט יוגנט, העכסט-וואַרשײַנלעך פֿון דעם טייל, וועלכער האָט זיך אָפגעריסן פֿון דער מאַסע און איז דעקלאַסירט געוואָרן.

נאָר ס'איז פֿאַרשטענדלעך, אַז כאָטש די פאַרטיי אַנערקענט די אָפוועזנהייט פֿון אַ ברייטער עפידעמישער אַנטוויקלונג פֿון די אָנגעוויזענע קרענקלעכע דערשײַנונגען, קען זי אָבער ניט באַגנוגנען זיך אין אָפזאָגן זיך פֿון אַן אַנטשלאָסענעם קאַמף קעגן די דאָזיקע שטימונגען. לויט דער דערפֿאַרונג פֿון דער פאַטאָגענעזיס איז גוט באַוווּסט אויף וויפֿל עס ווירקן אָנשטעקנדיק די דעגענעראַטיוו-שטימונגען אויף די ווייניק באַוווּסטזיניקע און ווייניק אײַנגעהאַלטענע שיכטן פֿון דער יוגנט.

## די וואָרצלען פֿון יערידע-שטימונגען.

רוסלאַנד האָט איבערגעלעבט ברייטע עפידעמיעס פֿון דעגענעראַטיוו-שטימונגען אין פעריאָד פֿון די 80-ער יאָרן פֿונעם פֿאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט און אין פעריאָד פֿון 1907 — 1910 יאָרן. די לערנוגנט, וועלכע האָט גענומען דעם סאַמע טעטיקסטן אָנטייל אין דער פֿאָלקיסטישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פֿון די 70-קער יאָרן, האָט טייקעף נאָך דער מאַפאָלע פֿון אָט דער באַוועגונג זיך אַנטוישט אין זייערע רעוואָלוציאָנערע האָפֿענונגען און אונטער דעם ערשטן אָנגריף פֿון דער רעאַקציע, אינגאַנצן אַוועקגעגאַנגען פֿונעם געזעלשאַפֿטלעכן לעבן. ס'האָט זיך ברייט פֿאַרשפרייט צווישן דער אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך אָפגעזאָגט פֿון די „רעוואָלוציאָנערע כאַלוימעס", דער מיסטיציזם*), טאָלסטאָווי-שטשינע**), זעלבסט-פֿאַרפֿולקאָמונג, דאָס צאַצקען זיך מיט זיך אַליין און זעלבסט-פײַניקונג. אָן אָפגעריסענע פֿון לעבן, ניט פֿאַרשטייענדיק די עקאָנאָמישע פראָצעסן, וואָס קומען אַרום איר פֿאָר, האָט זיך די מערהייט פֿון דער דעמאָלסטיקער אינטעליגענץ אינגאַנצן אַרײַנגעטאָן אין דעם אייגענעם קליינינקן און קליינלעכן פריוואַטלעכן לעבן. און טאָקע אין יענער צײַט פֿלעגט זיך אויסאַרבעטן דער עמעסער קולט פֿון איינעם „איך". אויפֿן יעסאָד פֿון אָט דעם קולט האָט זיך ערפֿאָלגרייך צעבליט די עפידעמיע פֿון זעלבסטמאָרד, ווי אויך, טאָלסטאָיִשע פֿילאָזאָפֿיע, אַסקעטיזם און זוכענישן פֿון פֿרייד אין דער אייביקייט.

אַ נאָך מער שטאַרקערן און ברייטערן פֿאָרעם האָט די עפידעמיע פֿון יערידע באַקומען נאָך אונדזער ערשטער רעוואָלוציע, 1904 — 1907. דעם מאָל איז די גרעסטע מערהייט פֿון אונדזער אינטעליגענץ אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג דורך דעם מעכטיקן אויפֿברויז פֿון דער אַרבעטער-רעוואָלוציע. די אינטעליגענץ איז אַרײַן אין דער רעוואָלוציע מיט אירע האָפֿענונגען און טרוימען, זי האָט ניט פֿאַרשטאַנען און האָט ניט געקענט פֿאַרשטיין דעם ווירקלעכן כאַראַקטער פֿון דער אַרבעטער און פויערישער באַוועגונג, זי איז געווען אַ פֿרעמדע יענע מאַסן, מיט וועלכע זי האָט געפרוּווט האַלטן בײַ האַנט גיין אין די ערשטע עטאַפן פֿון דער רעוואָלוציע. זי האָט זיך דערשראָקן פֿאַרן באַוואָפֿנטן אויפֿשטאַנד, צו וועלכן עס איז געקומען די רעוואָלוציע, און זיך אָפגעטרייסלט פֿון איר. דער גרעסטער טייל אינטעליגענץ, וואָס איז אַנטלאָפֿן פֿון דער רעוואָלוציע, האָט, לויט זײַן סאָציאַלער לאַגע, ניט געקענט צושטיין צום לאַגער פֿון די זיגער. ס'הייבט זיך אָן אַ מאַסן-אָפגאַנג ביכלאַל פֿון געזעלשאַפֿטלעכן לעבן, די פריוואַטלעכקייט פֿונעם אינטעליגענט, וועלכער איז ניט געווען צוזאַמענגעבונדן מיט די מאַסן, האָט אַמפֿולסטן דערפֿילט איר איזאָלירטקייט, פֿאַרלאָזנקייט און פֿולשטענדיקע עלנטקייט. ס'הייבט זיך אָן אַ פֿיבערדיקע זוכעניש פֿון טרייסט. ס'ווערן געמאַכט פרוּוון אַוועקגיין אין „פריוואַטלעכן" לעבן, צו פריוואַטלעכן פֿאַרגעניגן.

זנוס, „סאַנינשטשינע", „קוזמינשטשינע", פֿאַרשיידנאַרטיקע פֿאָרמען פֿון ליבע האָבן אין דער ערשטער ריי געוואָלט געבן טרייסט דער יוגנט, וועלכע האָט זיך אַנטוישט אין געזעלשאַפֿטלעכער טעטיקייט. נאָר, כ'פֿאַרשטייט זיך, אַז די טרייסט איז געווען מער ווי אַ צווייפֿלהאַפֿטע.

דעם גרעסטן טייל יוגנט איז צוגענגלעך געוואָרן אַ בוליקער, אַ שמוציקער, אַ „רובלדיקער" זנוס. מער ווי „קאַצניאַמער" האָט ער

---

*) מ. ליאַדאָוו — איצט רעקטאָר פֿון סווערדלאָווער קאָמוניסטישן אוניווערסיטעט. זיין דאָזיקער אַרטיקל איז באַזונדער אינטערעסאַנט, מאַכמעס אַלס רעקטאָר פֿון אַ קאָמהויכשול איז כ' ליאַדאָוו גוט באַקאַנט מיט אונדזער אַרבעטער-פויערישער יוגנט.

**) דעגענעראַציע — צעפֿוילונג, יערידע.

*) מיסטיציזם — דער גלויבן אין געהיימע זאַכן, אין ניסים.

**) דער רוסישער שרייבער טאָלסטאָי האָט געפרעדיקט פאַסיווקייט, אונטערטעניקייט, ליבע צו סאָנים א. א. וו.

ניט געקאָנט געבן. די פּאָרנאָגראַפיע פון די שרייבער, וואָס זײַנען דעמאָלט אַרײַן אין דער מאָדע, פלעגן צעררייצן די לײַדנשאַפטן, נאָר האָבן ניט באַוויזן די וועגן ווי עס זאָל באַפרידיקן אָט די לײַדנשאַפטן די ניט פאַרמענטלעכע אינטעליגענץ. זייער גיך האָט די ליטעראַטור פאַרשטאַנען איר לעזער און האָט גענומען צונויפלעבן פּאָרנאָגראַפיע מיט נאָטורבעגישן און מיסטיציזם. ראַפּינירטער זנוס — פאַר די, וואָס זײַנען אומשטאַנד באַצאָלן די הוצאָעס, פאַר דער ניט פאַרמעגלעכער אינטעליגענץ — אומזיסטע האַנאָע אין מיסטישן וועטשער־זנוס, אונם „קלײַנעם טײַוול“, אין פאַרשיידנאַרטיקע אינטעליגענטישע געשטעקעס, וועלכע מען האָט גענומען שאַפן און אויסזוכן אין אַלע גראָבע זשורנאַלן און אַלע פילאָזאָפישע דיספוטן. אין די פּאָרנאָגראַפיע, אין די נאָטורבעגיש האָבן געדאַרפט פאַרפילן דעם בלויז, וואָס איז פאַרבליבן נאָכן אָפּזאָגן זיך פון געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. ס'פאַרשטייט זיך, אַז ניט די און ניט יענע האָבן געקענט אויף לאַנג פאַרפילן דעם בלויז. די נאָכגענגער פון „סאַנינען“*) און די שעפער פון געשעטער האָבן געענדיקט מיט דעם, וואָס זיי האָבן אָנגעהויבן אָרגאַניזירן „ליגעס פון זעלבסטמערדער“.

דער קריזיס, וועלכער האָט אַרומגעכאַפּט די אינטעליגענץ אין די 80־קער יאָרן, האָט אַראַנק דעם, וואָס די אינטעליגענטישע ליטעראַטור איז געווען אינגאַנצן איזאָלירט פון דער מאַסע אַרבעטער און פּויערים, ניט געווירקט אויף די שטימונגען פון אָט די מאַסן. פאַרקערט, די עפּידעמיע פון דעגענעראַציע, פּאָרנאָגראַפיע און „געטער־בויונג“ אין דער עפּאָכע פון די 1907 — 1910 י. י. איז שוין ניט דורכגעגאַנגען פאַרבײַ דער אַרבעטער־מאַסע, אַראַנק דעם, וואָס אין די אַרבעטער־שיכטן, האָט זיך נאָך דער רעוואָליוציע דערוועקט דער דורשט צום בוך. די ליטעראַטור, וועלכע איז פאַרסאַמט געווען מיט דעגענעראַציע, איז טיף אַרײַנגעדרונגען אין דער אַרבעטער־סוויווע. אָט די אַלע אַרציבאַשעווס, סאָלאָגובס, קופּרינס, אַנדרייעווס, ניפּוס, מינסקער, מערעזשקאָווסקעס און די איבעריקע מאַיסטער פון פּאָרנאָגראַפישער און נעטלעכער ליטעראַטור, פלעגן געלייענט ווערן און באַהאַנדלט ווערן פון דער אַרבעטער־יוגנט.

די יאָרן פון פּאָליטישן שטילשטאַנד האָבן שטאַרק מיטגעהאָלפן דער ליטעראַרישער מאַקולאַטור פון האָפענונגלאָזיקײַט און דעגענעראַציע פאַרסאַמען אַסאַך קרעפטיקע און גוטע אַרבעטער. בולינאַעריי, שיקרעס, אַנאַרכיזם, מאַקסימאַליזם און טײַלווײַז מיסטיציזם פון פאַרשיידענע „ברידערלעך“, „גיכטערניקעס“ און איבעריקע סעקטאַנטן**) — אָט אין וואָס עס האָט זיך אַרויסגעוויזן די כאַלאָעס פון דעגענעראַציע צווישן די אַרבעטער אין די יאָרן פון רעאַקציע 1907 — 1910.

דער גרונט־שטריך פון דעגענעראַציע איז אין ערשטן און צווייטן פאַל געווען די אויסגעבלאָזנקײַט פון קלײַנינקן און נעבעכדיקן „איך“, וועלכער איז ניט געווען פאַרבונדן מיט די איבעריקע „איכן“. דער קלײַנבירגער, וועלכער איז איזאָלירט און לעבט נאָר מיט זײַנע אינטערעסן האָט געפּרוווט פאַרווערקלעכן יענע פּראָבלעמען, וואָס לאָזט זיך ניט פאַרווירקלעכן: פאַרגעניגן האָבן פון לעבן אָן געזעלשאַפטלעכע אינטערעסן, ניט האָבנדיק דערבײַ די מיטלען צוזעטיקן די שאַרוועס, ווי דאָס האָט די בורזשואַזיע. „וואָס איך וויל, קויף איך“, זאָגט און טוט דער גוויר און פילט, אַז ער איז יענער „אויבערמענטש“, וועמען עס איז אַלץ דערלויבט, און דעם געשטאַלט פון וועלכן עס האָט אים געשאַפן די פילאָזאָפיע פון ניטשע***). „איך בין אַן אויבערמענטש“, איך פאַרלאַנג, איך בין פרײַ פון אַלע קלײַנבירגערלעכע פאַרגרשײַלן“ זאָגט אים נאָך אַ וועלכער ניט איז קלײַנבירגער־אינטעליגענטל. נאָר אין עצעם קען ער נאָר פאַר אַ פערטעלע אָפּעסן אין אַ שמוציקער קיך, פאַרפירן דער כאַלעבאָסטעס קעכן אָדער אַ כאַזערטע, וואָס לערנט זיך מיט אים, וואָס ביידע זיי זײַנען ניט פעיק אויף אַ וועלכן ניט איז ראַפינירטן זנוס. פאַבראַגעס און ניט אויסגעלעבטע קלײַנבירגערלעכע פּסיכאָלאָגיע, פון די פאַרשיידענע סאָרטן און

*) אַ ליטעראַרישער „העלד“ פון זנוס און עגאָיזם.
**) רעליגיעזע גרופּן.
***) אַ קלײַנבירגערלעכער פילאָזאָף פון עגאָיזם און אַריסטאָקראַטיזם.

אַנדרייעווס, צווינגען די טעריטײַט פון אָט די אַלע אויבערמענטשן באַ זייער נאַנצער בולינאַגעריי פון געדאַנק אין לאָבוזעריי צו גערעניקן, אַז עס איז פאַראַן אויף דער וועלט אַ קרימינעלער קאָרעקס. און ווײַל זיי קאָנען ניט באַפרידיקן זייערע צעררייצטע אַפּעטיטן, ניט אָנרײַכנדיק זיך אויף אַ שטראָף, מוזן זיי אומפאַרמײַדלעך דערגיין ביז צו זעלבסטמאָרד און קלעריקאַליזם.

פאַרקערט, אַרײַנפאַלנדיק אין דער אַרבעטער־סוויווע, מוזן די יערידע־שטימונגען אומפאַרמײַדלעך ברענגען צו בולינאַגעריי, אַנאַרכיזם און מאַקסימאַליזם. אויפהערנדיק צו גלויבן, אונטער דער ווירקונג פון דער דעגענעראַציע־ליטעראַטור, אין אַ נײַעם אויפברויז פון דער רעוואָלוציע, האָבן פיל פון דער ניט־געניג באַוווסטזיניקער יוגנט, ווער נאַנצע העלדישקײַט, בראַוועריטשקײַט, אייגנטאָמסן און עקספּראָפּריאַציעס, אין באַנדיטיזם און בולינאַגעריי.

## דעגענעראַציע־שטימונגען אין אונדזערע טעג—ס'איז די פּאַניק פון דעם אײַנזאַמען יאָכיד פאַר דער מעכטיקער קאָלעקטיווער אַרבעט.

מיר האָבן דורכגעפירט די גרעסטע רעוואָלוציע אין דער וועלט. מיר בויען די נײַע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט. מיר בויען זי אין אַ לאַנד, וואָס איז אָפּגעשטאַנען, ווו דער גרעסטער טייל באַפעלקערונג האָט געלעבט און די באַדינגונגען פון קליין־סבוירעדיקער ווירטשאַפט. אונדזערע האַנאַנגשאַלטן, אונדזערע ווירטשאַפטלעכע אָרגאַנען, אונדזערע לערנאַנשטאַלטן, אונדזער ליטעראַטור ווערט באַדינט נאָך אין אַ גרויסער מאָס מיט די קייכעס, פון דער אַלטער אינטעליגענץ, וועלכע איז אָרגאַניש פרעמד דער פּראָלעטאַרישער קלאַסן־פּסיכאָלאָגיע.

דאָסראַוו פון אָט דער אינטעליגענץ האָט ערשט נאָך די גרויסע און האָפענונגלאָזע שלאַכטן „געבויטן דעם קורס“ („смена вех“) און האָט מער אָדער ווייניקער אָנגעהויבן אָרטלעך און ערליך צו דינען דער ראַטן־מעלוכע. נאָר אומבײַשטענדיק דעם קורס, באַנראָבנדיק אַלע אירע האָפענונגען אויף דער מעגלעכקײַט פון אַן אַנדערער, ניט סאָוועטישער מעלוכע־פאָרם, איז די אינטעליגענץ ניט אומשטאַנד איבערצורערציען זיך אַליין, אויסלעבן אין זיך די קלײַנבירגערלעכע פּסיכאָלאָגיע, אין וועלכער זי האָט געלעבט און דערצויגן זיך. אַפילו ערלעך באַטײַליקנדיק זיך אין דער סאָציאַליסטישער בויונג, זײַנען פיל פון די אינטעליגענטן ניט בעקוועם צווייפלען זייער „איך“ מיטן קלאַס, מיט דער מאַסע. יעדערער פון זיי פילט זיך ווי אַ קלײַנינק איזאָלירט שפּענדל, וואָס אַ שטורמישע כוואַליע פון אַ ניט פאַרשטענדלעכער, שרעקלעכער באַוועגונג פון אַ פרעמדן און מעכטיקן קלאַס האָט עס אונטערגעכאַפּט, דרייט און באַוועגט עס לויט דעם אייגענעם, אומפאַרשטענדלעכן ווילן.

די ערשטע יאָרן פון דער רעוואָלוציע האָט אַ טייל אינטעליגענץ אַקטיוו געקעמפט און סאַבאָטירט די רעוואָלוציע, דער צווייטער טייל — אַ פאַבראָגישער און אַ נעבעכדיקער האָט אין שרעק פאַר דער אומפאַרשטענדלעכער גרויסאַרטיקײַט פון דער רעוואָלוציע אַנטלאָפן אונטער די פליגלען פון געטער און סאָלאָבים. די קלויסטערס זײַנען איבערפולט געווען מיט פּראָפעסאָרן, סטודענטן, דאָקטוירים, געלערנטע, סאָציאַליסטלעך — נעבעכדיקע אפּיקאָרסים. דער שרעק פאַרן אומפאַרשטענדלעכן לעבן, פאַרן געפיל פון הונגער, פאַר דעם צאָרנדיקן „כאַמער“, וועלכן מען האָט כעבטן נאָך געקענט געבן „אויף טײַ“, איבער וועלכן מען האָט נאָר וואָס געקענט כויעק מאַכן און קאָמאַנדעווען און וועלכער איז הײַנט געוואָרן אַ מיטגליד פון הערשנדיקן און רעגירנדיקן קלאַס — די פּאַניקשרעק פאַר אָט דעם אַלץ האָט געטריבן די נעבעכדיקע אַפּיקאָרסים קניען פאַר דעם מעכטיקן גאָט, וועלכן מען קען איבערבעטן, ער זאָל אומקערן דעם פאַרגאַנגענעם טאַגײַרן און אין לעצטן פאַל געבן אַ טרייסט אויף יענער וועלט.

ס'האָט זיך געענדיקט דער בירגער־קריג, זײַנען צוגעשט געוואָרן אַלע האָפענונגען אויף די געטער, אויף די ווײַסע גענעראַלן, אויף דער פּאַריזער פינצטערניש, אויף דער אויסלענדישער אינטערווענץ. ס'האָט אָנ־

געהויבן אויפֿלעבן די ווירטשאַפֿט, וועלכע איז צוזוינרט געוואָרן פֿון דער מילכאָמע, סאַבאָטאַזש און בירגער-קריג. ווידער האָבן זיך באַוויזן בולקעלעך, טערטעלעך און די איבעריקע זאַכן פֿון קאָמפֿאָרט, און וועלכע דער קליינבירגער שטעלט זיך ניט פֿאָר קיין קולטורעלן לעבן. דאָס אַליין קען מען קריגן ניט אַף די פּראָדוקט-קאַרטלעך, נאָר פֿאַר דער געווינטער קלינגענדיקער מאַטבייע. די מאַטבייע קען מען באַקומען נאָר דורך אַ שטעלע, אויב ס'איז ניטאָ קיין מיטלען און מאַזל צו ספּעקולאַציע און האַנדל. בײַ די נעטער, וויפֿל דו ווערסט זיך ניט בוקן, וועסטו די בולקעלעך ניט אויסבעטן. די אַרומרינגלונג איז געוואָרן אַ מער פֿאַרשטענדלעכע און דער אינטעליגענט-באַלעבעסל האָט גענומען בײַטן דעם קורס — אַוועק אַלס אַן אָנגעשטעלטער אין ראַטן-אַנשטאַלט, ער האָט זיך גענומען טרייסטן מיט אַ נײַער האָפֿענונג. נעפּ האָט געעפֿענט פֿאַר אים די פּערספּעקטיוו פֿונם אומפּאַרטיידלעכן צוריקקערן זיך פֿון דער פֿאַרגאַנגענהײַט, דאָס פֿאַרוואַנדלען זיך פֿון סאָציאַליזם אין אַ נײַעם טיפּ פֿון אַ דעמאָקראַטישער אָרדענונג מיט דעם אַלטן און געוויינטן אינהאַלט. די ערשטע יאָרן פֿון נעפּ האָט ער געדולדיק געלעבט מיט אַט דער האָפֿענונג, געלערנט פּאָליט-אַזבוקע, קעדײַ ניט פֿאַרקירצט ווערן, צוגעהערט זיך מיט אַ פֿאַרכאַפּטן אָטעם צו די ווידערשפּריכן צווישן די קאָמוניסטן, מיט סימכע אַפּלאָדירט טראָצקין און פּרעאָבראַזשענסקין אין 1923 יאָר פֿאַר זייער אָנפֿאַל אַף דער פֿעסטער ליניע פֿון פּאַרטיי, פֿאַר זייער פֿרײַדיקן דעמאָקראַטיזם. אין די פֿירער פֿון דער אָפּאָזיציע האָט ער געזען די ציקונפֿטיקע באָנאַפּאַרטן*), וועלכע וועלן פֿירן אים, דעם „סמענאָוועכאָוועץ“ אין די טיפֿענישן פֿון דער אַלטער און באַקאַנטער אָרדענונג. נאָר אומזיסט! די אָפּאָזיציע איז צעקלאַפּט געוואָרן אין דער שטאָלענער צוזאַמענגעשלאָסנקײַט פֿון דער פּאַרטיי. הונדערטער טויזנט נײַע מיטגלידער האָט דער אַרבעטער-קלאַס געשיקט אַלס הילף אין די רייען פֿון אַל.ק.פּ. ווידער אַמאָל זײַנען די האָפֿענונגען און טרוימען צעשטערט געוואָרן. פֿ.ס.ס.ר. שטעלט אויף בויענדיק זײַן ווירטשאַפֿט, און נאָר ווײַניק-גלויביקע זעען ניט, אַז אַט די ווירטשאַפֿט אַנטוויקלט זיך אין אַ באַשטימטער ריכטונג, צום זיג פֿון סאָציאַליזם איבערן קאַפּיטאַליזם.

יעדער דערפֿאָלגרײַכער טראָט אין ריכטונג פֿון סאָציאַליזם, קען ניט ער זאָל ניט אַרויסרופֿן די אויפֿלעבונג פֿון די דעגענעריר-שטימונגען צווישן באַשטימטע טיילן פֿון דער אינטעליגענץ.

די „סמענאָוועכאָוועצעס“ האָבן זיך אײַנגעלעבט מיט דער ראַטנמאַכט, נאָר האָבן פֿאַרהיט די פּאַניק-שרעק פֿאַרן סאָציאַליזם, די אידייע קען ניט איבערקאָבן דער קליינבירגערלעכער אינדיווידואַליסטישער זען פֿון אינטעליגענט. וואָס ליכטיקער און בולטער ס'צייכנט זיך אָן דער פּאָנים פֿון דער קומענדיקער אָרדענונג, וואָס קאָנקרעטער עס שטעלט זיך בײַ הײַנטיקן טאָג די אויפֿגאַבע פֿון סאָציאַליסטישער בויונג, אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער טוט זיך אין די שיכטן פֿון אַט דער אינטעליגענץ אַנטוויקלען שטימונגען פֿון יערידע. דער אײַנזאַמער קליינבירגערלעכער „איך“ אין דער קאָלעקטיוו פֿון די סאָציאַליסטישע בויער — איז אַלצײַנס ווי פֿײַער און וואַסער.

די דעגענערשטימונגען פֿון אונדזערע טעג סיגנאַליזירן דעם ניט פֿאַרשטײַן, פֿאַרלאָרנקײַט, פּאַניק פֿון דעם אײַנזאַמען יאָכיד פֿאַר דער מעכטיקער קאָלעקטיווער אַרבעט.

## פֿון דער רעוואָלוציאָנערער הערויִק צו דער „וואָכעדיקייט“ פֿון בויונג.

ס'פֿאַרשטייט זיך, אַז אָנמערקן דאַווקע אַט דעם כאַראַקטער פֿון הײַנטיקער דעגענעראַציע, קענען מיר ניט פּאַשעט אָפּטרייסלען זיך פֿון אים, מעלדנדיק:

נו, וואָס איז אונדזער דאַיגע, אַז אַ קליין הײַפֿל אויסשטאַרבנדיקע אינדיווידואַליסטן האָבן זיך אונטערגעגעבן דער פּאַניק, אַז מען שיסט זיך פֿון פֿאַרצווייפֿלונג, אַז מע הענגט זיך אָדער מע מאַכט אַ קויסע. נו, האָט זיך אויפֿגעהאַנגען יעסענין און נאָך אים עטלעכע סטודענטן. אַ בערירע לעצטלעכס, נײַט איז פֿון זיי סײַ ווי סײַ ווײַניק געווען. אויב ס'וואָלט זיך נאָר אין זיי געהאַנדלט, וואָלט ניט געלוינט צוליב זיי אויפֿהייבן אַ טאַרעראַם. צום באַדויערן אָבער האָבן באַוויזן די דעגענעריר-שטימונגען, וועלכע זײַנען געבאָרן אין אַ סוויווע, וועלכע איז פֿרעמד דעם פּראָלעטאַריאַט, אָנשטעקן אַ באַשטימטן שיכט יוגנט.

דערבײַ איז נאָך ניטיק זאָגן, אַז דער הײַנטיקער לעבן שטעלט מיט זיך אין אַ געוויסער מאָס פֿאַר אַ ניטסטיקן באָדן צו פֿאַנאַנדערשפּרייטן די באַלאַעס ניט נאָר אין דער סוויווע, וואָס איז אונדז פֿרעמד.

די יאָרן פֿון רעוואָלוציע און בירגער-קריג האָבן געפֿאָדערט קאָלאָסאַלע אָנשטרענגונג פֿון יעדן אַקטיוון אָנטיילנעמער אין קאַמף. יעדערער, אין וואָס פֿאַר אַ לאַגע ער האָט זיך ניט געפֿינען, האָט געטראָגן אַ קאָלאָסאַלע פֿאַראַנטוואָרטלעכקײַט פֿאַר זײַן יעדן טראָט. בוכשטעבלעך, יעדע מינוט, האָט יעדער רויטאַרמייער, יעדער פּאַרטיזאַן, יעדער געוויינטלעכער מיטגליד פֿון פּאַרטיי, יעדער קאָמוניסט, יעדער באַוווּסטזיניקער אַרבעטער געפֿילט, אַז ער שטייט אַף אַ פֿאַראַנטוואָרטלעכן פּאָסט, אַז פֿון זײַנע פּערזענלעכע מאַסים הענגט אָפּ זייער אָפֿט דער גורל פֿון זײַנע כאַווייריםם, פֿון אַ גאַנצן קאָלעקטיוו. אָט די לאַגע האָט אויסגעשמידט אין יעדערן אַ שטאַרקן ווילן, דאָס קענען אונטערוואַרפֿן זײַן ווילן דעם ווילן פֿון קאָלעקטיוו, אײַנהאַלטן און אונטערוואַרפֿן די אייגענע פֿאַרלאַנגען, די אייגענע אינסטינקטן דער אַלגעמיינער זאַך, און דאָס פֿלעגט פֿאַרוואַנדלען מעסירעס-נעפֿעש אין אַ געוויינטלעכער דערשיינונג.

די גאַנצע קאָלאָסאַלע מאַסע פֿון די אָנטיילנעמער אין קאַמף האָט ווירקלעך אין ראַדיקאַל איבערגעלעבט אין זיך דאָס גאַנצע עגאָאיסטישע אין קליינבירגערלעכע. דאָס זײַנען ניט געווען יענע „ווונדער העלדן“, מיט וועלכע עס האָבן זיך גרויסגעהאַלטן די צאַרישע גענעראַלן. יענע זײַנען געגאַנגען ווי שעפּסן, געטריבענע מיט אַ פּלאָקן אין דעם אומפֿאַרשטענדלעכן שלעכט-הויז. די רעוואָלוציאָנערן זײַנען באַוווּסטזיניק געגאַנגען זיין אָדער שטאַרבן. ס'האָט זיך געענדיקט די מילכאָמע. די אַרמיי איז פֿאַנאַנדערגעלאָזן, די איבערגעבליבענע קאַמף-לײַט זײַנען איבערגעוואָרפֿן געוואָרן אַף פֿרידלעכע אַרבעט. עס איז שוין ניטאָ די שטענדיק-אָנגעשטרענגטע מיליטער-לאַגע, ניטאָ שוין די שטענדיק-אײַנגעהאַלטענע זעלבסטדיסציפּלין, וועלכע איז פֿאַרבונדן מיט אייגענער פֿאַראַנטוואָרטלעכקײַט. דער ווילן איז צעווייכט געוואָרן, באַזונדערס בײַ די, וואָס זײַנען ניט געקומען צוריק צום וואַרשטאַט, בײַ די, וואָס זײַנען ניט אַרײַנגעפֿאַלן אין אַ נײַע פֿעסט-צונויפֿגעבונדענע באַוווּסטזיניקע סוויווע. פֿיל, זייער פֿיל פֿון די „איבערגעבליבענע העלדן“, אַרויספֿאַלנדיק פֿון אַ מאַווערישער סוויווע, האָבן אַף דער וואָכעדיקער קליינלעכער אַרבעט דערפֿילט זיך אײַנזאַם און זיי האָט באַהערשט דער אומעט. ס'האָט זיך זיי פֿאַרוואָלט פּערזענלעכער גליק, היימלעכקײַט, ס'האָט זיך פֿאַרוואָלט באַלוינען זיך פֿאַר די יאָרן פֿון נויט און געפֿאַר.

פֿיל זייער פֿיל האָט דערשראָקן נעפּ מיט זײַנע טאַוועס, פּרעכטיקע קראָמען, פֿאַנאַנדערגעפּוצטע מיידלעך, קאַפֿע-שאַנטאַנען, קאַזינאָ. פֿיל האָבן ניט פֿאַרשטאַנען די באַדײַטונג פֿון נעפּ, „צוליב וואָס האָבן מיר געקעמפֿט, צוליב וואָס האָבן מיר פֿאַרגאָסן בלוט, ווידער פּאַטשען די לופֿט אַף די נאַסן אָנגעפֿרעסענע בורזשויען און מיר זײַנען הויל און באָרוועס“. באַזונדערס שאַרף האָט רעאַגירט אַף נעפּ די יוגנט, וועלכע האָט זיך אַ לאָז געטאָן לערנען זיך אין די שטעט. ווירקלעך, צו שאַרף איז געווען דער קאָנטראַסט צווישן דער הונגעריקער עקזיסטענץ פֿון אַרבפֿאַקאָווצן און סטודענט מיט דעם לוקסוס און זאַטקײַט פֿון די נעפּ-לײַט. אָט אָ די יוגנט האָט אָנגעהויבן קוקן אַף יעסענינען און דער קאָמפּאַניע פֿון אָט די טיפּישע אינטעליגענטן-דעגענעראַטן ווי אַף זייערע אַפּאָסטאָלן, די פּאַניק-שרעק פֿון יעסענין פֿאַר דער בויונג פֿון סאָציאַליזם

---

*) נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרט — האָט נאָך דער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע ווידער אויפֿגעשטעלט אין פֿראַנקרײַך די מאָנאַרכיע.

האָט אָנגעשפּראָכן דער שטימונג, וועלכע איז אַרויסגערופן געוואָרן דורך דעם ניט פאַרשטיין און שרעק פאַרן נעפּ, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט אָט די יוגנט. ס׳האָט זיך זיי געדוכט, אַז נעפּ איז אַן אָפּגאַנג פון די דערגראָבערונגען פון רעוואָלוציע.

## ס׳איז נויטיק צוטרעטן צו אַ באַוווּסטזיניקער און פּלאַנמעסיקער איבערדערציונג פון די קאַדרען סאָציאַליסטישע בויער.

די אָקטיאַבער-רעוואָלוציע האָט געשאַפן דעם מאָנאָפּאָל פון דער פּאַרטיי אין דער פּאָליטישער פּרעסע. נאָר די קונסט און בעלעטריסטיק זיינען פאַרבליבן אויסער אָט דעם מאָנאָפּאָל. מיטן אויסנאַם, בוכשטעבלעך, פון איינצלנע ליטעראַרישע יחידים, וועלכע זיינען ענג פאַרבונדן מיט די עטאַפּן פון רעוואָלוציע, איז אונדזער גאַנצע בעלעטריסטיק, אונדזער גאַנצע קונסט אין פרעמדע הענט, אין די הענט פון קליינבירגער, וועלכע די רעוואָלוציע האָט דערשראָקן אויף טויט. מיר האָבן אָן סאָפעק אַז אין דער קונסט, אַז אין דער בעלעטריסטיק דורכגעמאַכט אַ גאַנצע ריי רעוואָלוציעס, געפּרוּווט זיך אין פאָרמען שאַפן אַלץ נייע און נייע פאָרמען. נאָר ווי, אין די אַלע רעוואָלוציעס, אין די אַלע זוכענישן פון נייע פאָרמען הויבט זיך אויס, זעט זיך, הערט זיך, דער העלער אַרכי-אינדיווידואַליסטישער אינטעליגענט-קליינבירגער, וועלכער באַטראַכט פאַר דעם פּיפּיק פון דער וועלט זיין קליינינקן, קליינלעכן און נישטיקן „איך“.

די שטימונג פון אָט דעם אייגנאַרטיקן „איך“ און ניט די שטימונג פון דער מאַסע, פון קאָלעקטיוו, הערט זיך און זעט זיך קוים אין דער גאַנצער ליטעראַטור, קוים אין דער גאַנצער קונסט. עס איז דערפאַר פאַרשטענדלעך, וואָס מיר האָבן נאָך ניט ביז איצט קיין איין ליטעראַרישן ווערק, קיין איין קונסט-בילד, קיין איין קינאָ-בילד, וואָס זאָל כאָטש אַמווייניקסטן אָפּשפּיגלען דער גרויסאַרטיקייט פון אונדזער גרעסטער אין דער וועלט רעוואָלוציע. אונדזערע יונגע קינסטלערישע און פּאָעטישע קויכעס, אַפילו פון דער אַרבעטער אָדער פּויערישער סוויווע, צווישן וועלכע עס זיינען ניט ווייניק דאָ ווירקלעכע טאַלאַנטן, זיינען אַריינגעפאַלן אין געפענגעניש צום אינדיווידואַליסטישן קליינבירגער, וועלכער האָט אָנגענומען אָדער האָט זיך איינגעלעבט מיט דער רעוואָלוציע, נאָר וועלכער האָט קיינמאָל ניט פאַרשטאַנען זי און קען ניט פאַרשטיין איר כאַראַקטער. און וואָס מער עס זיינען שענער און צוציִענדער די פאָרמען, אין וועלכע עס האָבן אַריינגעשטיפּט זייער קליינבירגערלעכן וועלט-באַנעמען פאַרשיידענע בלאָקס, יעסענינס, פּילניאַקס, א. טאָלסטאָיס, ערענבורגס — אַלץ מער זיינען פאַרפירט געוואָרן און זיינען אָפּגעריסן געוואָרן פון קלאַסן-באַנעמען די רעוואָלוציע ווייערע נאָכפאָלגער, אַלץ מערער האָט זיך געפילט יעדער איינער פון אָט די נאָכפאָלגער אייגנאַם, פאַרוואָרפן אויסער דעם לעבן, אַלץ מער האָט ער זיך אָנגעשטעקט מיט יערידע-שטימונגען.

ביי דעם, שאַפן זיך און וואָרצלען זיך איין צווישן אונדזער לערניוגנט די רעגענעריר-שטימונגען אַדאַנק די נאָך ניט אויסגעלעבטע אַלטע פאָרמען פון לערנען, אַדאַנק דעם ניט קענען און אָפטמאָל ניט וועלן צונויפבינדן די לימודים אין הויכשול מיט דער הייַנטיקער ווירקלעכקייט. נאָר אַדאַנק אַזאַ מין אַוועקשטעלן די לערע געוויינט זיך איין דער סטודענט דענקען מיט פרעמדע ניט איבערגעקאָכטע, ניט דורכגעטראַכטע געדאַנקען, באַנוצן פרעמדע ניט באַנומענע פראַזן. דאָס אַלץ, פאַרשטאַרקט נאָך מער אין אים דעם געפיל פון פרעמדקייט און איינזאַמקייט. די אומגעהויער-שווערע מאַטעריעלע און וואוינונג-באַדינגונגען, אין וועלכע עס לעבט די מערהייט פון סטודענטן און ראַבפאַקאָווצעס, די אָפּגעריסנקייט פון דער מאַסע, פון וועלכער ס׳איז אַרויס אונדזער לערניוגנט, דער אָפּגעשוואַכטער ווילן אַדאַנק דעם שאַרפן איבערגאַנג פון קאָלעקטיוו, פאַראַנטוואָרטלעכן און דיסציפּלינירטן ווילן אין סוויווע

פון דער אַרמיי אָדער זאַוואָד צו אַ נייעם ניט צוגעוואוינטן לעבן, — אָט דאָס אַליין איז דער גינסטיקער באָדן פאַר דעם דערפאָלג פון די יעסענינס און איבעריקע אינטעליגענטישע דעגענעראַטן.

אונדזער פּאַרטיי האָט פאַרענדיקט אויף דעם סאַמע אַנטשיידנסטן אופן מיט די אַלע, וואָס צווייפלען אין דער מעגלעכקייט צו בויען דעם סאָציאַליזם אין אונדזער לאַנד. מיר בויען און וועלן אויסבויען דעם סאָציאַליזם. דאָס האָט געמאָלדן אונדזער XIV צוזאַמענפאָר. מיר באַרעכענען אין פּלאַנירן אויס צוועקמעסיק אונדזערע מאַטעריעלע רעסורסן. אונדזערע אָרגאַנען רעכענען אויס און גרייטן צו די נויטיקע קאַדרען פון אַרבעט-קראַפט פאַר דער אינדוסטריאַליזירונג — דאָס אַליין איז אַ גרויסע דויערדיקע, נאָר ביי אונדזערע באַדינגונגען, אַ גאַנץ אויספירבאַרע אַרבעט.

ס׳איז אונדז צייט אוועקשטעלן אויפן טאָגס-אָרדער און צוטרעטן צו פאַרווירקלעכן נאָך אַן אַרבעט ניט אַ ווייניקער נויטווענדיקע און אויספירבאַרע — דאָס איז די באַוווּסטזיניקע און פּלאַנמעסיקע איבערדערציונג פון די קאַדרען סאָציאַליסטישע בויער.

יערידע-שטימונגען, יעסענינשטשינע, בוליִאַנערייַ אין די ריִען פון קאָמיוג סיגנאַליזירן אַ געפאַר, אַז אין דעמדאָזיקן געביט איז ביי אונדז ווייט ניט אַלץ גלאַט.

אונדזערע הויכשולן, וועלן עפּעס צוגרייטן אונדז ספּעצן, נאָר פאַר קיין פאַל ניט קיין רויטע ספּעצן, ניט קיין באַוווּסטזיניקע בויער פון סאָציאַליזם. דער סטודענט, וועלכער איז אָנגעשטעקט פון דער אינטעליגענטישער דעגענעראַציע, וועט קיינמאָל אין אַ רויטן ספּעץ ניט אויסוואַקסן. ער וועט זיין ניט דאָס אין ניט יענץ, אַזוי ווי ס׳איז געווען אין דעם צאַרישן רוסלאַנד אונדזער גאַנצע אינטעליגענץ, וואָס איז געווען אָפּגעריסן פון דער מאַסע.

די פּאָליט-אויורע אַליין וועט אָט די צאָרע ניט בייקומען. דער לימוד פון פּאָליט-אויורע אין אונדזערע הויכשולן דערמאָנט ווייער אָפט דעם לימוד פון רעליגיע אין די אַלטע הויכשולן. די געזעלשאַפטלעכע דיסציפּלינען ווערן שטודירט אויך סכאָלאַסטיש, אויך אויסער יעדער פאַרבינדונג מיטן לעבן ווי די איבעריקע דיסציפּלינען. מיר יאָגן זיך — נאָך ווי פריִער, נאָך ענציקלאָפּעדישקייט, נאָך דעם, מען זאָל אין דער קורצסטער צייט מעכאַניש אָנפּאַמפּען יעדן סטודענט מיט דעם מאַקסימום בילדונג איבער פאַרשיידענע וויסנשאַפט-צווייגן. מיר לערנען אים ניט זעלבשטענדיק און באַוווּסטזיניק באַאַרבעטן דאָס, וואָס עס איז אים נויטווענדיקער פאַר אַליין אין דער פּראַקטיק.

צוגלייך מיט דער קליינבירגערלעכער בעלעטריסטיק, שאַפן די אַלטע מעטאָדן פון לערנען אַמערסטן אַ גינסטיקן באָדן פאַר אַנטוישן זיך אין לעבן, פאַר דעגענעראַציע. קעגן דאָס אויסלעבן דאַרף יעדער הויכשול נעמען אַ קלאָרע ליניע, גרייטן ניט בלויז אַ געבילדעטן מענטש, נאָר טאַקע *אַ ספּעציאַליסט אין דעם געגעבענעם צווייג פון סאָציאַליסטישער בויונג*. און דאָס וועט דערגרייכט ווערן נאָר ביי די באַדינגונגען פון אַ מער פּראַקטישער, צוגלייך פון צוהערער, אויסלעבנדיק די פּיל-געגנשטאַנדלעכקייט, שאַפנדיק אַ מער ענגערע פאַרבינדונג פון דעם לערנען זיך מיט דער געזעלשאַפטלעכער פּראַקטיק. אין די הויכשולן דאַרף קיין אָרט ניט זיין פאַר דער יוגנט, וועלכע ווייסט ניט פון פּראַקטישן לעבן. מיר קענען זיך ניט יאָגן נאָך דער צאָל סטודענטן.

## די גרונט-רעפּוע—קעמפן קעגן דעם אָפּרייסן זיך פון קאָלעקטיוו לעבן און שאַפונג.

ס׳פאַרשטייט זיך, אַז צוגלייך מיט דעם דאַרף אין אַ באַדייטנדיקער מאָס פאַרבעסערט ווערן די אַרבעט פון קאָמיוג און פּאַרטיי צווישן דער יוגנט.

אונדזער פּראָפּאַגאַנדע-אַרבעט און, באַזונדער די פּראָפּאַגאַנדע צווישן דער יוגנט הינקט צו, און זייער באַדייטנד, נאָך מער הינקט צו די קלוב-אַרבעט. אַנשטאָט דעם, מען זאָל אויסלערנען זעלבשטענדיק אַרבעטן איבערן בוך, איבער אַ צייטונג, זעלבשטענדיק פאַנאַנדערקלייבן

זיך אין די פראַגן פון לויפנדיקן טאָג, ברענגען די קריזלעך פון פּאָליט־אויזרע צו אַ מעכאַנישן אָנבינדן לאַבלוטן אומפאַרשטענדלעכע טערמינען, אומפאַרשטענדלעכע פראַזן. די ערשטע באַדינגונג פאַר דעם דערפאָלג פון פּראָפּאַגאַנדע איז, אַז גאָרניט זאָל זיך ניט פאַרגעדענקען אַזוינס, וואָס איז ניט דורכגעאַרבעט געוואָרן, ניט איבערגעקייט געוואָרן, ניט באַנומען געוואָרן פולשטענדיק. די פּאָליט־אויזרע דאַרף מען פאַרוואַנדלען פון אַן אומעטיקן פליכט אין אַ הויפּט־באַדערפעניש פון דער יוגנט. זי דאַרף פילן די פרייד פון וואַקסנדן באַוווסטזיין. אָט די פרייד וועט בא איר זיין נאָר דאַן, ווען ער וועט קענען זיין וואַקסנדיקן באַוווסטזיין אָנווענדן גלייך אין פּראַקטישן לעבן.

אין דער אַלטער אונטערערדישער צייט פלעגט יעדער יונגטלעכער אַרבעטער — אַנטיילנעמער פון קרייז — גלייך גיין אַף דער פאַבריק אין די מאַסן און איבערגעבן דאָס, וואָס ער האָט באַנומען אין קרייז. ס'איז נויטיק אויך איצטער געבן יעדערן צוגלייך מיט דעם וווּקס פון זיין באַוווסטזיין, אַ פליכט גיין דערציילן און דערקלערן די באַוויזים דאָס, וואָס ער האָט באַנומען. נאָר אַזאַ מין באַהעפטונג מיט דער מאַסע אַפן גרונט פון איבערדערציילן דאָס באַנומענע וועט אַרויסרופן אין יעדערן נייע פראַגן, אַן ענטפער אַף וועלכע עס וועט אים געבן זיין שול.

דער געפיל פון איינזאַמקייט — דאָס איז דער סאַמע געפערלעכסטער געפיל פאַר דער יוגנט. ער האָט זיך אַמפּאַרטיילעך אַנטוויקלט בא דער אַלטער אינטעליגענץ. ער טאָר זיך ניט אַנטוויקלען בא אונדזער יוגנט. דער געפיל פון איינזאַמקייט איז אַ רעזולטאַט פון אָפרייסן זיך פון קאָלעקטיוו. דערפאַר דאַרף די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט פון די קלובטוער זיין אָנגעווענדט אַף דערציִען די קאָלעקטיווע געוואוינהייטן, קאָלעקטיווע שאַפונג.

די יוגנט קען ניט נאָר לערנען זיך, נאָר אַרבעטן. בא זיך אונדערהיים איז איר ענג, שטוציק און אומעטיק. דער קלוב דאַרף ווערן יענער אָרט, וווּ די יוגנט זאָל קענען געזונט און גוט זיך פריילעך מאַכן. ניט פאַרשלאָגן זיך ווי זי פרויט עס, אין די שענקען, נאָר טאָקע ווי דער סמידער איז אַ הוליע טאָן אין אַ נאָענטער און כאַווערישער מיוויע. דאָס איז גישאָ. דאָס האָבן מיר דער יוגנט ניט געגעבן. איר איז אומעטיק אין קלוב נייט זי ביליאַנעווען, נייט שיקערן, זיכט פאַרטעגונגן אין זגים, נאָר

דאָס אַליין באַפרידיקט זי ניט, דאָס אַליין שוואַכט אָפּ נאָך מער איר ווילן, צווינגט זי פילן דאָס דערעמענע איינזאַמקייט. און דאָס אַליין שטיפּט די מער שוואַכערע אין קרענקלעכע צו זעלבסטמאָרד.

דעגענעראַציע — אָט די ווונד פון אַלטן קליינבירגערטום, שטעקט אָן אונדזער יוגנט. דער גרונט־טאָך פון דעגענעראַציע — איז די שטימונג פון איינזאַמקייט פון דעם יאָכיד, וועלכער איז ניט צונויפגעבונדן מיט דעם קאָלעקטיוו.

די גרונט־רעפּוע פון אָט דער כאַלאַעס איז — דער קאַמף קעגן דעם, אַז די יוגנט זאָל זיך אָפרייסן פונם קאָלעקטיוון לעבן, פון קאָלעקטיווער שאַפונג, פון קאָלעקטיווע פאַרגעניגנס. אַף דעם דאַרף געלייגט ווערן די אַכט פון אונדזער גאַנצער פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט, פון אונדזערע אַלע קלובן. נאָר דאָס איז ווייניק, ס'איז נויטיק אָנהויבן אַן אַנטשיידענעם קאַמף אַף אַרויסצוטרייבן פון אונדזער בעלעטריסטיק יענע אינדיווידואַליסטן, וועלכע זייגען אונדז פרעמד לויט זייער גייסט, לויט זייער דענקען, מיט זייער „וועלט־שמערץ", מיט זייער פּאַניק פאַר דער סאָציאַליסטישער בויונג, מיט זייער מורע פאַרן האַמוין, מיט זייער ניט פאַרשטיין די גרויסאַרטיקייט פון קאָלעקטיוון שאַפן. ס'איז נויטיק איינפירן אַ שטרענגע צענזור פאַר די קינאָ־בילדער. קיין איין שעדלעך בילד, וואָס פאַרפירט די יוגנט, טאָר ניט דערלאָזן ווערן אַפן עקראַן.

אַפן געביט פון בעלעטריסטיק, פון קונסט דאַרפן מיר אויסלעבן דאָס סוביעקטיווע אָבצעניש איבער די אייגענע מיעסע פּערזענלעכע „איבערלעבענצן". מע טאָר ניט שטעלן אַפן פּיעדעסטאַל און פאַרוואַנדלען אין העלדן שענק־לאָביסעס, אויסגעלאָסענע און פאַכראַנישע אינטעליגענטן. מע דאַרף אַרויסטרייבן די כוליגאַנערײַ, די זיפּעס, זגים, אינטעליגענטישע אָבצעניש פון אונדזער ליטעראַטור אין אונדזער קינאָ, ווירקלעך אַרייַנפירן אין לעבן אי אין אונדזער בעלעטריסטיק, אי אין אונדזער קונסט אונדזער פּראָלעטאַרישן מאַנאָפּאָל פּונקט אַזוי ווי מיר האָבן עס געשאַפן אין שטרענג דורכגעפירט אין אונדזער פּאָליטישער פרעסע. דורכפירן מאָפּקאָלסאָף אונדזערע לערן־מעטאָדן אין אונדזערע שולן.

אָט דאָס זייגען די וויכטיקסטע מיטלען פון קאַמף קעגן יערידע־שטימונגען — קעגן אָט דער סאַמע רעאַקציאָנערסטער יערושע פון דער פאַרגאַנגענהייט.

י. ביעלסקי.

# פראַגן פון אָפּאָזיציע.

## I. טראָצקיזם אין דער נייער אָפּאָזיציע.

די געשיכטע וועגן דעם, ווי אַזוי דער טראָצקיזם איז טכיאַס-האַמייסים אויפגעשטאַנען אין דער נייער פאַראייניקטער אפּאָזיציע, איז זייער אַ באַלערנדיקע און ניט ווייניקער אַן אָריגינעלע. באַלערנדיק איז די דאָזיקע געשיכטע אין דעם זין, וואָס זי גיט אונדז אַ קלאָרן מוסער-האַסקל, צו וואָס עס דערפירט די אינערלעכע לאָגיק פון י ע ד ן פראַקציאָנעלן קאַמף, ווהין עס וואַקסט י ע ד ע אפּאָזיציע קעגן דער פאַרטיי.

אָריגינעל איז די דאָזיקע געשיכטע דערמיט, וואָס זי דעמאָנסטרירט פאַר אונדז אַ טויט-שפרונג, וואָס אייניקע פון אונדזערע געוועזענע פאַרטיי-לידערס האָבן געמאַכט גאָר אין אַ קורצער צייט, — אַ שפרונג פון קאַמף ק ע ג ן ט ר אָ צ ק י ז ם ביז... צו אַ בלאָק מ י ט ט ר אָ צ ק י ן!

לאַנגע יאָרן האָט די פאַרטיי געפירט אַן אַקשאָנעסדיקן קאַמף קעגן דער טראָצקיסטישער אַטאַקע אַף די יעסוידעס פון אונדזער לעניניסטישער אידעאָלאָגיע. אין דער דאָזיקער ריכטונג האָט די פאַרטיי דורכגעמאַכט אַ קאָלאָסאַלע פאַרטיי-דערציערישע אַרבעט. רעט זיך דורך מיטן ערשטן בעסטן פאַרטיי-כאַווער, מיטן סאַמע פּאָשעטן — ער ווייסט שוין וואָס איז אַזוינס טראָצקיזם, ער האָט זיך שוין אויסגעלערנט ווי אַזוי אָפּן לעניניסטישן אויפן אָפּצושאַצן די „פראַקציע-הויכשרייער“, ער שטודירט דעם לעניניזם טאַקע ב אַ ל ע נ י נ ע ן ג ו פ ע און ניט באַ זיינע פאַרשיידענע מאָנאָפּאָליסטישע „אויסטייטשער“.

מיט דער דאָזיקער קאָלאָסאַלער מאַסאָווער פאַרטיי-דערציערישער ארבעט, אין קאַמף קעגן טראָצקיזם, האָט אָנגעפירט די אַלטע לעניניסטישע גוואַרדיע, און עס וואָלט געווען ניט אינגאַנצן יוישערדיק פון אונדזער זייט מיר זאָלן דערביי ניט דערמאָנען, אַז אין דער דאָזיקער אויפקלער-קאמפּאניע קעגן טראָצקיזם, האָבן געשפּילט אַ גאַנץ וויכטיקע ראָל די כ׳ כ׳ זינאָוויעוו, קאַמעניעוו. ווי עס פּאַסט פאַר באָלשעוויקעס, האַרט און שאַרף האָבן די אויבנדערמאָנטע כאַווײרים ערשט ניט לאַנג פאַרשטעמפּלט דעם טראָצקיזם ״אַלס קליינבירגערלעכן אפּנויג אין די רייען פון אונדזער פאַרטיי.

אָט וואָס ס׳האָט לעמאָשל געשריבן וועגן טראָצקיזם כ׳ קאַמעניעוו:

„כ׳ טראָצקי איז געוואָרן יענער קאַנאַל, דורך וועלכן עס רייסט זיך אַריין אין אונדזער פאַרטיי די קליינבירגערלעכע סטיכיי. עס דאַרף קלאָר ווערן ״פאַר יעדן באַוווסטזיניקן פאַרטיי-כאַווער, אז פאַראַן איז טראָצקיזם און פאַראַן לעניניזם, אַז אונדז, באָלשעוויקעס, און דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט, וואָס שפּאַנט צו זיין ניצאָכן, איז גאַנץ גענוג לעניניזם אליין. און מיר דאַרפן ניט אונדזער לעניניזם אומבייטן אָדער „פאַרלאַטען מיט טראָצקיזם“. (קאַמעניעוו. „די פאַרטיי און טראָצקיזם“. זאַמלונג „פאַר לעניניזם“ מעלוכע-פאַרלאַג, 1925).

ניט בעסער האָט זיך אָפּגערופן וועגן טראָצקיזם כ׳ זינאָוויעוו, ער האָט געשריבן:

„סאָפּקאָלסאָף איז טראָצקיזם אין אַ באַדייטנדיקער מאָס געווען און אדהאיעם פאַרבליבן עפּעס אַ לינקער ניואַנס אינם אייראָפּעישן, דאָס הייסט אפּאָרטוניסטישן, פּסעוודאָ-מאַרקסיסטישן גייסט, וואָס איז דער הייפּעך פון קאָמוניזם“. (זע דאָרטן).

די פאַרביסנקייט קעגן טראָצקיזם איז באַ די כ׳ כ׳ זינאָוויעוו און קאַמעניעוו געווען אַזוי גרויס, אַז זיי האָבן ניט געוואָלט אָפּקומען בלויז מיט אַ שאַרפער רעזאָלוציע קעגן טראָצקיזם, זיי רוקן אַרויס טייקעף נאָכדעם אַ פאָדערונג, מע זאָל אויסשליסן דעם כ׳ טראָצקין פון צ. ק. און אפילע פון דער פאַרטיי, דער צ. ק. גייט ניט איין אַף דעם, האַלטנדיק, אַז שאַרפע אָרגאַניזאַציאָנעלע אויספירן, אַמפּוטאַציע-מיטלען זיינען דערווייל ניט ווינטשנסווערט.

דענסטמאָל ווערן עס געבוירן די ערשטע זוימען פון דער נייער אָפּאָזיציע. די כ׳ כ׳ קאַמעניעוו און זינאָוויעוו באַשולדיקן די מערהייט פון צ. ק. אין האַלב-טראָצקיזם. דער צ. ק. לאָזט זיך אָבער ניט פּראָוואָצירן, און גייט מיט זיין ווייטערדיקן אויסגעטראָטענעם וועג. אַלס ענטפער אַף דעם ווערט אָפּגעשפּילט אַזאַ מין פּאָקוס: די כ׳ כ׳ זינאָוויעוו און קאַמעניעוו קומען אַפן פּלענום פון צ. ק. און דערקלערן:

„איצטער איז שוין ניטאָ קיין סאָפעק, אַז דער הויפּט-יאָדער פון דער אָפּאָזיציע פון 1923 יאָר, ווי עס האָט באַוויזן די עוואָלוציע פון דער איצט אָנפירנדיקער פראַקציע, האָט ריכטיק געוואָרנט וועגן די געפאַרן פון אָפּקער פון דער פּראָלעטאַרישער ליניע און וועגן דראָענדיקן וווּקס פון אפּאַראַט-רעזשים“.

אַזוי גאָר! הייסט עס, אַז די אָפּאָזיציע פון 1923 יאָר, דאָס הייסט די טראָצקיסטישע אָפּאָזיציע, האָט שוין יאָ „ריכטיק געוואָרנט“ ווען זי האָט דערקלערט, אַז דער צ. ק. האָט דערפירט דאָס לאַנד צום ראַנד פון אָפּגרונט“!? הייסט עס, אַז די באַשולדיקונג אין איבערגעבוירט פון לעניניזם צ. ק. אַפן מאַניער פונם דייטשישן סאָציאַל-דעמאָקראַטישן, איז יאָ געווען אַ ריכטיקע!?.. הייסט עס, אַז טראָצקיזם איז ניט קיין קליינבירגערלעכער אָפּנויג!?..

יאָ, אַזוי הייסט עס שוין טאַקע איצט באַ די כ׳ כ׳ זינאָוויעוו און קאַמעניעוו. זיי האָבן זיך געשטעלט אַף די קני פאַרן טראָצקיזם, קעגן וועלכן זיי האָבן פריער אַזוי הייס געקעמפט.

פּאָשעטע פאַרטיי-מיטגלידער שטייען ווי געפּלעפּטע. וואָס פאַר אַ פאַרבלענדעניש! נעכטן האָט מען געפאָדערט אויסצושליסן טראָצקין פון פאַרטיי און באַשולדיקט דעם צ. ק. אין האַלב-טראָצקיזם — היינט קלאַפּט מען זיך „כאָטאָסי“ פאַר טראָצקין און מע אָרגאַניזירט צוזאַמען מיט אים אַן אָפּאָזיציע-בלאָק קעגן לעניניזם! ווי זאָל מען עס פאַרשטיין?

ס'איז געווען אָבער אַביסל טיפֿער אַריינטראַכטן זיך אינם גאַנצן איניען, קעדיי צו איבערצייגן זיך, אַז די הערשנדיקע ראָל פונם טראָצקיזם אין דער נייער פֿאַראייניקטער אפאזיציע איז ניט קיין צופֿעליקייט און אָט פֿאַרוואָס:

פֿון איין און דערזעלבער טעאָריע ציִען זייער יעניקע די כ' כ' זינאָוויעוו, קאַמעניעוו און טראָצקי — דאָס איז די טעאָריע פֿון אומגלויבן אין די אינערלעכע רעוואָלוציאָנער-שעפעריש קויכעס פון אונדזער אַרבעטער-קלאַס.

אַף דעמדאָזיקן גרונט-פּאָן פֿון אומגלויבן באַ די פֿאַרשיידענע טיילן פֿונם פֿאַראייניקטן אָפּאָזיציע-בלאָק האָט שוין אָנגעוויזן גאַנץ ריכטיק כ' בוכאַרין אין זיין פֿאָרטראָג אַף דער פֿאַרזאַמלונג פֿונם לענינגראַדער פּאַרטיי-אַקטיוו, דעם 28 יול 1926 יאָר. ער האָט דאָרטן געזאָגט:

„באַ טראָצקין, לעמאָשל, איז עס (דער אומגלויבן) פאַרבונדן מיט דער פראַגע וועגן דעם, אַז אויב ס'וועט ניט זיגן די אַלוועלטלעכע רעוואָלוציע, וועט דער קאָנטר-רעוואָלוציאָנערער פויער אומפֿאַרמיידלעך אַראָפּשליידערן די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור. אָט דאָס איז דער גרונט-געדאַנק, וואָס ער האָט אַנטוויקלט אין זיין טעאָריע פון פּערמאַנענטער רעוואָלוציע, און פֿון וועלכער ער האָט זיך אָדהאיעם ניט אָפּגעזאָגט. באַ די כ' כ' קאַמעניעוו און זינאָוויעוו איז עס פאַרבונדן מיט זייער אָקטיאַבער-פֿאַרגאַנגענהייט, ווען זיי האָבן געמיינט, אַז מיר וועלן זיך ניט קאָנען אָן אייצע געבן מיט דער מאַכט אַלס איינציקע פּאַרטיי, וואָס פֿירט נאָך זיך דעם פּראָלעטאַריאַט"

און בעעמעס, די געשיכטע פֿון אונדזער פּאַרטיי גיט אונדז אַ גלענצנדיקע מעגלעכקייט אויפֿצודעקן די קוואַלן פֿון אָט דעמדאָזיקן אַלגעמיינעם גייסט פֿון אומגלויבן און בעהאָלע-שטימונגען באַ אַלע לידערס פֿון דעם איצטיקן פֿאַראייניקטן אָפּאָזיציע-בלאָק.

לאָמיר ווידעראַמאָל זיך דערמאָנען ווי אַזוי כ' טראָצקי, אָנהויבנדיק פֿונם 1905 יאָר, גייט צו צו דער פֿראַגע וועגן זיג פֿונם פּראָלעטאַריאַט אין רוסלאַנד. ער זאָגט:

„אָן אַ דירעקטער מעלוכישער שטיצע מיצאַד דעם אייראָפּעיִשן פּראָלעטאַריאַט וועט דער אַרבעטער-קלאַס פֿון רוסלאַנד ניט קאָנען איינהאַלטן זיך באַ דער מאַכט און פֿאַרוואַנדלען זיין ציטווייליקע הערשאַפֿט אין אַ דויערנדיקע סאָציאַליסטישע דיקטאַטור. אין דעם קאָן מען אַף קיין מינוט ניט צווייפֿלען". (טראָצקי, „אונדזער רעוואָלוציע").

פֿונם דאָזיקן קוק אַף די שעפֿערישע מעגלעכקייטן פֿונם רעוואָלוציאָנערן רוסלענדישן פּראָלעטאַריאַט האָט זיך כ' טראָצקי אָדהאיעם ניט אָפּגעזאָגט און ניט איינמאָל עס איבערגעכאַזערט.

אָבער אויב עס האַנדלט זיך בלויז וועגן אַ ניט פֿעסטער „ציטווייליקער הערשאַפֿט", וואָס קאָן צו יעדער מינוט פֿאַלן אונטער די קלעפּ פֿון די אינערלעכע שוועריקייטן (קולטורעלע אָפּגעשטאַנענקייט, קאָנטר-רעוואָלוציאָנערער פויער), טאָ ווי זאָלן זיך הויבן די הענט צו שווערער טאָגטעגלעכער סאָציאַליסטישער בויונג? דרינגט טאַקע אַרויס דערפֿון טראָצקיס פעסימיזם, טראָצקיס פֿאַטאַליסטישער וואַרטן, ביז ס'וועט קומען הילף „פֿון יענער זייט יאַם", טראָצקיס אומגלויבן אין אונדזער גרויסער אויפֿבוי-אַרבעט.

און אָט איז דער קוואַל פֿון אומגלויבן און פעסעמיזם באַ די כ"כ זינאָוויעוו און קאַמעניעוו:

„ניט נאָר איך און כ' זינאָוויעוו—שרייבט קאַמעניעוו ערעוו דער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע, (18 אָקטיאַבער 1917 יאָר), נאָר אויך אַ ריי כאַווייִרים-פּראַקטיקער געפֿינען איין, אַז נעמען אַף זיך די איניציאַטיוו פֿון אַ באוואָפֿנטן אויפֿשטאַנד באַם איצטיקן מאָמענט, באַ דער איצטיקער קרעפֿטן-פֿאַרהעלטעניש, אומאָפּהענגיק אין עטלעכע טעג פֿאַרן ראַטן-צוזאַמענפֿאָר,— איז אַ ניט דערלאָזבאַרער און געפֿערלעכער שריט פֿאַרן פּראָלעטאַריאַט און פֿאַר דער רעוואָלוציע". („נאָוואיא זשיזן" № 156, 1917 יאָר).

אָט דאָ ליגט טאַקע דער הונט פֿון פעסעמיזם באַגראָבן: די באָלשעוויסטישע פּאַרטיי ווערט ניט דערשאַצט. קאַמעניעוון און זינאָוויעוון דוכט זיך אויס, אַז די באָלשעוויסטישע פּאַרטיי איז צו שוואַך, זי זאָל קאָנען זיך לאָזן אַף איינהאַלטן די מאַכט אָן דער הילף פֿון אַנדערע „סאָציאַליסטישע" פּאַרטייען.

פֿונוואַנען האָט זיך גענומען אַזאַ בעהאָלע-שטימונג באַ קאַמעניעוון און זינאָוויעוון ערעוו דער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע?

עס האָט זיך גענומען פֿונם זעלביקן טאָעסדיקן צוגאַנג צו דער פֿראַגע וועגן די אינערלעכע טרייב-קויכעס פֿון אונדזער רעוואָלוציע, וועלכע כאַראַקטעריזירט טראָצקיס טעאָריע פֿון פערמאַנענטער רעוואָלוציע.

כ' טראָצקי איז געקומען צום געדאַנק פֿון אַ „ציטווייליקער הערשאַפֿט", וואָס וועט מוזן פּלאַצן אָן דער הילף פֿון אויסלאַנד, מאַכמעס ער האָט ניט געזען דעם פֿאַרבינדעטן פֿונם פּראָלעטאַריאַט—דעם פויער. ס'הייסט, געזען האָט ער אים יאָ, ער האָט אים אָבער געזען אַלס ביין רוקן, וואָס איז באַרופֿן אומפֿאַרמיידלעך צוברעכן די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור.

די כ"כ קאַמעניעוו און זינאָוויעוו האָבן אויך זיך פֿאָרגעשטעלט די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור אַלס אַ דיקטאַטור פֿונם אַרבעטער-קלאַס, וועלכע איז אינגאַנצן פֿאַרפֿרעמדט פֿון די איבעריקע אַרבעטנדיקע מאַסן און אין דער ערשטער ריי פֿונם פויערטום. פֿאַרשטייט זיך, אַז פֿאַרבלייבנדיק איינער אליין, אָן דער הילף פֿונם פויערטום, שטייט די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור פֿאַר גאַנץ נעבעכדיקע פערספעקטיוון, און נעמען די מאַכט אין אַזאַ פֿאַל איז בעעמעס אַן אומזין.

אָט וואָס כ' קאַמעניעוו האָט געזאָגט אַף דער אפּריל-קאָנפֿערענץ אין 1917 יאָר:

„די בורזשואַזע רעוואָלוציע האָט זיך נאָך ניט פֿאַרענדיקט, זי האָט זיך נאָך ניט אויסגעלעבט און איך רעכן, אַז אַלע איר הערפֿט אָנערקענען, אַז ווען די דאָזיקע רעוואָלוציע וועט זיך פֿולשטענדיק ענדיקן, וואָלט די מאַכט בעעמעס אַריבער אין די הענט פֿונם פּראָלעטאַריאַט. אָט דענסטמאָל וואָלט געקומען דער מאָמענט צורייסן דעם בלאָק פֿונם פּראָלעטאַריאַט מיט דער קליינבורזשואַזיע און דער פּראָלעטאַריאַט זאָל זעלבשטענדיק פֿאַרווירקלעכן זיינע פּראָלעטאַרישע צילן".

לויט קאַמעניעווס טעאָריע קומט אויס, אַז נאָכדעם ווי דער פּראָלעטאַריאַט האָט פֿאַרכאַפּט די מאַכט, קומט דער מאָמענט „צורייסן דעם בלאָק פֿונם פּראָלעטאַריאַט מיטן קליינבירגערטום", דאָס הייסט מיטן פויערטום. אַזאַ טעאָריע, פֿון „זעלבשטענדיקייט"

(אָן פּויערטום), מוז אַרונטערייסן די באַזע פֿון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור און אַרויסרופֿן אַ בעהאָלע, אַ פּאַניק און אומגלויבן אין זיג, און אַזוי איז טאַקע געשען.

אין דער פֿאַראייניקטער אָפּאָזיציע פֿון 1926 יאָר, האָבן די־דאָזיקע אַלטע כאַסאָים קאַמעניעוו און זינאָוויעוו אויפֿגעלעבט אָפּן זעלבן אויפֿן, ווי די טעאָריע פֿון פּערמאַנענטער רעוואָלוציע לעבט אדהאיעם אין טראָצקיס אָפּשאַצונג פֿון אונדזער רעוואָלוציע.

טראָצקי, קאַמעניעוו און זינאָוויעוו גיבן זיך הי הענט דאָרטן, ווו עס האַנדלט זיך אין אומגלויבן אין די א י נ ע ר ־ ל ע כ ע קויכעס פֿון אונדזער רעוואָלוציע. קאָנקרעט דריקט זיך עס אויס אין זייער איינהייטלעכן אָפּאָזיציע-פֿראָנט קעגן דער לענינישער טעאָריע פֿון אויסבויען סאָציאַליזם אין איין לאַנד — אין אונדזער לאַנד.

די דאָזיקע טעאָריע פֿון „סאָציאַליזם אין איין לאַנד“ ווערט אויסגעלאַכט דורך דער אָפּאָזיציע אַלס רעאַקציאָנער-נאַציאָנאַליסטישע טעאָריע „פֿון בויען סאָציאַליזם אין איין אויעזד“, אַלס טעאָריע, וואָס פֿאַרוואַנדלט אונדזער רעוואָלוציע אין אַן ענג-נאַציאָנאלן פֿאַקטאָר.

דער דערפֿינדער פֿון דער דאָזיקער אומגעלומפּערטער באַשולדיקונג אין „נאַציאָנאַליזם“ איז דער, וועמען עס געהערט בּיקלאַל די אידעישע העגעמאָניע אין דער איצטיקער אָפּאָזיציע — כ׳ טראָצקי.

פֿאַר די, וואָס זיינען באַקאַנט מיט דער געשיכטע פֿון קאַמף, וואָס כ׳ טראָצקי האָט געפֿירט קעגן לענינען, איז די דאָזיקע באַשולדיקונג ניט קיין נייס. מיר ריידן שוין ניט פֿון יענע ווייטע יאָרן, ווען טראָצקי האָט פֿאַרביסן געקעמפֿט קעגן לענינס „אַזיאַטישע מעטאָדן“, נאָר אַפֿילע אין 1917 יאָר, א ר ײ נ ־ ג ײ ע נ ד י ק א י ן ד ע ר ב אָ ל ש ע װ י ס ט י ש ע ר פּ אַ ר ־ ט ײ, האָט טראָצקי געהאַלטן, אז ער קאָן אריינטרעטן אין לענינס פּאַרטיי נאָר אַף אַזוי פֿיל, אַף וויפֿל „דער באָלשעוויזם איז געוואָרן אויס באָלשעוויזם“ און איז אינטערנאַציאָנאַליזירט געוואָרן.

אין לענין-זאַמל בוך נומ. 4 ווערט געבראַכט לענינס אַן אינטערעסאַנטע נאָטיץ, וואָס האָט אַ שאיכעס צו יענער צייט, ווען עס האבן זיך געפֿירט אונטערהאַנדלונגען צווישן די „מעזש-ראַיאָנצעס“ (טראָצקיס גרופּע) און די באָלשעוויקעס וועגן צו-זאַמענגיסן זיך. דאָס איז געווען אין מײַ 1917 יאָר, און טראָצקי האָט אַלס ענטפֿער אַף לענינס רעדע געזאָגט:

„מיט די רעזאָלוציעס בין איך אינגאַנצן מאסקים, נאָר מאסקים בין איך אַף אזויפֿיל, אַף וויפֿל דער רוסישער באָלשעוויזם איז געוואָרן אינטערנאַציאָנאַליסטיש. די באָלשעוויקעס זיינען געוואָרן אויס באָלשעוויקעס“. („большевики разбольшевичились“)

וואָס טראָצקי האָט געמיינט מיט דער פֿראַזע „די באָל-שעוויקעס זיינען געוואָרן אויס באָלשעוויקעס“ ווייסן מיר איצט גאַנץ גוט. טראָצקי האָט דאָך אין 1922 יאָר, אין זיין פֿאָרעדע צום בוך „1905“, אָנגעשריבן שוואַרץ אַף ווייס, אַז ער האָט גע-קאָנט זיך צונויפֿקומען מיט לענינען אין 1917 יאָר נאָר דערפֿאַר, ווייל „דער באָלשעוויזם האָט אידעיש זיך איבערגעוואָפּנט אין דער דאָזיקער וויכטיקער פֿראַגע (וועגן באַציִונג צום פּויערטום. י.ב.) אין פֿרילינג 1917 יאָר“.

אַזוי אַרום קומט אויס לויט טראָצקין, אַז די באָלשעוויסטישע פּאַרטיי איז בלויז אין 1917 יאָר געוואָרן אַן אינטערנאַציאָנאַליסטישע, דאָס הייסט אַריבערגעגאַנגען אַף טראָצקיס „אייראָפּעישן שטאַנדפּונקט“ אין דער פֿראַגע וועגן באַציִונג צום פּויערטום, דאָס הייסט געוואָרן אויס באָלשעוויסטיש.

איצט, אין 1926 יאָר, כאַזערט ווידער אַמאָל איבער כאַווער טראָצקי זיינע באָבע-מאַיסעס וועגן דעם „נאַציאָנאַלן“ ניט „אייראָפּעישן“ כאַראַקטער פֿון דער לענינישער פּאַרטיי. שפּילנדיק מיט דער פֿראַזע וועגן דער צונויפֿגעקניפּקייט פֿון דער גאַנצער וועלט-ווירטשאַפֿט אין דער עפּאָכע פֿון אימפּעריאַליזם, לייקנט אָפּ כ׳ טראָצקי אינגאַנצן די נויטיקייט צו שטעלן די פֿראַגע וועגן די א י נ ע ר ל ע כ ע קויכעס פֿון אונדזער רעוואָלוציע—דאָס הייסט באַ אים „נאַציאָנאַלע באַגרענעצטקייט“, דאָס הייסט באַ אים „מעטאַ-פֿיזיק“, „סכאָלאַסטיק“ א.א.וו.

„מע קען זיך ניט אַבסטראַגירן פֿון דער וועלט-ווירטשאַפֿט“—שרייט אויס כ׳ טראָצקי אין זיין רעדע אַף דער XV פּאַרטיי-קאָנפֿערענץ און וויל אַזוי אַרום אינגאַנצן פּאָטער ווערן פֿון דער פֿראַגע וועגן בויען סאָציאַליזם אין איין לאַנד—אין אונדזער לאַנד.

אָבער אַבסטראַגירן זיך פֿון דער וועלט-ווירטשאַפֿט האַגאַם די וועלט-ווירטשאַפֿט איז איין גאַנצער קאָמפּלעקס“, קאָן מען י אָ און מע דאַרף און מע מוז, אויב מע וויל שרייבן פּאַרטיי-רעזאָלוציעס און ניט קיין רעזאָלוציעס „פֿאַר שילער פֿונם ערשטן קורס“.

„שילער פֿונם ערשטן קורס“—דאָס איז לענינס אַ ווערטל און איז באַנוצט געוואָרן טאַקע אין דערזעלבער פֿראַגע וועגן „אַבסטראַגירן זיך“, האַגאַם מיט אַ היפּש ביסל יאָרן צוריק—אין 1902 יאָר.

כ׳ לענין האָט דענסטמאָל צוזאַמען מיט פּלעכאַנאָוון און מאַרטאָוון געאַרבעט איבערן פּראָיעקט פֿון דער פּראָגראַם פֿון ר.ס.ד.א.פּ. איז אָט, ד ע ר ג ר ו נ ט פֿ ע ל ע ר, וואָס לענין האָט געפֿונען אין פּלעכאַנאָווס פּראָיעקט, איז געווען דאָס, וואָס פּלעכאַנאָווס פּראָיעקט הויבט זיך אָן מיט אַ ל ג ע מ ײ נ ע פּרינציפּן פֿונם אַ ל ג ע מ ײ נ ע ם קאַפּיטאַליזם און ניט וועגן ר ו ס י ש ן קאַפּיטאַליזם. כ׳ לענין האָט אַף פּלעכאַנאָווס פּראָיעקט געמאַכט אַזאַ באַמערקונג:

„דער גרונט-כיסאָרן וואָס מאַכט דעמדאָזיקן פּראָיעקט פֿאַר ניט אנעמבאַר ליגט לויט מיין מיינונג אינם ג אַ נ צ ן ט י פּ פֿון דער פּראָגראַם. דעהאַינו: דאָס איז ניט קיין פּראָגראַם פֿון אַ פּ ר אַ ק ט י ש ־ ק ע מ פֿ נ ד י ק ע ר פּ אַ ר ט ײ נאָר „פּרינציפּ-דערקלערונג“. דאָס איז גיכער אַ פּראָגראַם פֿאַר שילעה (באַזונדערס אין דעם הויפּט-קאַפּיטל וואָס איז געווידמעט דער כאַראַקטעריסטיק פֿון קאַפּיטאַליזם) און דערבײַ פֿאַר שילער פֿונם ערשטן קורס, ווו מען רעט וועגן קאַפּיטאַליזם בּיקלאַל און ניט וועגן רוסישן קאַפּיטאַליזם. (לענין-זאַמלבוך נומ. 2 זייטל 65).

אָט ווי לענין פֿלעגט פֿאָדערן אַבסטראַגירונג און א י נ ע ר ־ ל ע כ ן „ענג-נאַציאָנאַלן“ אַנאַליז פֿונם שטאַנדפּונקט פֿון „פּראַקטיש-קעמפֿנדיקער פּאַרטיי“.

כ׳ טראָצקי וויל די פֿראַגע וועגן די *אינערלעכע* טרייב־קייכעס פֿון אונדזער רעוואָלוציע פֿאַרשמירן מיט אַלגעמיינע אינטערנאַציאָנאַליסטישע פֿראַזן און ווען עס געלינגט אים ניט, דערקלערט ער אָפֿן, אַז די *אינערלעכע* טרייב־קייכעס פֿון אונדזער רעוואָלוציע זיינען אַזוינע נעבעכדיקע, אַז אָן דער הילף פֿונם זיגרייכן אַלוועלטלעכן פּראָלעטאַריאַט וועלן מיר *אומפֿאַרמיידלעך* אונטערגיין, אַז דער עמעסער אויפֿשטייג פֿון אונדזער ווירטשאַפֿט איז מעגלעך *נאָר נאָכן זיג* פֿון דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע אין דער גאַנצער וועלט.

לאָמיר איצט זען, ווי די כ״כ קאַמעניעוו און זינאָוויעוו שטעלן די זעלבע פֿראַגע וועגן אינטערנאַציאָנאַליזם און נאַציאָנאַליזם פֿון אַל.ק.פּ.

זיי כאַזערן איצט איבער די אַלטע טראָצקיסטישע באַבע־מאַיסע וועגן דעם, אַז דער לעניניסטישער צ. ק. שטעקט אָן דעם רוסלענדישן אַרבעטער־קלאַס מיט עפּעס אַ נאַציאָנאַל־באָלשעוויזם, וואָס טויג בלויז פֿאַרן „אינערלעכן געברויך“ פֿונם אָפּגעשטאַנענעם רוסלאַנד, אָבער ניט פֿאַרן מאַירעוו־אייראָפּעישן אַרבעטער־קלאַס. זעט, אקאָרשט, ווי כ׳ זינאָוויעוו טייטשט אויס, וואָס איז אַזוינס „לעניניזם“:

„לעניניזם — דאָס איז מאַרקסיזם אין דער עפּאָכע פֿון אימפּעריאַליסטישע מילכאָמעס און וועלט־רעוואָלוציע, וועלכע האָט זיך דירעקט אָנגעהויבן *אין אַ לאַנד, ווו דאָס ראָוו זיינען פּויערים*“ (זאמלבוך „פֿאַרן לעניניזם, ז. 121).

פּאָשעטער גערעט הייסט עס, אַז לויט זינאָוויעוון איז לעניניזם בלויז „אַ סכוירע“ פֿאַר אַ לאַנד פֿון אָפּגעשטאַנענע פּויערים, ווי לעמאָשל אונדזער אָפּגעשטאַנען לאַנד, ווו דאָס ראָוו זיינען פּויערים. נו, און וואָס טאָן מיט די לענדער פֿון מאַירעוו־אייראָפּע, ווו דאָס ראָוו זיינען ניט קיין פּויערים? און ווי זאָל מען נאָכדעם ריידן וועגן באָלשעוויזירן אונדזערע פּאַרטייען אין מאַירעוו־אייראָפּע? דאַ ווערט בוילעט אונטערגעשטראָכן זינאָוויעווס אידיי: לעניניזם בלויז פֿאַר רוסלאַנד!

נאָך שאַרפֿער האָט כ׳ זינאָוויעוו אַנטוויקלט דעמזעלבן געדאַנק וועגן דער נאַציאָנאַלער באַגרענעצטקייט פֿונם באָלשעוויזם אין זיין רעדע אַפֿן 14־טן פּאַרטיי־צוזאַמענפֿאָר. כ׳ זינאָוויעוו איז שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן יאַקאָוולעוון, וועלכער האָט אַף אַ פּאַרטיי־פֿאַרזאַמלונג אין קורסק געזאָגט, אַז מיר וועלן אויסבויען דעם סאָציאַליזם אין ראַטן־פֿאַרבאַנד.

זינאָוויעוו שרייט אויס: „צי דען איז עס אַ לעניניסטישער צוגאַנג צו דער פֿראַגע? צי דען שמעקט דאָ ניט מיט נאַציאָנאַלע באַגרענעצטקייט?“.

דאָ זיינען שוין די קאָרטן אינגאַנצן אָפֿן. דער עצעם געדאַנק, אַז מיר וועלן אויסבויען דעם סאָציאַליזם אין ראַטן־פֿאַרבאַנד (אין איין לאַנד) ווערט דערקלערט אַלס נאַציאָנאַל־באַגרענעצטער געדאַנק. די פּאַרטיי אָבער איז דאָך איבערצייגט, אַז מיר וועלן יאָ אויסבויען דעם סאָציאַליזם, הייסט עס, אַז אונדזער לעניניסטישע פּאַרטיי איז געוואָרן אַ נאַציאָנאַל־באַגרענעצטע פּאַרטיי? אויס אינטערנאַציאָנאַליזם? גייט טאַקע דער אָפּאָזיציאָנער אָסאָווסקי ווייטער (דערפֿאַר איז ער טאַקע אויסגעשלאָסן פֿון פּאַרטיי) און אַנטוויקלט אַ טעאָריע וועגן 2 פּאַרטייען באַ אונדז, אין לאַנד פֿון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור: איינע אַ נאַציאָנאַליסטישע, די צווייטע — אַן אינטערנאַציאָנאַליסטישע.

„ביידע לאַגערן ווילן, אַלקאָלפּאָנים. די ערשטע צייט, זיין קאָמוניסטישע: איינער אַ קאָמוניסטישער מיט אַן איבערוועגנדיקן נאַציאָנאַלן אינהאַלט און דער צווייטער אַן אינטערנאַציאָנאַלער. אַלץ, וואָס איז פֿאַראַן רעוואָלוציאָנערס אינם רוסישן אַרבעטער־קלאַס און פּויערטום, וואָלט פֿאַרבליבן און זיך אַנטוויקלט אין קאַמף קעגן דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפֿט פֿון אונדזער לאַנד און פֿון דער גאַנצער וועלט. די וויינציקער־רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן פֿונם אַרבעטער־קלאַס וואָלטן צוזאַמען מיטן מיטל־פּויערטום פֿאַרגעזעצט בויען די ווירטשאַפֿט אין די ראַמען פֿון די באַגרענעצטע מעגלעכקייטן, וואָס אונדזער לאַנד שטעלט פֿאָר“.

אָט וואָס עס קומט אויס לויט אָסאָווסקין: דער מיטל־פּויער (די גרונט־פֿיגור פֿון אונדזער לאַנדווירטשאַפֿט) און „די וויניקער־רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן פֿונם אַרבעטער־קלאַס“ זאָלן זיך דאָרטן שפּילן אין „סאָציאַליזם אין איין לאַנד“, און די סאַמאָראָדנע „אינטערנאַציאָנאַליסטן“ בעראָש מיט אָסאָווסקין וועלן זיך אָרגאַניזירן אַן אייגענע „אייראָפּעישע, אַן „אינטערנאַציאָנאַליסטישע“ פּאַרטיי, קעדיי צו קעמפֿן קעגן דער לענינישער „אַזיאַטישע“ קאָמוניסטישער פּאַרטיי“.

ריינע מענשעוויסטישע דיבורים!

אָבער דעמזעלבן אָסאָווסקין האָבן *געשטיצט* די לידערס פֿון דער נייער אָפּאָזיציע און נעשטימט קעגן אויסשליסן אים פֿון פּאַרטיי!

פֿאַרוואָס זשע סטאַרען זיך אַלע לידערס פֿון דער אָפּאָזיציע צו פֿאַרשמירן די פּראָבלעם פֿון אונדזערע *אינערלעכע* שעפֿערישע קייכעס מיט אַלגעמיינע אינטערנאַציאָנאַליסטשע פֿראַזן וועגן אַן „איינהייטלעכער וועלט־ווירטשאַפֿט“?

דערפֿאַר ווייל זיי זעען ניט אָט די *אינערלעכע* שעפֿערישע קייכעס פֿון אונדזער רעוואָלוציע. דערפֿאַר ווייל *אין נעפּ*־נ ווייניק אין לאַנד זעען זיי אַ פּלאָנטער פֿון סטירעס צווישן אַרבעטער־קלאַס און פּויערטום און קאָנען פֿונם דאָזיקן פּלאָנטער ניט אַרויס. דערפֿאַר ווייל זיי האָבן *מוירע* פֿאַרן פֿאַרבינדן פֿונם אַרבעטער־קלאַס — פֿאַרן פּויער און פֿאַרשטייען ניט די לענינישע טעאָריע פֿון „סאָציאַליסטישן איבערמאַכן דאָס פּויערטום“.

## II. וועגן סאָציאַליסטישן איבערמאַכן די פּויערישע ווירטשאַפֿט.

די גרונט־אידיי אין דער לענינישער לערע וועגן סאָציאַליסטישן *איבערמאַכן* די פּויערישע ווירטשאַפֿט, שטעקט אינם געדאַנק, אַז באַוועגן זיך פֿאָרויס צום סאָציאַליזם, דאַרף מען אַף אַ ברייטן פֿראָנט, וואָס זאָל אימשטאַנד זיין אַרומצוכאַפּן די סאַמע ברייטסטע מאַסן פֿון דער באַפֿעלקערונג, וואָס זאָל אימשטאַנד זיין „אַרויסצורייסן די סאַמע טיפֿסטע און לעבנפֿעיקע וואָרצלען פֿון די אַלטע פֿאָרסאָציאַליסטישע און אַפֿילע פֿאָרקאַפּיטאַליסטישע באַציִונגען, וועלכע שטעלן זיך פֿאַראַקשנט קעגן יעדער „נייעם שניט“ (לענין, באַנד 18, טייל 1, ז. 220).

דאָס הייסט, אז די סאָציאַליסטישע פֿאָרמען פֿון פּראָדוקציע און פֿאַרטיילונג דאַרפֿן זיך באַפֿעסטיקן ניט נאָר אין שטאָט, נאָר אויך אין דאָרף, אַפֿן שעטעך פֿון 22 מיליאָן פויערישע הויפֿן. אָן אָט דעם רוקן זיך פֿאָרויס אַף אַ ברייטן פֿראָנט צוזאַמען מיט 22 מיליאָן פויערישע הויפֿן איז קיין סאָציאַליזם ניטאָ.

צי קאָנען מיר האָפֿן זיך רוקן פֿאָרויס צום סאָציאַליזם מיט אַזאַ „באַגאַזש", מיט „פויערישע קעפּ"?

דאָ קומען מיר צו, צו דער פֿראַגע וועגן פּאָליטישן און סאָציאַל־עקאָנאָמישן פּאַרצעף פֿון דער פויערישער פּריוואַט־סאָכרישער ווירטשאַפֿט, און דאָ טאַקע הויבן זיך אָן די מיינונג־פֿאַרשיידנקייטן צווישן לעניניזם און טראָצקיזם.

דער טראָצקיזם שאַצט אָפּ אָט די פויערישע פּריוואַט־סאָכרישע ווירטשאַפֿט אלס אַ פֿאַרפֿלייצונג פֿון קאַפּיטאַליסטישער סטיכיי, אַלס איין גרויסן יאַם פֿון „דאָרפֿישן אידיאָטיזם". דעריבער טאַקע פּריידיקט דער טראָצקיזם, אַז די אינטערעסן פֿון דער זיגרייכער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע מוזן אומפֿאַרמיידלעך זיך פֿאַנאַנדערגיין מיט די אינטערעסן פֿון אָט דער קליינבירגערלעכער קאַפּיטאַליסטישער סטיכיי. טראָצקי שרייבט, אז דער פּראָלעטאַריאַט וועט אומפֿאַרמיידלעך „קומען אין פֿיינטלעכע צוזאמענשטויסן.. מיט די ברייטע פויערישע מאַסן, וואָס מיט זייער הילף איז ער געקומען צו דער מאַכט (פֿאָרוואָרט צום בוך „1905"—דערשינען אין 1922 יאָר). אַן אויסגאַנג פֿונם דאזיקן קאָנפֿליקט איז לויט טראָצקיס מיינונג מעגלעך בלויז „אַף דער אַרענע פֿון דער וועלט רעוואָלוציע".

פֿאַרשטייט זיך, אז יעדער פּאָשעטער פּאַרטיי־כאַווער קאָן דאָ שטעלן אַ פֿראַגע דעם כ׳ טראָצקי: נו, און פֿאַרוואָס וועלן אָט די דאזיקע אומפֿאַרמיידלעכע קאָנפֿליקטן געלייזט ווערן „אַף דער אַרענע פֿון דער וועלט־רעוואָלוציע"? אינם וועלט־מאַסשטאַב באַטרעפֿט ערשט דער פּראָלעטאַריאַט אַן אומבאַדייטנדיקע מינדערהייט אין פֿאַרגלייך מיט די הונדערטער מיליאָנען פויערים פֿון די קאָלאָניעס, טאָ ווי וועט עס דער פּראָלעטאַריאַט אין אַלוועלטלעכן מאַסשטאַב זיך אַן אייצע געבן מיט אָט דעם „יאַם פֿון דאָרפֿישן אידיאָטיזם" אין פּריוואַט־קאַפּיטאַליסטישער סטיכיי? צי וועלן ניט אַמאָל די אינטערעסן פֿונם אַלוועלטלעכן פּראָלעטאַריאַט אומפֿאַרמיידלעך זיך פֿאַנאַנדערגיין (לויט טראָצקיס טעאָריע!) מיט די אינטערעסן פֿון אָט דער אַלוועלטלעכער קליינבירגערלעכער קאַפּיטאַליסטישער סטיכיי? אַף וועלכער אַרענע וועט שוין אָט דער אַלוועלטלעכער קאָנפֿליקט געלייזט ווערן? סיידן אַף דער אַרענע פֿון... מאַרס...

אין אַזאַ פּלאָנטער פֿון ווידערשפּרוכן פֿאַרפֿירט טראָצקיס טעאָריע וועגן אומפֿאַרמיידלעכן צוזאמענשטויס צווישן פּראָלעטאַריאַט און די „פויערישע קעפּ".

די זינאָוויעווצעס פֿון דער נייער, פֿאַראייניקטער אָפּאָזיציע שאַצן אָפּ אַפֿן זעלבן אויפֿן דעם פּאָליטישן און סאָציאַל־עקאָנאָמישן פּאַרצעף פֿון אונזער פויערישער פּריוואַט־סאָכרישער ווירטשאַפֿט.

וואָס אַזוינס איז באַ איצטיקן מאָמענט די פויערישע ווירטשאַפֿט אין איר פֿרייען סכוירע־פֿאַרקער. צו וואָס פֿירט אָט דער פֿרייער סכוירע־פֿאַרקער? כ׳ זינאָוויעוו ענטפֿערט אַף אָט דער פֿראַגע אַזוי:

„..מע פֿאַרגעסט אַזאַ „קלייניקייט", ווי פֿרייער האַנדל, ווי די פֿאָרם פֿון פֿאַרטיילן און פֿאַרברויך, וואָס עקזיסטירט באַ אונדז,- ווי דער אומפֿאַרמיידלעכער אָנוווקס פֿון קאַפּיטאַליזם, וואָס שפּאַרט פֿון אינדיווידועלער ווירטשאַפֿט..."

„...מע טאָר ניט פֿאַרגעסן אָן פֿרייען האַנדל, אָן זיינע פֿאָרמען, אָן דער פּלאַנירונג און פֿאַנאַנדערטיילונג, אָן אָנוווקס פֿון קאַפּיטאַליזם פֿון די אינדיווידועלע ווירטשאַפֿטן. מע טאָר ניט פֿאַרגעסן, אַז דאָס אַלץ האָט וולאַדימיר איליטש אָנגערופֿן מעלוכע־קאַפּיטאַליזם". (זינאָוויעווס רעדע אַפֿן XIV פּאַרטיי־צוזאַמענפֿאָר)

וואָס זאָגט אונדז אָט דיזאָזיקע לאַנגע ציטאַט? זי דערציילט אונדז קלאָר און ניט צווייטייטיק ווי זינאָוויעוו שאַצט אָפּ אונדזער פויערישע פּריוואַט־סאָכרישע ווירטשאַפֿט און די פּערספּעקטיוון פֿון איר אַנטוויקלונג אין די באַדינגונגען פֿון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור.

„דאָס אַלץ"—זאָגט זינאָוויעוו—דאָס הייסט, די אינדיווידועלע ווירטשאַפֿט פֿונם מיטל־פויער (דער מיטל־פויער איז דאָך די צענטראַלע פֿיגור אין דאָרף!), זיין סכוירע־פֿאַרקער—דאָס איז מעלוכע קאַפּיטאַליזם. דאָס איז איינס. צווייטנס: פֿון אינדיווידועלער פּריוואַט־סאָכרישער פויערישער ווירטשאַפֿט מוז אומפֿאַרמיידלעך אויסוואַקסן דער קאַפּיטאַליזם.

אויב מיר זאָלן אַרויסגיין פֿון אָט די צוויי זינאָוויעווס האַנאָכעס איז פֿאַרשטענדלעך, אַז באַוועגן זיך פֿאָרויס צום סאָציאַליזם צוזאַמען מיטן „קאַפּיטאַליסטישן" פויערטום איז אומעגלעך. דיזאָזיקע קאַפּיטאַליסטישע רעאַקציאָנערע פויערישע סטיכיי דאַרף מען לויט פּרעאָבראַזשענסקיס רעצעפּט ניט איבערמאַכן, נאָר טאַקע אַף געוואַלט פֿאַרצאַמען, אויפֿרעסן לויט אַלע קלאָלים פֿון דער אומבעראַכמאָנעסדיקער קאַפּיטאַליסטישער אָנזאַמלונג. אָט וואָס פּרעאָבראַזשענסקי—דער טראָצקיסט—שרייבט:

„דער גלייכגעוויכט צווישן דער סאָציאַליסטישער סיסטעם און דער פּריוואַטער סכוירע־פּראָדוקציע קאָן לאַנג ניט דויערן. מאַכמעס איין סיסטעם מוז אויפֿרעסן די צווייטע" („וועסטניק קאָמאַקאַדעמ." בוך 8, זייטל 78)

איז אָט שטעלן מיר איצט די פֿראַגע. צי איז עמעס, אַז אין אונדזערע באַדינגונגען (באַם רעזשים פֿון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, סאָציאַליסטישער אינדוסטריע און קאָאָפּעראַציע־האַנדל) פֿירט דער פֿרייער סכוירע־פֿאַרקער אומפֿאַרמיידלעך צום קאַפּיטאַליזם?

צי קאָן מען זאָגן, אַז אין אונדזער דאָרף (ווו די צענטראַלע פֿיגור איז דער מיטל פויער, וועלכער עקספּלואַטירט ניט) הערשט קאַפּיטאַליסטישע ווירטשאַפֿט?

צי קאָן מען זאָגן, אַז דער ניצאָכן פֿונם סאָציאַליזם וועט באַשטיין אין דעם, וואָס ער וועט אויפֿרעסן די סיסטעם פֿון פּריוואַטער סכוירע־פּראָדוקציע לויט דיזעלבע געזעצן, לויט וועלכע דער קאַפּיטאַליזם האָט אויפֿגעפֿרעסן די פֿאָרקאַפּיטאַ-

ליִסטישע פאָרמען (דאָס הייסט, שטיִקן דעם פויער מיִט שטייער, אַראָפּטרייבן איִם פון דער ערד, פאַראָרעמען איִם א. א. וו.)?

אָט ווי די גרונטלייגער פון מאַרקסיִזם—מאַרקס און ענגעלס און דערנאָך אויך לעניִן—האָבן געלייזט דיִדאָזיִקע פראַגן.

די ערשטע פראַגע: ציִ שטענדיִק און אומעטום פירט דער פרייער האַנדל צו קאַפּיִטאַליִזם?

ניין ניִט שטענדיִק.

מאַרקס שרייבט איִנם 3-טן באַנד „קאַפּיִטאַל", ערשטער טייל זייטל 311:

„וואָס פאַר א נייע פראָדוציִר-פאָרם עס וועט קומען אָפּן אָרט פון דער אַלטער—דאָס הענגט אָפּ ניִט פון האַנדל, נאָר פונם עצעם כאַראַקטער פון דער אַלטער פראָדוציִר-פאָרם גופע".

ד. ה., אַז דער רעזולטאַט פון האַנדל ווערט באַשטיִמט דורכן כאַראַקטער פון יענעם פראָדוקציע-אויפן, מיִט וועלכן ער פלעכט זיִך עקאָנאָמיִש איִבער, און נ ִ ט ש ט ע נ ד ִ י ק פ ִ י ר ט ד ע ר ה אַ נ ד ל צ ו ם ק אַ פ ִ ט אַ ל ִ י ז ם. צום ביישפּיִל, איִן דער אַלטער אַנטישער וועלט, האָט פרייהייט פון האַנדל געפיִרט ניִט צום קאַפּיִטאַליִזם, נאָר צו דער שקלאַפן-וויִרטשאַפט.

איִנם 3-טן באַנד זייט 138–139 רעט לעניִן נאָך קלאָרער בענויגייע דעם:

„אליין פאַר זיִך, איִז ניִט דער האַנדל-קאַפּיִטאַל, ניִט דער וואכער-קאַפּיִטאַל שטעלן פאַר די נויטיִקע באַדיִנגונגען פארן אויפקומען פון איִנ-דוסטריעלן קאַפּיִטאַל (ד. ה., פון דער קאַפּיִטאַליִסטיִשער פראָדוקציע) ניִט שטענדיִק פאַרניִכטן זיי דעם אַלטן אויפן פון פראָדוקציע און שטעלן אַף זיין אָרט דעם קאַפּיִטאַליִסטיִשן אויפן פון פראָדוקציע. דאָס אויפקומען פונם לעצטן איִז אָפּהענגיִק איִנגאַנצן פון דער מאדרייגע פון דער היִסטאָריִשער אנטוויִקלונג און פון די געגעבענע באַדיִנגונגען".

אַזוי אַרום אַנטוויִקלען זיִך לויט מאַרקסן און לעניִנען דער פרייער האַנדל און די איִנדיִווידועלע סכוירע וויִרטשאַפט ניִט שטענדיִק איִן דער ריכטונג פון קאַפּיִטאַליִזם, קעדיי לייזן אָט די פראַגע דאַרפן מיִר יעדן מאָל נעמען איִן אַכט די ג ע ג ע ב ע נ ע ב אַ ד ִ נ ג ו נ ג ע ן. און אָט די געגעבענע באַדיִנגונגען, וויִל ניִט די אָפּאָזיִציע נעמען איִן אַכט.

וועלכע זשע זיינען די געגעבענע באַדיִנגונגען, וועלכע מיִר דאַרפן האָבן איִן זיִנען איִן דער פראַגע וועגן דער עקאָנאָמיִשער עוואָלוציע פון אונדזער דאָרף? ערשטנס—אַז די צענטראַל-פיִגור איִן אונדזער וויִרטשאַפט איִז דער מיִטל פויער, וועלכער ווענדעט ניִט אָן קיין געדונגענע אַרבעט, וואָס פיִרט אַ פּאָשעטע סכוירעדיִקע און ניִט קיין ק אַ פ ִ ט אַ ל ִ ס ט ִ ש ע וויִרטשאַפט. צווייטנס—די אָנוועזנהייט פון אַ פראָלעטאַרישער דיִקטאַטור, וועלכע שפאַרט זיִך אָן אַף די נאַציאָנאַליִזיִרטע וויִרטשאַפטלעכע אָנפיִרנדיקע הויכן. דריִטנס—די אָנוועזנהייט פון אַ מאסאָווער געבויך-קאָאָפּעראַציע, וועלכע „שלעפּט" אַריין די פויעריִשע מאַסע איִן דער אַלסאָציאַליִסטישער וויִרטשאַפטלעכער סיִסטעם.

און טאַקע אויסרעכענענדיִק אָט די געגעבענע באַדיִנגונגען, האָט לעניִן אַנטוויִקלט דעם געדאַנק וועגן דער מעגלעכקייט פון איִבערמאַכן די פויעריִשע סכוירע-וויִרטשאַפט, און ניִט אויפרעסן זי, צעלייגן לויט אַלע געזעצן פון דער קאַפּיִטאַליִסטיִשער דיִפעִרענציִרונג. די טעאָריע וועגן פריִדלעך איִבערמאַכן דאָס פויערטום (פאַרהעלטניִסמעסיִקן פריִדלעך — ווייל קלאַסן-קאמף איִן זיין נייער פאַרווייכערטער פאָרם בלייבט) האָט לעניִן ניִט איין מאָל אַנטוויִקלט. לעניִן האָט ניט איין מאָל אָנגעוויִזן, אַז מע דאַרף ניִט צונויפמיִשן די פּאָשעטע סכוירע-וויִרטשאַפט פונם פויער מיִט דער קאַפּיִטאַליִסטיִשער פראָדוקציע פון דער בורזשואַזיע (ווי די דאָרפיִשע אַזוי אויך די שטאָטיִשע).

די בורזשואַזיע קאָן מען עקספּראָפּריִאיִרן, דורכטרייבן, אָבער עקספּראָפּריִאיִרן און דורכטרייבן די גרונט-מאַסע פונם פויערטום קאָן מען ניִט! „אַז מיִר זאָלן קענען וועןן ס'ניִט איִז אָנווענדן אויך גוואַלט צום מיִטלפויערטום (דער קליין-פויער איִז אונדזער פריינט) וועגן דעם האָט קיין פארשטאַנדיִקער סאָציִאַליִסט קיין מאָל ניִט געטראַכט". (לעניִן. 16 ב. זייט 148).

פאַר לעניִנען איִז דאָס פויערטום ניִט קיין „מאַסיִווע רעאַקציִאָנערע מאַסע", מעשאָטשניִקעס, אונטער וועמענס קלעפּ ס'וועט מוזן אומבאַדיִנגט פאַלן דער אַרבעטער-קלאַס. לעניִן האָט נאָך איִן קאַמף מיִט די מענשעוויִקעס אָנגעוויִזן, ציִטיִרנדיִק מאַרקסן, אַז דאָס פויערטום האָט ניִט נאָר אַן אייגענעם פאָרורטייל, נאָר אויך אַן אייגענעם סייכל. („Крестьянство имеет не только свой предрассудок, но и свой рассудок") אַף אָט דעם פויעריִשן קלאַסן-סייכל, וועלכער זאָגט איִם אונטער אַ פריינטשאַפט מיִטן פּראָלעטאַריאַט, דאַרף זען וויִרקן די פאַרטיי פון דעם אַרבעטער-קלאַס, קעדיי איִבערמאַכן דאָס פויערטום איִן דער ריִכטונג פון סאָציִאַליִזם.

אָט דאָס איִבערמאַכן די פויעריִשע סכוירע-וויִרטשאַפט וועט גיין מיִט אַ אייגנאַרטיִקן וועג פון אַ ניִט ק אַ פ ִ ט אַ ל ִ ס ט ִ ש ע ר עוואָלוציע.

דער כאַוער לעניִן האָט פיִל מאָל אונטערגעשטראָכן די מעגלעכקייט פון אַזא ניִטקאַפּיִטאַליִסטיִשע עוואָליוציע פון דער פויעריִשער וויִרטשאַפט מיִטן טנאַי, אויב עס וועט הערשן די סאָציִאַליִסטיִשע איִנדוסטריע.

אַפן צווייטן קאָנגרעס פון קאָמיִנטערן האָט כאַוער לעניִן געזאָגט:

„דער קאָמיִנטערן דאַרף איינשטעלן און טעאָרעטיִש באַגריִנדן די האַנאָכע, אַז מיִט דער היִלף פון פראָלעטאַריאַט פון די מער פאָרויסגעשריִטענע לענדער קאָנען די אָפּגעשטאַנענע לענדער איִבערגיין צו דער סאָוועטיִשער אָרדענונג און דורך באַשטימטע שטאַפלען פון אַנטוויִקלונג איִבערגיין צום קאָמוניִזם, אויסמיידנדיִק די קאַפּיִטאַליִסטיִשע סטאַדיע פון אַנטוויִקלונג".

די איִדיי וועגן דער מעגלעכקייט פון איִבערמאַכן דאָס פויערטום האָט דער כ' לעניִן אַנטקוויִקלט איִן העסקעם מיִט די די גרונטלייגער פון מאַרקסיִזם—מאַרקס און ענגעלס.

אָט וואָס עס שרייבט ענגעלס איִבער דער פראַגע וועגן „אויפרעסן די פויעריִשע וויִרטשאַפט דורך דער סאָציִאַליִסטיִשער פראָדוקציע".

„באַהערשנדיִק די מעלוכע-מאַכט, וועלן מיִר ניִט אָנהויבן קלערן וועגן דעם, אַז מיר זאָלן מ ִ ט ג וו אַ ל ט ע ק ס פּ ר אָ פּ ר ִ א ִ ר ן דאָס קליינע פויערטום (מיִט באַלוינונג אָדער ניִט—דאָס איִז אַלציינס), ווי אונדז וועט אויסקומען טאָן מיִט די גרויסע ערד־אייגנטיִמער. אונדזער אויפגאַבע בענויגייע דעם קליין-פויערטום (דער באַגריִף פון קליין-פויערטום פאַלט בא ענגעלסן צונויף מיִטן באַגריִף פון מיִטל-פויער בא אונדז, י. ב.)

באשטייט פריער פאר אלץ אין דעם, אז די פריוואטע פראדוקציע און דאס פריוואט-אייגנטום זאל מען איבערפירן אין קאלעקטיווע. נאר ניט מיט גוואלט, בלויז מיט דער הילף פון א ביישפיל און דורך פארלייגן געזעלשאפטלעכע הילף פאר אט דעם ציל". (ענגעלס. די פויערים-פראגע אין פראנקרייך און אין ענגלאנד).

אין דעם אייגענעם ארטיקל דריקט זיך ענגעלס אויס נאך קלערער קעגן דרוק אפן פויערטום און קעגן זיין פאנאנדערלייגונג לויטן ביישפיל פון דער **קאפיטאליסטישער דיפערענצירונג** אין דארף. ענגעלס שרייבט:

„וואס גרעסער עס וועט זיין די צאל פויערים, וועלכע מיר וועלן **ניט דערלאזן אראפצולאזן זיך ביז פראלעטא-ריער** און וועלכע מיר וועלן נאך צוציען אף אונדזער זייט **אלס פויערים**, אלץ גיכער און גרינגער וועט פארקומען די געזעלשאפטלעכע איבעראנדערשונג.

עס וואלט אונדז **אומנוצלעך געווען צוווארטן** אף דער איבעראנדערשונג ביז יענער צייט, ווען די קאפיטאליסטישע פראדוקציע וועט זיך אומעטום אנטוויקלען ביז אירע עקסטרעמסטע פאלגן, ווען דער לעצטער קליינער באלמעלאכע און אויך דער לעצטער קליינער פויער וועלן פאלן **קארבאנעס פון דער גרויסער קאפיטאליסטישער פראדוקציע**".

אזוי ארום האט ענגעלס דייטלעך אנגעוויזן, אז נאכן **זיג פון פראלעטאריאט**, וועט דאס דארף עוואלוציאנירן צום סאציאליזם, ניט מיטן קאפיטאליסטישן וועג און ניט מיטן וועג פון זיך פאנאנדערלייגן אין דער ריכטונג פון זיינע צוויי פאלוסן — דעם באלעגופישן און ארעמפויערשן. אט דער וועג, ווי עס האט אים פאראויסגעזען ענגעלס, וועט זיין א דויערנדיקער, א שווערער און וועט פאדערן אפילע געוויסע קארבאנעס פון פראלעטאריאט.

ענגעלס שרייבט ווייטער:

„די מאטעריעלע קארבאנעס, וועלכע ס'וועט אין דעם זין אויסקומען צו ברענגען פון די געזעלשאפטלעכע מיטלען אין די אינטערעסן פון פויערטום, קענען זיך אויסדרוקן פון שטאנדפונקט פון קאפיטאליסטישער עקאנאמיע פאר ארויסגעווארפענע געלט (הערט אפאזיציאנערן! י. ב.) אינדערעמסן אבער, איז עס א גלענצנדער פארברויך פון קאפיטאל—דידאזיקע הויצאעס וועלן אונדז איינשפארן צען מאל א גרעסערע סומע באדי הויצאעס אף דער געזעלשאפטלעכער איבעראנדערשונג אינגאנצן גענומען. אין דעם זין קענען מיר, הייסט עס, זיך פירן מיט דער ברייטער האנט—בענוגייע דעם פויערטום".

נאך אט דער ציטאט איז קלאר פאר יעדערן, ווי ס'וואלט רעאגירט ענגעלס אפן רוף פון דער אפאזיציע וועגן א קוועטש טאן אף די „פויערשע קאלאניעס". מע דארף **איבערמאכן** דאס פויערטום און דערביי אזא איבערמאכן, וואס וועט פאדערן געוויסע הויצאעס פון דער געזעלשאפט—אט דאס איז דער שטאנדפונקט פון ענגעלסן און לענינען.

די אפאזיציע אידזיעקוועט זיך אף אט דער טעאריע פון א ניטקאפיטאליסטישער רעוואלוציע פונם פויערטום. סאפאראוו, אנפאלנדיק אף אט דער טעאריע, דערקלערט, אז אויך דער עסטרייכישער מענשעוויק אטא באוער שטייט אף אזא שטאנדפונקט. דעריבער הייסט עס, איז דידאזיקע טעאריע א מענשעוויסטישע.

אפלייקענענדיק די מעגלעכקייט פון איבערמאכן דאס פויערטום אין די באדינגונגען פון פראלעטארישן זיג, רייסט איבער די אפאזיציע איר אידעישן צוזאמענבונד ניט נאר מיט לענינען, נאר אויך מיט מארקסן און ענגעלסן, פארבייטנדיק אט דעם צוזאמענבונד מיט דער טראצקיסטישער טעאריע פון ניט דערשאצן דאס פויערטום.

## III. דער קאאפעראטיווער פלאן.

טא מיט וואסערן קאנקרעטן און פראקטישן וועג דארף גיין אט די **ניט-קאפיטאליסטישע** עוואלוציע פון דער הארעפאשנער פויערישער ווירטשאפט, אין די באדינגונגען פון דער פראלעטארישער דיקטאטור?

דא גייען מיר דירעקט צו צו לענינס קאאפעראטיוון פלאן. אין פארלויף פון זיין 30 יאריקער פארטעיש-טעארעטישער ארבעט האט ניט איינמאל לענין אנגערירט די פראבלעמען פון קאאפעראציע און די באציונג פון דער פארטיי און דעם ארבעטער-קלאס צו זיי. מיט זיין געוויינטלעכער דיאלעקטישער בויגעוודיקייט האט לענין די פראגע פון קאאפעראציע גענומען אין אירע קאנקרעט-היסטארישע באדינגונגען. מעכאניש ציטירן לענינען איבער די פראגן פון קאאפעראציע און געבן עפעס „אייביקע עמעסן" וועגן דער באציונג פון לענינען צו דער קאאפעראציע וואלט געווען נאריש.

אט וועלכע עטאפן ס'האט דורכגעמאכט לענינס גדאנק אין די פראגן פון קאאפעראציע.

ערשטער עטאפ:

די 90 יארן פון פאריקן יארהונדערט. דער יונגער רוסישער מארקסיזם פירט א פארביסענעם קאמף קעגן פאלקיזם. די פאלקיסטן דארשענען וועגן עפעס גאר באזונדערע וועגן פארן רוסישן סאציאליזם, וועלכער וואקסט ארויס קלוימערשט פון דער דארפישער „געמיינדע". די פאלקיסטן זויגן אויס פון די פינגער קאלערליי אוטאפישע פלענער וועגן שאפן „אן אייגענעם רוסישן" סאציאליזם **אין דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט גופע**. דעמאלט באוויין זיך קאלערליי קליינבירגערלעכע קאאפעראטיווע פלענער פון די פאלקיסטן.

לענין האט פארביסן אויסגעלאכט אט די קאאפעראטיווע פלענער.

לענין האט אנגעוויזן, אז בא דער הערשאפט פון דער קאפיטאליסטישער סיסטעם פון ווירטשאפט זיינען אלע ריידערייען וועגן א קאאפעראטיוון סאציאליזם, ניט מער ווי זיסע ריידלעך פון קליינבירגערלעכע אוטאפיסטן.

לענין שרייבט: „אט ווי עס פירן דעם פויער פאר דער נאזמענטשן, וועלכע שרייען וועגן ראטעווען דעם מיטל-פויער מיט קאלערליי ענלעכע פאריינען אף וואלוול איינקויפן און גוט פארקויפן" (פון דער בראשור: צו דער פויערישער ארעמקייט—ב. 9 זייט 342).

אין אן אנדער ארט אינם ארטיקל „רעוואלוציאנערער אוואנטוריזם" טרעט לענין נאך מער שארפער ארויס קעגן דעם קאאפעראטיוון סאציאליזם, ער שרייבט:

„דאס איז א ליגן, אז די „קאלערליי קאאפעראציעס" שפילן א רעוואלוציאנערע ראל אין דער היינטיקער געזעלשאפט און גרייטן צו קאלעקטיוויזם, און ניט צו דער פארשטארקונג פון דער דארפישער בורזשואזיע".

לענין האָט געקענט, ווען מ׳האָט געדאַרפט, שאַרף אופדעקן דעם קליינבירגערלעכן, אוטאָפּישן כאַראַקטער פונם קאָאָפּעראַטיוון סאָציאַליזם בא דער הערשנדיקער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם פון ווירטשאַפט.

נאָר אָט זיינען פאַרביי עטלעכע צענדליק יאָר. דער אַרבעטער-קלאַס פון רוסלאַנד האָט פאַרכאַפּט די מאַכט און האָט איינגעשטעלט זיין פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור. נאָך די בלוטיקע יאָרן פון בירגער קריג טרעט ער צו, צו דער סאָוועטישער, עקאָנאָמישער בויונג. נייע פּראָבלעמען טרעטן אַרויס פאַר אים אין אַ נייער באַלויכטונג, אין אַ נייער באַלויכטונג טרעט אויך אַרויס די פּראָבלעם פון קאָאָפּעראַציע.

ווי דאַרף זיין די באַציונג פון דער פּאַרטיי צו דער קאָאָפּעראַציע איצט, אין דער געגעבענער היסטאָרישער ווירקלעכקייט. לענין קוקט ניט אַריין אין די אַלטע לערנביכער. ער נעמט די קאָאָפּעראַציע אין איר נייעם „צוזאַמענבונד״, אין איר „זעלבסטבאַוועגונג״, אין איר פּראַקטישער קאָנקרעטקייט, ווי עס טוט אַ דיאַלעקטיקער.

לענין שאַצט אָפּ די עקאָנאָמישע לאַגע פון לאַנד אינם 1921 י. און קומט צום אויספיר, אַז דער גרעסטער סוינע פאַר דער סאָוועטישער בויונג איז דענסטמאָל דער קליינבירגערלעכער ספּעקולאַנט—„מעשאָטשניק״, אין פאַרגלייך מיט וועמען דער מעלוכע-קאַפּיטאַליזם איז „אַן סאָפעק עקאָנאָמיש-העכער״. דעם מעלוכע-קאַפּיטאַליזם האַלט דעמאָלט לענין פאַרן גרונט-וועג צום סאָציאַליזם, און די קאָנצעסיעס אַלס די פּאַשעטסטע פאָרמע פונם מעלוכישן קאַפּיטאַליזם. לענין שרייבט: „קולטיווירנדיק דעם מעלוכע-קאַפּיטאַליזם אין פאָרם פון קאָנצעסיעס, פאַרשטאַרקט די ראַטן-מאַכט איר גרויס-אינדוסטריע קעגן דער קליינער, דאָס פאָרויסגעשריטענע קעגן דעם אָפּגעשטאַנענעם, מאַשיניזירונג קעגן האַנט-אַרבעט״... די ראָל פון מעלוכע-קאַפּיטאַליזם ווערט אַזוי בוילעט אויסגעוואַקסן אַדאַנק דעם, ווייל מ׳האָט צו יענער צייט, (צום 1921 י.) ניט געקענט קלערן וועגן אַ מעלוכישער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע אַלס הערשנדיקע ווירטשאַפט-פאָרם. אין דער אייגענער צייט רירט לענין אָן די פראַגע וועגן דער ראָל פון דער קאָאָפּעראַציע אין דער ראַטן-בויונג און גיט אַ צווייטע פאָרמולירונג פון קאָאָפּעראַציע. לענין זאָגט דעמאָלט:

„קאָאָפּעראַציע איז אויך אַ מין מעלוכע-קאַפּיטאַליזם, נאָר ניט אַזאַ פּאַשעטער. ער איז ווייניקער אויסגעדריקט, אַ מער פאַרפלאָנטערטער און דערפאַר שאַפט ער אין דער פּראַקטיק מער שוועריקייטן פאַר אונדזער מאַכט... פרייהייט און רעכט פון דער קאָאָפּעראַציע אין די געגעבענע באַדינגונגען פון רוסלאַנד באַטייט פרייהייט און רעכט פון קאַפּיטאַליזם. פאַרמאַכן די אויגן אויף אָט דעם עמעס וואָלט געווען אַ נאַרישקייט אָדער אַ פאַרברעכן״.

אַזוי אַרום באַטראַכט לענין די קאָאָפּעראַציע אין 1921 י. ווי אַ באַזונדער מין מעלוכע-קאַפּיטאַליזם און רעכנט די פרייהייט פון קאָאָפּעראַציע גלייך צו דער פרייהייט פון קאַפּיטאַליזם.

מע דאַרף געדענקען סאַראַ מין נישטיקע ראָל ס׳האָט געשפּילט די מעלוכישע סאָציאַליסטישע אינדוסטריע אין דעם סכוירע פאַרקער פון 1921 י., קעדיי פאַרשטיין ווי גערעכט ס׳איז געווען לענין, ווען ער האָט אין 1921 י. באַטראַכט די פרייהייט פון קאָאָפּעראַציע ווי פרייהייט פון קאַפּיטאַליזם. נאָר שוין דעמאָלט האָט לענין טיילווייז דערלאָזט די מעגלעכקייט אויך פאַר אַן אַנדער ראָל פון דער קאָאָפּעראַציע. פאַרגלייכנדיק איין מין פון מעלוכע קאַפּיטאַליזם—קאָנצעסיעס מיט צווייטן מין פון מעלוכע קאַפּיטאַליזם—קאָאָפּעראַציע פון שטאַנדפונקט פון איבערגיין צום סאָציאַליזם, שרייבט לענין:

„דער איבערגאַנג פון קאָנצעסיעס צום סאָציאַליזם איז אַן איבערגאַנג פון איין פאָרם פון גרויס-אינדוסטריע צו אַ צווייטער פאָרם פון גרויס-אינדוסטריע. דער איבערגאַנג פון דער קאָאָפּעראַציע פון קליינע באַלעבאַטימלעך צום סאָציאַליזם איז אַ איבערגאַנג פון קליין-אינדוסטריע צו גרויסער, ד. ה. זייער אַ קאָמפּליצירטער איבערגאַנג. נאָר דערפאַר אַ פעיקער אין פאַל פון דערפאָלג צו אַרומכאַפּן אַ ברייטערע מאַסע באַפעלקערונג, אַ פעיקער אַרויסצורייסן מער טיפערע, מער לעבנספעיקע וואָרצלען פון די אַלטע פאַר סאָציאַליסטישע און אַפילע פאַר קאַפּיטאַליסטישע באַציונגען, מער איינגעשפּאַרטע אין זין פון געבן אַ ווידערשטאַנד יעדן נייעם שניט... די קאָאָפּעראַטיווע פּאָליטיק אין פאַל פון דערפאָלג וועט אונדז געבן אַן אויפשטייג פון דער קליין-ווירטשאַפט און וועט פאַרגרינגערן איר איבערגאַנג אין אַן אומבאַשטימטער צייט צו דער גרויס-אינדוסטריע אויף די יעסוידעס פון פרייוויליקע פאַראייניקונגען״.

אָט די מעגלעכקייט פון פרייוויליקן קאָאָפּעראַטיוון איבערמאַכן די פויערישע סכוירע-ווירטשאַפט האָט לענין נאָך געשעצט אין 1921 י., נאָר די מעגלעכקייט פון אַזאַ מין קאָאָפּעראַטיוון וועג איז דענסטמאָל באַגרענעצט געווען („אין פאַל פון דערפאָלג״), ווייל אין די הענט פון דער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע, וועלכע האָט געדאַרפט אַריינציען די סכוירע-ווירטשאַפט דורך דער קאָאָפּעראַציע אין סאָציאַליזם, זיינען נאָך ניט געווען די אָנפירנדיקע הויכן. אַלס צענטראַלער גרונט-וועג האָט מען אין 1921 י. זיך פאָרגעשטעלט די קאָנצעסיעס—אַלס סאַמע פּאַשעטער מין פון מעלוכע קאַפּיטאַליזם.

מיט קאָנצעסיעס אָבער איז געגאַנגען זייער שטומפּיק. שוין צום סאָף 1922 י. האָט לענין אין זיין פאָרטראַג: „פינף יאָר רוסלענדישע רעוואָלוציע און די פּערספּעקטיוון פון דער וועלט-רעוואָלוציע״ קאָנסטאַטירט: „פונדעסטוועגן דוכט זיך מיר, אַז אונדזער קאָנצעסיע-פּאָליטיק איז זייער אַ גוטע. ניט קוקנדיק אַף דעם, האָבן מיר אָבער נאָך קיין קאָנצעסיעס ניט געזען. אָט דאָס בעט איך ניט פאַרגעסן״. לענין האָט ניט אומזיסט אונטערגעשטראָכן, אַז דאָס בעט ער ניט פאַרגעסן. דער וווּקס פון דער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע פּאַראַלעל מיט די שוואַכע דערגרייכונגען פון אונדזער קאָנצעסיע-פּאָליטיק האָבן געפאָדערט אַ ריאָרגאַניזירונג פון פראָנט. אינם אַרטיקל „וועגן קאָאָפּעראַציע״ שטרייכט לענין ווידער אַמאָל אונטער אונדזער שוואַכקייט אָפן געביט פון אונדזער קאָנצעסיע-פּאָליטיק:

„אויב מיר וועלן באַזונדער אויסטיילן די קאָנצעסיעס, וועלכע האָבן, דערעך-אַגעוו, ניט באַקומען בא אונדז א וועלכע ס׳איז באַדייטנדיקע אַנטוויקלונג, פאַלט צונויף די קאָאָפּעראַציע אין אונדזערע באַדינגונגען, אינגאַנצן מיטן סאָציאַליזם״.

און אָט דאָ טאַקע גייט איבער דיאַלעקטיש לעניִנס געדאַנק צום דריטן עטאַפּ אין דער אָפּשאַצונג פון דער קאָאָפּעראַציע „אין אונדזערע באַדינגונגען". לעניִן מעלדעט:

„איצט קענען מיר מיט רעכט זאָגן, אַז דער פּשוטער וווּקס פון קאָאָפּעראַציע איז פאַר אונדז אַלציינס, וואָס דער וווּקס פון סאָציאַליזם... די אָרדענונג פון ציוויליזירטע קאָאָפּעראַטאָרן בײַ געזעלשאַפטלעכן אייגנטום אַף פּראָדוציר-מיטלען און קלאַסן-זיג פון פּראָלעטאַריאַט איבער דער בורזשואַזיע—איז די סאָציאַליסטישע אָרדענונג".

לעניִן ווייסט, אַז ס'איז פאַראַן מענטשן, וועלכע לערנען זיך ניט פון לעבן, נאָר קוקן אַרײַן אין די אַלטע לערנביכער. פאַר זיי דערקלערט לעניִן, ווי אַזוי דיאַלעקטיש ס'האָט זיך אַנטוויקלט זיין געדאַנק איבער די פראַגן פון קאָאָפּעראַציע. לעניִן שרייבט:

„איך מאַך קלאָרער: מיין געדאַנק, אין וואָס באַשטייט די פאַנטאַסטישקייט פון די פּלענער פון די אַלטע קאָאָפּעראַטאָרן, אָנהייבנדיק פון ראָבערט אָוען. אין דעם, וואָס זיי האָבן געטרוימט **פרידלעך** צו פאַרוואַנדלען די מאָדערנע געזעלשאַפט אין א סאָציאַליסטישער, ניט האָבנדיק אין זינען אַזאַ גרונט-פראַגע, ווי די פראַגע וועגן קלאַסן-קאַמף, וועגן דעראָבערן די פּאָליטישע מאַכט דורכן אַרבעטער-קלאַס, וועגן אַראָפּוואַרפן דעם קלאַס פון די עקספּלואַטאַטאָרן. און דערפאַר זיינען מיר גערעכט, געפינענדיק אין אָט דעם קאָאָפּעראַטיוון סאָציאַליזם דורכויס פאַנטאַסטיק, עפּעס ראָמאַנטישעס און אַפילע באַנאַלעס, אין די טרוימען וועגן דעם, אַז דורך א פּשוטער קאָאָפּערירונג פון דער באַפעלקערונג קען מען פאַרוואַנדלען די קלאַסן-סאָנים אין קלאַסן-פריינט. און דעם קלאַסן-קאַמף אין קלאַסן-שאָלעם (דער אַזויגערופענער בירגער-שאָלעם)".

וואָס-זשע האָט זיך פון יענער צייט אומגעביטן? אַף דעם ענטפערט לעניִן:

„נאָר זעט, ווי די זאַך האָט זיך איצטער געענדערט, ווען די מעלוכע-מאַכט געפינט זיך אין די הענט פון אַרבעטער-קלאַס, ווען די פּאָליטישע מאַכט פון די עקספּלואַטאַטאָרן איז אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן, און ווען אַלע פּראָדוציר-מיטלען (רוף יענע, וועלכע די אַרבעטער-רעגירונג גיט אָפּ פרייוויליק אַף א צייט און מיט א טנאַי צו עקספּלואַטאַטאָרן פון די קאָנצעסיעס) געפינען זיך אין די הענט פון אַרבעטער-קלאַס".

אָט, ווי לעניִן האָט אין 1923 י., בײַ די קאָנקרעטע באַדינגונגען פון וווּקס פון דער **מעלוכישער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע**, בײַ דער פאַרשטאַרקונג פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור בײַם וווּקס פון קאָאָפּעראַטיוון סכוירע-פאַרקער, געלייזט די פראַגע וועגן קאָאָפּעראַציע. מיט זיין אַרטיקל „וועגן קאָאָפּעראַציע" האָט אונדז לעניִן פאַרן טויט איבערגעלאָזט אַ גרויסן פּלאַן ניט וועגן „אַרויסשטויסן", ניט וועגן אויפעסן דעם פּויער, נאָר וועגן אַ פרידלעכער (פאַרהעלטענישמעסיק פרידלעכע) סאָציאַליסטישער איבערמאַכונג פון דער האָרעפּאַשנער פּויערישער ווירטשאַפט.

פאָרויסזעענדיק קלאָרליי מעגלעכע „רעוואָלוציאָנערע" אַרויסטרעטונגען קעגן אָט דעם „שטילן" „קליינבירגערלעכן" „מיטל-פּויערישן" פּלאַן, האָט לעניִן קאַטעגאָריש דערקלערט:

„אייגנטלעך גערעט איז אונדז נאָר איינס פאַרבליבן, מאַכן אונדזער באַפעלקערונג אַזוי „ציוויליזירט", אַז זי זאָל פאַרשטיין, אַז סע לוינט איר אָנטיילנעמען אין דער קאָאָפּעראַציע. נאָר דאָס. קיין אַנדערע אויבערכאָכמעס דאַרפן מיר איצט ניט, קעדיי איבערצוגיין צום סאָציאַליזם. קעדיי אָבער צו דורכמאַכן אָט דעם „נאָר", דאַרפן מיר האָבן א גאַנצע איבערקערעניש, א גאַנצן פּעריאָד פון קולטורעלער אַנטוויקלונג פון דער גאַנצער פאָלק-מאַסע". (אויך דאָרטן).

אָט די איבערקערעניש, בײַ איר גאַנצער פרידלעכקייט, שליסט געוויינטלעך ניט אויס קיין קלאַסן-קאַמף אין אירע באַזונדערע, **נייע פאָרמען**. דאָ וועט, פאַרשטייט זיך, פאָרקומען אַ קאַמף פאַר באַהערשן די קאָאָפּעראַציע, אַ קאַמף צווישן באַזונדערע סאָציאַלע שיכטן אין דאָרף, נאָר דער קאַמף וועט היסטאָריש גיין ניט אַפן וועג פון פאַנאַנדערברענען דעם קלאַסן-קאַמף נאָר, פאַרקערט, אַף אים איינשטילן.

לעניִן האָט זיין קאָאָפּעראַטיוון פּלאַן ניט אויסגעזויגן פון די פינגער. אויך די גרונטלייגער פונעם מאַרקסיזם — מאַרקס און ענגעלס,—כאָטש דערעכאַגעוו, האָבן אָנגעמערקט די מעגלעכקייט פון אַזאַ וועג צום סאָציאַליזם. אין זיין אַרבעט: „די פּויערישע פראַגע אין פראַנקרייך און אין דייטשלאַנד" שרייבט ענגעלס:

„סאַי מאַרקס, סאַי איך האָבן קיינמאָל ניט געצווייפלט, אַז בײַם איבערגאַנג צו דער קאָמוניסטישער ווירטשאַפט וועט אונדז אויסקומען אין א ברייטן מאַסשטאַב אויסנוצן די קאָאָפּעראַטיווע פּראָדוקציע, ווי אַן איבערגאַנג-סטאַדיע. נאָר מע דאַרף זיך אַזוי איינאָרדענען, אַז די געזעלשאַפט, ד. ה. פריער פאַר אַלץ די מעלוכע, זאָל איינהאַלטן פאַר זיך דאָס אייגנטום אַף די פּראָדוציר-מיטלען, קעדיי ס'זאָלן אַף אַזאַ אויפן ניט פאָרקומען קיין ווידערשפּרוכן צווישן די אינטערעסן פון באַזונדערע פּריוואַטע קאָאָפּעראַטיוון און די אינטערעסן פון דער גאַנצער געזעלשאַפט".

דאָ איז פאַר אונדז קימאַט אַ געניאַלער פאָרויסזען פונעם לעניניסטישן קאָאָפּעראַטיוון פּלאַן דורך די גרונטלייגער פונעם מאַרקסיזם. לעניִן האָט דעם געדאַנק דורכגעאַרבעט, אויסנוצנדיק די קאָלאָסאַלע פּראַקטיק פון בויען דעם סאָציאַליזם אין פ. ס. ר. ר.

אָט ווי ס'האַלט מיטן קאָאָפּעראַטיוון פּלאַן, וועלכער איז קלאָמפּערשט אויסגעקלערט געוואָרן דורך בוכאַרינען. די אָפּאָזיציע טרעט שאַרף אַרויס קעגן דעם קאָאָפּעראַטיוון „אָפּטימיזם", לויט וועלכן, אין די באַדינגונגען פון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור און עקאָנאָמישער הערשאַפט פון דער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע, איז „דער וווּקס פון קאָאָפּעראַציע געגליכן צום וווּקס פון סאָציאַליזם".

דער נאָענטסטער אָנהענגער פון זינאָוויעוון—סאַפּאַראָוו דערקלערט, אַז אָט דער „קאָאָפּעראַטיווער אָפּטימיזם קייקלט זיך אַראָפּ צו דער קליינבירגערלעך-עסערישער טעאָריע וועגן גלייכבאַרעכטיקונג פון שטאָט און דאָרף, פון פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום אַפן געביט פון סאָציאַליסטישער בויונג פון דער גאַנצער געזעלשאַפט" (סאַפּאַראָוו, „וועגן ליקווידאַטאָרישן אָפּטימיזם". „פּראַווּדאַ" № 288 1925 י.).

ניט פאַרשטייענדיק אינגאַנצן לעניִנס דיאַלעקטישע לאָגיק, האָט סאַפּאַראָוו, אין קאַמף קעגן דעם קאָאָפּעראַטיוון פּלאַן, גענומען יענע ציטאַטן פון לעניִנען, וועלכע געהערן צום פּעריאָד, ווען לעניִן האָט געקעמפט קעגן די בורזשואַזע-פאַרעטערישע קאָאָפּעראַטאָרן. סאַפּאַראָוון שטיצט אונטער זינאָוויעוו, וועלכער, וועלנדיק אָפּשאַצן די ראָל פון דער קאָאָפּעראַציע אין 1926 י., ציטירט מעכאַניש לעניִנען פון דער בראָשור „וועגן פּראָדנאַלאָג" ווו ס'ווערט געזאָגט, אַז קאָאָפּעראַציע איז אַ באַזונדער מין פון מעלוכע-קאַפּיטאַליזם. אין זיין בוך „לעניניזם" שרייבט זינאָוויעוו:

„דאָ (אינעם אַרטיקל „וועגן קאָאָפּעראַציע") איז ניטאָ קיין שום ווידערשפּרוך מיט דעם, וואָס ס'איז געזאָגט געוואָרן אין „פּראָדנאַלאָג" וועגן קאָאָפּעראַציע, ווי א מין פון מעלוכע-קאַפּיטאַליזם, ווייל אויך מע-

לוכע-קאַפּיטאַליזם איז בא אונדז א וועג צום סאָציאַליזם". („לעניניזם" זייט 253).

זינאָוויעוו פאַרגעסט דאָס, וואָס לענין האָט געבעטן ניט פאַרגעסן נאָך אין 1922 י.

זינאָוויעוו איגנאָרירט אינגאַנצן דעם אונטערשייד פון דער היסטאָרישער לאַגע אין 1921 י. און אינם 1926 י. אויב אַזוי מע-כאַניש ציטירן לענינען פונם 1921 י. וועט סאפקאלסאף אויסקו-מען איבערכאַזערן אויך אין 1926 י., אַז „דער גרונט-וועג צום סאָציאַליזם איז — מעלוכע-קאַפּיטאַליזם, און זיין פּאָשעטסטע פאָרם — קאָנצעסיעס, וועלכע האָבן איצט, דערעכאַגעוו, ניט באַ-קומען באַ אונדז וועלכע ס׳איז באדייטנדיקע אנטוויקלונג", ווי לענין דערמאָנט און בעט טאַקע ניט פאַרגעסן.

פונקט אַזוי איגנאָרירט דעם קאָאָפּעראַטיוון פּלאַן דער טראָצקיסט פּרעאָבראַזשענסקי. אין זיין בוך „די נייע עקאָנאָמיק" שטעלט ער זיך אָפּ נאָר פאַרבייגייענדיק אויף די קאָאָפּעראַטיווע פּראָדוצירנדיקע לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָמונעס, אינ-גאַנצן איגנאָרירנדיק די קאָאָפּעראַציע אין פאַרקער — דעם גרונט פון לענינס קאָאָפּעראַטיוון פּלאַן. אָט וואָס ער שרייבט:

„די קליין-פּראָדוקציע צעטיילט זיך אף דריי טיילן: איין טייל שטעלט זיך אָפּ ווי אַ קליין-פּראָדוקציע; די צווייטע—קאָאָפּערירט זיך אף אַ קאַפּיטאַליסטישן אויפן; די דריטע—מיידט אויס אָט דעמדאָזיקן לעצטן פּראָצעס, און פאַראייניקט זיך אף די יעסוידעס פון עפּעס אַ נייער קאָאָפּעראַציע, וועלכע שטעלט מיט זיך פאָר אַ נייעם טיפּ פון איבערגיין פון דער קליין-פּראָדוקציע צום סאָציאַליזם, ניט דורך קאַפּיטאַליזם און ניט דורכן פּאָשעטן איינשלינגען די קליין-פּראָדוקציע דורך דער מעלוכע-ווירטשאַפט. אָט די נייע פאָרם פון קאָאָפּעראַציע באַ דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, וואָס איינע פון אירע ריטשקעלעך איז—פּויערישע קאָמונעס און אַרטעלן, דאַרף זיך נאָך ערשט אנטוויקלען. מיר קענען דערפאַר ניט געבן קיין טעאָרעטישן אנאַליז פון דעם, וואָס עקזיסטירט נאָך ניט און וועלכע דאַרף ערשט אופקומען".

גערעכט איז בוכאַרין, וועלכער האָט אלס ענטפער אף אָט דידאָזיקע „טיפזיניקע" געדאַנקען „וועגן עפּעס אַ נייער קאָאָפּע-ראַציע", וועלכע „עקזיסטירט נאָך ניט", דערקלערט פאָלגנדיקעס:

„פריער פון אַלץ קאָנסטאַטירן מיר מיט באַוואונדערונג, אַז דאָ איז ניטאָ קיין אָרט פאַר דער לענינישער קאָאָפּעראַציע, וועלכע פירט דאָס פּויערטום צום סאָציאַליזם. דאָ איז ניטאָ קיין קאָאָפּעראַציע אין פאַר-קער, דורך וועלכער, מיט דער הילף פון אונדזערע אָנפירנדיקע הויכן, שלעפּן מיר אריין די פּויערישע מאַסע אין דער אלגעמיינער סאָציאַ-ליסטישער סיסטעם פון ווירטשאַפט. אנשטאָט דעם, האָט דער כאַווער פּרעאָבראַזשענסקי ארויסגעשטעלט אַ צווייטראַנגיקן, לויט זיין ווערט — פּראָדוצירנדיקע „לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָמונעס". דעם העלפאַנט האָט דער כאַווער פּרעאָבראַזשענסקי ניט באַמערקט".

און צו וואָס אייגנטלעך איז דעם כאַווער פּרעאָבראַזשענ-סקי נויטיק די לענינישע קאָאָפּעראַציע, דער לענינישער קאָאָפּע-ראַטיווער פּלאַן, ווען באַ אים איז פאַראַן אַן אייגענער „קאָלאָ-ניאַלער" פּלאַן: אופרעסן די פּויערישע סכוירע ווירטשאַפט, „אַף וויפל ס׳איז עקאָנאָמיש מעגלעך און טעכניש דערגרייכבאַר".

איגנאָרירנדיק לענינס קאָאָפּעראַטיוון פּלאַן, פאָדערט די אָפּאָזיציע אַרויסנעמען די קאַפּיטאַלן פון דער פאַרקער-ספערע און איבערגעבן זיי אין דער ספערע פון פּראָדוקציע. פונדאַנען שטאַמט אויך די פּאָליטיק פון די הויכע פּרייזן. אָט די ביידע פאָרשלאַגן וואָלטן סאָפקאָלסאָף געפירט צו דעם, אַז דער פּרי-וואַטער האַנדל-קאַפּיטאַל זאָל אַרויסשטויסן אונדזער קאָאָפּעראַ-טיוון און מעלוכע-האַנדל פון מאַרק. (אין די באַדינגונגען פון אַ סכוירע-הונגער ברענגט אַ פּאָליטיק פון באַראַבעווען די קאָאָפּע-ראַציע און פון הויכע פּרייזן אף אינדוסטריעלע סכוירעס, צו אומפאַרמיידלעכער ספּעקולאַציע און באַרייכערונג פונם פּריוואַטן הענדלער).

די פּאַרטיי האָט אָבער ניט בעדייע אָפּזאָגן זיך פון לענינס קאָאָפּעראַטיוון פּלאַן. דער פאַקטישער ציפער-מאַטעריאַל וועגן ווּקס פון אונדזער קאָאָפּעראַציע וועגן לאַנגזאַמען, נאָר איינגע-שפאַרטן אַרויסשטויסן דעם פּריוואַטן האַנדל, דאָס איינפלעכטן פון אונדזער לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָאָפּעראַציע אין דער סאָ-ציאַליסטישע אינדוסטריע — דאָס אַלץ זאָגט איידעס וועגן דעם, אַז דער לענינישער קאָאָפּעראַטיווער פּלאַן באַ אַלע שוועריקייטן פון פאַרווירקלעכן אים, איז דאָך דער איינציקער גרונטוועג צום סאָציאַליזם אין אונדזערע היסטאָרישע באַדינגונגען. דער, וועלכער רופט אָן דעם לענינישן קאָאָפּעראַטיוון פּלאַן „קליינבירגערלעכער מיטל-פּויערישער באָלשעוויזם", דער רייסט אונטער די סאָציאַ-ליסטישע בויונג אין אונדזער לאַנד, דער רייסט אונטער דעם ארבעטער-פּויערישן בלאָק, און בעמיילע אויך די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור. קיין צוויי וועגן זיינען ניטאָ.

ד. נאוואגרודסקי

# ווי אזוי שאפט דער מענטש נייע געוויקסן?

I.

באַ א טייל לעזער וועט עפּעס אַרויסרופן פאַרוואונדערונג די דאָזיקע פראגע. — ניט שוין וועט, קען דער מענטש באשאפן נייע געוויקסן?

די מערהייט לעזער איז געוואוינט צום געדאנק, אז די צאָל פאַרשיידענע סאָרטן געוויקסן איז א שטרענג באשטימטע. די באַמיונגען פון דער לאנדווירטשאפט גייען אין דער ריכטונג אף אויסבעסערן די אויסערלעכע באַדינגונגען, אין וועלכע סעפּינען זיך אונדזערע קולטורגעוויקסן: אויסבעסערן דעם באָדן, די אייפּאַנים פון פאַרזייען, דאָס ארומגיין ארום געוויקס א. א. וו. די מערהייט מענטשן האָבן א פאָרשטעלונג, אז די לאנדווירטשאפט האָט דעם ציל צוצופּאסן ווי אמבעסטן די אויסערלעכע סוויווע צום געוויקס, צו זיינע נאטירלעכע איינגשאפטן און פאָדערונגען.

דערפאַר אָבער ווייניק ווער עס ווייסט וועגן דעם, אז די לעצטע פאַר צענדליק יאָר אנטוויקלט זיך אַלין שטאַרקער א נייע ריכטונג אין דער לאנדווירטשאפט, וואָס האָט איר ציל ניט נאָר צופּאסן די אויסערלעכע סוויווע צום געוויקס, נאָר צופּאסן דעם געוויקס גופא צו די באַדינגונגען פון דער אויסערלעכער סוויווע; ענדערן דעם געוויקס, ער זאָל אנטשפּרעכן מער די באַדערפעניש פון מענטשן; באשאפן נייע געוויקסן-סאָרטן, — דאָרט, ווו דאָס איז נייטיק.

דער דאָזיקער אינטערעסאַנטער שטראָם אין דער לאנדווירטשאפטלעכער פּראַקטיק עפנט נאָר נייע פּערספּעקטיוון פאַר דער צוקונפטיקער לאנדווירטשאפט; ער פאָדערט באַם באַטראַכטן פאַרשיידענע פראגן נאָר נייע מאסשטאַבן און רופט ארויס א שטאַרקן אינטערעס פון אלע פריינט פון לאנדווירטשאפט, פון אלע אנשטאַלטן, וואָס באשעפטיקן זיך מיט העלפן און אנטוויקלען אונדזער פּיאָנערישע לאנדווירטשאפט, מיצאד דער גאנצער געזעלשאפטלעכקייט פון אונדזער פאַרבאַנד.

דעריבער וועט דער לעזער פאַרשטיין, פאַרוואָס האָבן אַרויסגערופן אַזאַ גרויסן אינטערעס עטלעכע פּאָליצעס אף דער רוויקער אַלפאַרבאַנדישער לאנדווירטשאפטלעכער אויסשטעלונג, וועלכע איז פאָרגעקומען מיט 3 יאָר צוריק אין מאָסקווע. אף די דאָזיקע פּאָליצעס זיינען געלעגן אונטער גלאָז ווייַנטרויבן, פּערסיקעס, עפּל, באַרן. באַ יעדער פרוכט א קליינינקע באשיידענע אויפשריפט: אָריגינאטאָר*) — איוואַן וולאדימיראָוויטש מיטשורין; קאָזלאָוו, טאמבאָווער גובערניע.

ווער איז דאָס מיטשורין? פון וואַנען האָט ער באַקומען אין דער קאַלטער, שנייקער טאמבאָווער גובערניע ווייַנטרויבן? וואָס פאַרא שייכעס האָט דאָס אַלין צו דער פראגע וועגן באשאַפן נייע געוויקסן? אפשר, דער לעזער ווערט אַלין מער און מער אומגעדולדיק...

II.

מיר לייגן פאָר, איר זאָלט אין געדאנק זיך אריבערטראָגן ווייטווייט פון מינסק, אין טיף צענטראַל-רוסלאנד, אין טאמבאָווער גובערניע, קאָזלאָווער קרייז, אין דאָרף דאָנסקאיא סלאָבאָדאַ.

שוין איבער 50 יאָר, ווי דאָ לעבט און אַרבעט א מערקווירדיקער סעלעקציאָנער**), א באַרימטער ספּעציאַליסט אף אַרויספירן נייע סאָרטן פרוכט-ביימער און אָריגינאַטאָר פון נייע געוויקסן-פאָרמען, — איוואַן וולאַדימיראָוויטש מיטשורין.

מיטשורין האָט ניט שטודירט אין אוניווערסיטעטן. ער איז פון די טאַלענטפולע אויטאָדידאַקטן, וואָס אַרבעטן אָפּ אין דער שטיל ווייער

*) דער וואָס באשעפטיקט זיך מיט באשאַפן נייע פאָרמען פון אָרגאַניזמען.

**) אָפּקלייַבער.

נאָגן לעבן, לערן שטענדיקע דאָקטאָרן און נייט, גיבן אוועק די לעצטע גראָשנס אף זייערע וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען און האָבן דערביי גלענצנדיקע דערגרייכונגען.

די גאַנצע מישפּאָכע מיטשורינס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט ליבע צו סעדעריי. מיטשורינס זיידע האָט פאַרמעגט א גרויסן סאָד אין ריאַזאַנער גובערניע. זיין עלטערזיידע האָט געלעבט אין קאַלוגער גובערניע, ווו אַרכאיִעם נאָך האָבן א שעם עטלעכע סאָרטן באַרן, וואָס רופן זיך מיטשורינער. די ביאָגראַפיע פון איוואַן וולאַדימיראָוויטש מיטשורין איז ווייער אַן אייגנפּאַכע. געבאָרן געוואָרן איז ער אין 1857 יאָר. נאָכן ענדיקן א מיטלשול איז ער געצוואונגען אָפּצוזאָגן זיך פון געדאנק פאָרזעצן זיין בילדונג. זיין פאַמיליע לעבט אין אָרעמקייט, און מיטשורין קומט אָן אף א פּאָסטן אין א קאַנטאָר פון אַן אייזנבאַן. דאָס געהאַלט קלעקט קיים אף דורכלעבן.

„פּונקטעסטוועגן, — שרייבט מיטשורין וועגן יענע יאָרן, — האָב איך זיך בעשום אויפן ניט געקענט אָפּזאָגן פון מיין באַליבטער אַרבעט מיט געוויקסן. צו דעם צוועק, האָב איך געדונגען א ווינטן פלאַץ אין שטאָט מיט א טייל פאַרלאָזענעם סאָד; דאָ פלעג איך פאַרברענגען יעדע פרייע מינוט, אויסגעבנדיק די לעצטע גראָשנס אף איינקויפן פאַרשיידענע געוויקסן און זייערע זוימען".

„אינגיכן איז דער סאָד, וואָס איך האָב געדונגען, שוין געווען אזוי איבערפילט מיט געוויקסן, אז ווייטער אַרבעטן אין אים איז ניט געווען קיין שום מעגלעכקייט. צום גליק, איז מיר דערנאָכדעם געלונגען אָרענדירן 6 וויאָרסט פון שטאָט א קליין שטיק לאַנד-ערד. אף די אויגנס פליצעס האָב איך אַריבערגעטראָגן אַלע מיינע ביימער. נאָכדעם האָט זיך מיין אַרבעט אנטוויקלט, איך האָב אַוועקגעוואָרפן דעם פּאָסטן און זיך אינגאַנצן אָפּגעגעבן דער סעדעריי-אַרבעט".

די ערשטע זעלבשטענדיקע אַרבעטן מיטשורינס הייבן זיך אָן פון 1878 יאָר, ווינט ער האָט זיך באַזעצט אין קאָזלאָוו. דאָ איז ער גלייך צוגעטראָטן צו שאַפן פרוכט-ביימער-שולן און א פרוכט-סאָד. ער הייבט אָן זאַמלען פון אומעטום פאַרשיידענע מינים און סאָרטן פרוכט-ביימער, וועלכע ער האָט נאָר געקענט באַקומען, און וועלכע האָבן פאָרגעשטעלט א געוויסן אינטערעס.

אין יענע יאָרן איז די סעדעריי-פּראַקטיק געווען ווי באַצויבערט מיטן געדאַנק וועגן אַקלימאַטיזירן פאַרשיידענע רוסישע און אויסלענדישע האָרעס-פרוכטן; מען האָט געפּרווט דורך געהעריקן אַרומטאַנג צופּאסן די דאָזיקע אייַדעלע געוויקסן צום האַרבן קלימאַט פון מיטל-רוסלאנד. אף דעמאָלטן וועג איז אוועק די ערשטע יאָרן מיטשורינס אַרבעט.

פאַרשטייט זיך, די רעזולטאַטן, זיינען געווען דיזעלבע, ווי באַ אַסאַך ליבהאָבער אין יענע צייטן, אין די 70 — 80-קער יאָרן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט. די מערהייט געוויקסן זיינען אומגעקומען און אַלע אַקלימאַטיזירונג-פאַנטאַזיעס האָבן זיך אויסגעלאָזן מיט נאָרניט.

נאָך דיזעלבע ערשטע אַרבעטן מיט אַקלימירונגען*) נעמט זיך מיטשורין צום פאַרזייען זוימען פון די בעסטע אויסלענדישע סאָרטן. ער האָט געהאָפט, אז די יונגע געוויקסן וועלן זיך אנטוויקלען און אויסהאָרעווען פון די ערשטע יאָרן אָן אין די באַדינגונגען פון צענטראַל-אָן צאָפּנטייל פון ס.ס.ס.ר. און אזוי אַרום וועלן זיי זיך צופּאסן צו דער פרעמדער סוויווע. די רעזולטאַטן זיינען געווען ניט מער געלונגען, איידער די רעזולטאַטן פון די ערשטע אַרבעטן. די יונגע פלאַנצן פלעגן ניט אַריבערטראָגן דעם 1-טן ווינטער און אויספרירן.

*) באַהעפטן א קולטורעלן צווייג אָדער קנאָספּ צו א ווילדן פרוכט-בוים.

בוים זײַנע לאַנגיאָריקע עקספּערימענטן האָט מיטשורין באַמערקט אַן אינטערעסאַנטן פאַקט, אַז די בלומען פון דאָרעמדיקע פרוכט-בוימער, װאָס װערן באַשטויבט דורך בלומענשטויב פון אַן אַנדער סאָרט, גיבן אָפטמאָל אַ דאָר, װאָס פּאַסט זיך בעסער צו צו די באַדינגונגען פון צענטראַל-רוסלאַנד.

אַף אַזאַ װעג איז ער געקומען צו דער איבערצײַגונג, אַז דער ריכטיקסטער אופן צו פאַרהײמישן דאָרעמדיקע פרוכטן דאַרף באַשטײן אין אויפקרײַצן בוימער, װאָס זײַנען װײַט לויט זײער קרויװעשאַפט און װײַט לויט געבורט-אָרט. אַף אַזאַ אופן דאַרף מען באַשאַפן פאַר איטלעכן ראַיאָן פון רוסלאַנד, מיט 400 — 500 קילאָמעטער אין דיאַמעטער, אָרטיקע סאָרטן פון פרוכט-בוימער און גאָרטן-גרינס, װאָס זאָלן זײַן אינגאַנצן צוגעפּאַסט צו די ספּעציפישע באַדינגונגען פון דעם ראַיאָן.

ס'איז אָבער לײַכט צו זאָגן: אויפקרײַצן פרוכט-סאָרטן, װאָס זײַנען צװישן זיך װײַטע קרויװים. אין יענער צײַט, מיט אַ יאָר 30 — 40 צוריק, האָט די ביאָלאָגישע װיסנשאַפט געהאַלטן, אַז אויפקרײַצן צװישן זיך פאַרשײדענע מינים פון איין מישפּאָכע איז אַ ניט מעגלעכע זאַך, אַלנפאַלס װעט דער דאָר פון אַזעלכע מישלינגען ניט זײַן פרוכטבאַר.

מיטשורינס אַרבעטן זײַנען מערקװירדיק אָריגינעל דערמיט, װאָס ניט געקוקט אַף דער אָפיציעלער מײנונג פון דער װיסנשאַפט פון זײַן צײַט, האָט דער טאַלענטפולער אָריגינאַטאָר באַשאַפן נײַע אויפאַנים אין מעטאָדן פון אויפקרײַצן צװישן זיך געװיקסן, באַװיזן, אַז מע קאָן באַקומען אַסאַך מישלינגען, װאָס װעגן זײ האָט די װיסנשאַפט ניט געװוסט און אַף אַזאַ װעג באַשאַפן נײַע געװיקסן-פאָרמען.

אָנהײבנדיק פון 1889 יאָר אַרבעט מיטשורין מיט דער הילף פון היברידיזירונג (אויפקרײַצונג) אַף באַקומען אָרטיקע נײַע געװיקסן-סאָרטן. פאַר דער צײַט זײַנען דורך אים באַשאַפן געװאָרן העכער 100 נײַע געװיקסן-סאָרטן, דורך זײַנע הענט זײַנען דורך אײניקע הונדערט טויזנט געװיקסן. די צאָל פּרואװן אין עקספּערימענטן, װאָס מיטשורין האָט דורכגעפירט, איז ריזיק גרויס. די גאַנצע אַרבעט האָט ער געפירט אַף זײַנע אײגענע מיטלען, אָפטמאָל אָפּזאָגנדיק זיך אין אַ שטיקל ברויט. אַסאַך מיטשורינס סאָרטן זײַנען ברײט פאַרשפּרײט געװאָרן ניט נאָר אין אונדזער פאַרבאַנד, נאָר אויך אין אַמעריקע, (דערהויפּט קאַנאַדע, װאָס איר קלימאַט איז ענלעך אַף אונדזערן).

III.

אַף אײניקע פון מיטשורינס אַרבעט איז װערט אָפּצושטעלן זיך אַביסל גענויער.

מיטשורין האָט אויפגעקרײַצט צװײ סאָרטן װײַנטרויבן. אײנער װאַקסט װילדערהײט אין קאַנאַדע (Vitis riparia) דער צװײטער — אין אוסורער קאַנט (Vitis Amarensis) אַזוי אַרום איז באַקומען געװאָרן אַ נײַער סאָרט װײַנטרויבן, װאָס טראָגט איבער אונדזער צענטראַל-רוסישע װינטער-פרעסט אָן קײן שום באַשיצונג, דערדאָזיקער סאָרט נײטיקט זיך ניט אַפילע מע זאָל אַף װינטער צובויגן זײַנע צװײַגן צו דער ערד און באַשיצן זײ מיט ערד.

דעמזעלבן (Vitis Amarensis) האָט מיטשורין אויפגעקרײַצט מיט אַ צאָפן-אַמעריקאַנישן סאָרט (Vitis Labrasia) און דעם קאַנאַדישן (Vitis riparia מיט אַ װײַנטרויבן סאָרט, װאָס מע קולטיװירט אים אין נאָענט אײראָפּע און ער איז באַקאַנט אונטערן נאָמען „שאַסלאַ היספּאַנישער". אַזוי אַרום האָט ער באַקומען נאָך צװײ נײַע סאָרטן, װאָס טראָגן גאַנץ לײַכט איבער אונדזערע װינטערן.

אויב מיר װעלן איצט נעמען אין אַכט, אַז אויך אין אײניקע ערטער פון קרים און צאָפן-קאַװקאַז נײטיקן זיך די װײַנטרויבן, אַז מע זאָל זײ אַף װינטער צובויגן צו דער ערד און באַשיצן, — װעלן מיר איצט פאַרשטײן, װאָס פאַר אַ גרויסע זאַך איז דערגרײכט געװאָרן דורך מיטשורינען. מיטשורינס נײַע היבריד-מינים פון װײַנטרויבן װעלן זײַן די גרונטלײגער פון אַ גאַנצער רײ צענטראַל-רוסישע אָרטיקע סאָרטן פון װײַנטרויבן.

אַ צװײטער בײַשפּיל — פון אַרײַנפירן אַבסאָלוט נײַע פאַר צענטראַל-רוסלאַנד קולטור — איז די קולטור פון מאַנדל-בוימער. ס'איז באַװוסט, אַז מאַנדלען װאַקסן ניט בײַ אונדז. מיטשורין האָט אויפגעקרײַצט אײן מאַנדל-סאָרט פון צאָפן-אַמעריקע (Amigdalus Davidiana) מיט אַ צװײטן מאַנדלבוים, װאָס װאַקסט אין מיזרעך-מאָנגאָליע (Amigdalus Mongolica) אַזוי אַרום איז באַקומען געװאָרן אַ מאַנדל-סאָרט, װאָס לײַדט אינגאַנצן ניט פון אונדזערע פרעסט. יעדן יאָר ברענגט ער אַ גרויס געראָטעניש און פון זײַנע מאַנדלען װערט געמאַכט דער װערטפולער מאַנדל-אײל.

אין די װעלדער פון מיזרעך-מאַנדזשוריע װאַקסט אַ בוים, װאָס איז באַקאַנט בײַ באָטאַניקער אונטערן נאָמען (Actinidium). אין קײן אָרט אין אײראָפּע און אַמעריקע װאַקסט ניט דערדאָזיקער בוים. מיטשורין האָט אויפגעקרײַצט צװײ סאָרטן פון אַקטינידיום און באַקומען אַף דעם װעג אַ נײַעם סאָרט, װאָס האָט זיך צוגעפּאַסט צו אונדזערע באַדינגונגען. דערדאָזיקער בוים ברענגט לענגלעכע גרינע יאַגדעס. דידאָזיקע יאַגדעס, דערצײלט מיטשורין, צעגײען אַלײן אין מויל. זײער אײנציקער כיסאָרן איז, װאָס זײ זײַנען אַזוי צאַרט, אַז טראַנספּאָרטירן זײ איז אוממעגלעך. די יאַגדעס פון אַקטינידיע קענען אין דער צוקונפט קאָנקורירן מיט די עס-סאָרטן פון װײַנטרויבן.

אַ לאַנגע צײַט האָט מיטשורין געאַרבעט אַף אַקלימאַטיזירן פאַרשײדענע אַמעריקאַנישע און טערקישע מינים פּאַפּיראָס-טאַבאַק, אָבער אָן דערפאָלג. דערדאָזיקער געװיקס פאָדערט אַ לענגערן זומער, אײדער ס'גיט אין אונדזערע קאַנטן און דעריבער פלעגן זיך באַקומען בלעטער מיט אַ שלעכטן טאַם. איװאַן װלאַדימיראָװיטש מיטשורין איז געלונגען באַקומען אַ היבריד פון אַ סאָרט טאַבאַק פון אינזל סומאַטרע מיט אַ צװײטן באָלגאַרישן סאָרט, װאָס װערט גיך צײַטיק. דערדאָזיקער היבריד-טאַבאַק האָט אײַנגעהאַלטן די אײגנשאַפט פון זײַנע באָלגאַרישע עלטערן, צוזאַמען מיט די מײַלעס פון די סומאַטרער-טראָפּישע טאַבאַק-פאָרמען. שוין אין אויגוסט גיט ער דעם ערשטן זאַמל פון די אונטערשטע בלעטער. אין 10 טעג אַרום קלײַבט מען די מיטלסטע בלעטער און נאָך אין 10 טעג די איבערשטע. די קולטור פון דאָזיקן טאַבאַק, זאָגט מיטשורין, גיט אין 20 מאָל מער רעװעך, אײדער די קולטור פון דער רוסישער מאַכאָרקע.

פון אַנדערע נײַע געװיקסן, װאָס מיטשורין האָט באַשאַפן, איז קעדײַ זיך אָפּצושטעלן אַף אַ נײַעם סאָרט ראָזע, װאָס האָט באַקומען דעם נאָמען „װעלט-קיניגן". ס'איז באַװוסט, אַז פון די בלומען פון ראָזעס באַקומט מען אַ דופטיקן אײל-עלעאָפּטין. די ראָזעס, װאָס װאַקסן אין אונדזערע געגנטן אַנטהאַלטן אין זיך זײער װײניק עלעאָפּטין און עקספּלואַטירן זײ לוינט ניט. דעמדאָזיקן װערטפולן ראָזן-אײל באַקומט מען אויסשליסלעך פון קאַזאַנלוקער ראָזעס, װאָס װאַקסן נאָר אין באַרימטן קאַזאַנלוקער טאָל אין באָלגאַריע. דידאָזיקע געװיקסן זײַנען אַזוי צאַרט, אַז זײ טראָגן ניט איבער אַפילע די קולטור בײַ אונדז אין קרים. מיטשורין האָט אויפגעקרײַצט די קאַזאַנלוקער ראָזע מיט אונדזער געלער ראָזע. דעם היבריד האָט ער נאָך אַמאָל אויפגעקרײַצט מיט אַ אינדישער ראָזע (מולטיפלערא). דער נײַער סאָרט ראָזע האָט זיך צוגעפּאַסט צו אונדזערע באַדינגונגען און אַנטהאַלט 0,004% עלעאָפּטין, אין דער צײַט, װען די קאַזאַנלוקער ראָזעס אַנטהאַלטן עלעאָפּטין נאָר 0,003%.

באַזונדערס פיל האָט מיטשורין דערגרײכט אין געביט פון אויסאַרבעטן נײַע סאָרטן עפּל און באַרן. דער אַסאָרטימענט פון אונדזערע סעדער איז זײער שאַבלאָניק און זײער אײנטאָניק. בײַ אונדז אין לאַנד דאָמינירן קימאַט אומעטום בלויז זומערדיקע סאָרטן עפּל און באַרן, װײניק פּראָדוקטיװע מיט שלעכטע אײגנשאַפטן. דאָס האַלט אָפּ די אַנטװיקלונג פון אונדזער סעדערײַ.

אויפקרײַצנדיק פאַרשײדענע אָרטיקע סאָרטן, װאָס האָבן זיך פון לאַנג צוגעפּאַסט צו אונדזער קלימאַט מיט צאַרטע, אויסלענדישע סאָרטן — האָט מיטשורין באַשאַפן אַ גאַנצע רײ נײַע פרוכט-סאָרטן.

אונדזער אַנטאָנאָװקע — אַן עפּל-סאָרט, װאָס איז אַמערסטן פאַרשפּרײט אין אונדזערע סעדער, — האָט גרויסע מײַלעס. זי טראָגט לײַכט איבער דעם האַרבן קלימאַט פון צענטראַל-רוסלאַנד, ברענגט

אַסאַך פֿרוכט, האַלט זיך אײַן ביז אָנהויב ווינטער. דער ביסאָרן פֿון אַנטאָן־עפּל איז אין דעם, וואָס צום מיטן ווינטער פֿאַרלירן זיי זייער טאַם, ווערן מעליק און פּאַטערן זיך אַוועק. מיטשורין האָט אויפֿגעקרייצט דעם אַנטאָן־סאָרט מיטן באַוווּסטן קרימער סאָרט „שאַפֿראַן“, דער נײַער סאָרט עפּל קען ליגן אין מעשעך פֿון גאַנץ ווינטער און פֿרילינג און האַלט אײַן אַלע גוטע אייגנשאַפֿטן פֿון זײַנע עלטערן.

אין וואָלגער נעגנט איז באַקאַנט אַ גוטער עפּל־סאָרט „באַרבאַטאַגים“. בײַ אַסאַך מאָלעם האָט דערדאָזיקער עפּל ניט געקענט ווינטער לאַנג ליגן, פֿון ליגן אַנטוויקלט ער אַ ביטערן טאַם. בוין דעם, ווײַנען די פּיורעם גופֿע גאַנץ קליינע, און פֿון מיטרסטן האַן פֿלעגן זיי אָנהייבן פֿוילן. מיטשורין האָט אָפּגעקרייצט דעם אַגים מיט אַ פֿראַנצויזישן סאָרט קאַלוויל, און באַקומען אַ נײַעם סאָרט „אַגים־קאַלוויל“. דערדאָזיקער היבריד קען ליגן, ווערט ניט ביטער, פֿוילט ניט פֿון אַ האַן און קען לײַכט אַריבערטראָגן די באַדינגונגען פֿון טראַנספּאָרט.

אַסאַך שווערער איז געווען צו דערגרייכן דיזעלביקע רעזולטאַטן בענוגײַע באַרנעס. אַנדערע באַרנעס זײַנען אַלע ווינטער־סאָרטן. נאָכדעם, ווי מע נעמט זיי אַראָפּ פֿון די ביימער קענען זיי ליגן בלויז עטלעכע וואָכן. און דער צײַט זײַנען די מערק פֿול מיט באַרנעס. ווינטערדיקע סאָרטן באַרנעס זײַנען בײַ אונדז ניט געווען און צוליב דעם פֿלעגט מען אַרויספֿירן ווינטערדיקע דײַטשע און אַנדערע באַרנעס פֿון קרים און אין די פֿריערדיקע צײַטן אַפֿילו פֿון דאָרעם־פֿראַנקרײַך. אונדזערע אַלטע באַרן־סאָרטן פֿלעגן אַקשאָנעסדיק איבערלעבן די היבריד זייער אײַנגשאַפֿט צו ווערן גיך צײַטיק, און דעריבער פֿלעגן די ערשטע יאָרן אַלע פּרווון זיך ענדיקן מיט גאָרניט. ענדלעך איז געלונגען מיטשורינען באַקומען היבריד־פּאָרמען פֿון אייסלענדישע באַרן־ביימער, מיט ווילדע באַרן פֿון אוסורער געגנט. פֿון זיי האָט מען אַרויסגעפֿירט עטלעכע סאָרטן עטעם ווינטערדיקע באַרן: „בערע־מיטשורין“, „בערע־פּאָבעדאַ“ א. אנד., וואָס שטײַען אַריבער אַפֿילו די אייסלענדישע מוסטערן.

קעריי אויסצורעכענען אַלע מערקווירדיקע דערגרייכונגען פֿון דעם טאַלענטפֿולן סעלעקציאָנער און אַריגינאַטאָר וואָלט געווען נייטיק אַרויסלאָזן ספּעציעלע ביכער. מיר וועלן נאָך בעקיצער אָנווײַזן, אז מיטשורין האָט געאַרבעט אַף אויסבעסערן און שאַפֿן נײַע סאָרטן פֿון גאַס־ביימער, אַרבוזן, קירבעסן, דוניעס, מאַלינעס, פּאָמידאָרעס א. א. וו.

די לעצטע צײַט איז מיטשורין באַשעפֿטיקט מיט אויסאַרבעטן נײַע קולטור־סאָרטן פֿון מאַרעלן, ויסע קאַשטאַנען, מאַנדלען א. אנד.

.IV

מיר האָבן שוין דערמאָנט, אז מיטשורין האָט דורכגעפֿירט אַלע זײַנע אַרבעטן אין די ערנסטע באַדינגונגען, וועלכע מען קען זיך נאָר פֿאָרשטעלן.

אין זײַן אויטאָביאָגראַפֿיע, אָנגעשריבן אין 1914 יאָר, געפֿינען מיר אַסאַך שטעלן, וואָס כאַראַקטעריזירן מיטשורינס שטימונגען.

„אין מעשעך פֿון מײַן גאַנצער לאַנגיאָריקער טעטיקייט אַף אויסבעסערן די צענטראַל־רוסישע סאָרטן פֿון פֿרוכט־געוויקסן, האָב איך ניט באַקומען פֿאַר מײַן מי ניט קיין שוועסטרובלדיקע געהאַלטן, ניט קיין סובסידיעס און שטיצע פֿון דער מעלוכע“.

„איך האָב געפֿירט די אַרבעט אַזוי, ווי איך האָב געקענט, אַף די אייגענע מיטלען, וואָס איך האָב פֿאַרדינט דורך שווערער אַרבעט; די גאַנצע צײַט האָב איך געקעמפֿט מיט נויט און שווײַגנדיק האָב איך אַריבערגעטראָגן אַלץ; קיינמאָל האָב איך ניט געבעטן קיין שטיצע בײַ דער רעגירונג, קעדיי געבן אַ שטאַרקערע אַנטוויקלונג דערדאָזיקער אַרבעט, וואָס איז אויסערגעוויינלעך נוצלעך און נויטווענדיק פֿאַר דער רוסישער לאַנדווירטשאַפֿט“.

„לויט די אויצעס פֿון אָנגעוויעגנע טויער אַפֿן געביט פֿון גערטנערײַ האָב איך אײַניקע מאָל געשיקט פֿאָרטראָגן און דעפּאַרטאַמענט פֿון ערדאַרבעט; און ווי האָב איך זיך באַמיט קלאָר מאַכן די גאַנצע וויכטיקייט פֿון נויטווענדיקייט פֿון דער אַרבעט פֿון פֿאַרבעסערן און פֿאַרפֿולן אונדזערע אַסאָרטימענטן פֿון פֿרוכט־געוויקסן. אָבער פֿון דידאָזיקע פֿאָרטראָגן האָט זיך גאָרניט ניט אויסגעלאָזן. לעסאָף, איצט איז שוין שפּעט, — די יאָרן זײַנען אַוועק, די קויכעס אויסגעשעפּט, מײַן בולעק, וואָס איך האָב געקענט, האָב איך אָפּגעטאָן; שוין צײַט אָפּרוען, אַ טראַכט טאָן וועגן זיך, בעפֿראַט נאָך, אז דער געזונט איז שוין שטאַרק צעשטערט און די אויסגעשעפּטע קויכעס לאָזן זיך פֿילן“.

„פֿאַרשטייט זיך, ס'איז זייער פֿאַרדריסלעך אָפּאַרבעטן אומיסט אַזויפֿיל יאָר פֿאַרן אַלגעמיינעם נוצן און אַף דער עלטער ניט זײַן באַוואָרנט; דעריבער מוז מען ציען בײַם סאָף די לאַסטקע פֿון שווערן אַרבעטלעבן. אַ פּערספּעקטיוו — ניט צו מעקאַנע זײַן“...

„דאָס איז די סיבע, פֿאַרוואָס איך בין געווען געצוווּנגען אויסזאָגן פֿאַרזיען פֿאַר נײַעקע פּערזאָנען דעם צוטרויט און בויטשאָל. איך האָב בעשום אויפֿן קיין צײַט ניט יעדן טאָג פֿאַרנעמען זיך מיט די באַזוכן פֿון פֿאַרשיידענע לאַנדווירטשאַפֿטלעכע אינספּעקטאָרן, סערעדניי־אינסטרוקטאָרן, וואַלדספּעציאַליסטן און אַנד. פּערזאָנען, ווי איז ניט אַרויסצופֿאָרן; די פֿאַרלאָרענע צײַט צאָלט מען ווי אָפּ יעדן צוואַנציקסטן; איך אָבער מוז אַרבעטן; מיר איז יעדע שאָ טײַער. קיין פֿרײַע צײַט איז אין גאַנצן ניטאָ; קיין געדונגענע סאָד־ספּעציאַליסטן האָב איך ניט; אַ גאַנצן טאָג בין איך אין בוים־שול און ביז האַלבע נאַכט פֿאַרנעמטיר איבער דער קאָרעספּאָנדענץ, וואָס קומט אָן מאַסנווײַז, אַנען געזאָגט, ניט נאָר פֿון אַלע עקן רוסלאַנד, אָבער לעצטנס אויך פֿון אויסלאַנד, אַזוי, אז ס'איז מאַטעס אָן אומגליק אין דער ענטפֿער אַף פֿאַרשיידענע פֿראַגן פֿון סאָד־ספּעציאַליסטן פֿאַרהאַלט זיך אָפֿט אַף באַראָשים לאַנג“...

זייער שווער איז צוגעבן עפּעס צו דידאָזיקע שורעס; ווי האָט געשריבן אַ מענטש, וואָס האָט ווירקלעך זײַן גאַנץ לעבן שווער געאַרבעט און וועלכן די אַרומיקע האָבן ניט געגונען דערשאַצט.

אין די אַלטע צײַטן בײַם צאַריזם, האָט מען קיין שום אַכט ניט געלייגט אַף מיטשורינס אַרבעטן. מיטשורין האָט ניט באַקומען פֿון דער צאַרישער רעגירונג קיין איין קאָפּיקע געלט אַף זײַנע פּרוון. אין דערזעלבער צײַט איז זײַן נאָמען שוין באַרימט געווען אין אַמעריקע, ווי מע קלײַבט אים אויס אַלס ערן־מיטגליד אין אַמעריקאַנישן פֿאַרבאַנד פֿון פּראָפֿעסאָרן „ברידערס“.

מיט אַ 15 יאָר צוריק איז יאָ אַנטשטאַנען אין דעפּאַרטאַמענט פֿון ערדאַרבעט אַ פּראָיעקט וועגן אויסהאַלטן אַפֿן מעלוכישן כעשבן מיטשורינס ווירטשאַפֿט. פֿון דעם איניען איז אָבער גאָרניט ניט אַרויס; מע האָט זיך דערשראָקן פֿאַר יערלעכע אויסגאַבן אין 3000 רובל.

נאָר אַנדערש איז די באַציִונג פֿון דער ראַטנמאַכט, דער דעקרעט פֿון פֿאָלקאָמאַרבעט פֿון 24־טן סענטיאַבר 1923 יאָר שטרײַכט אונטער די גרויסע באַדײַטונג פֿון מיטשורינס אַרבעטן און זײַן ווירטשאַפֿט ווערט אָנערקענט פֿאַר אַ מעלוכישן ווויסנשאַפֿטלעכן פּרווו־אַנשטאַלט און געפֿינט זיך אין דירעקטן רעשום פֿון פֿאָלקאָמערד. צוזאַמען מיט מיטשורינען אַרבעט איצט אַ גאַנצע רײַ געהילפֿן און זײַנע דערגרייכונגען ווערן ברייט פּראָפּאַגאַנדירט דורך דער רעגירונג.

די צאָל עקסקורסיעס און באַזוכער איז געוואָרן ניט קלענער, נאָר באַדײַטנדיק גרעסער, אָבער אַף אויפֿנעמען זיי — זײַנען דאָ געהעריקע מיטאַרבעטער.

דעם יאָר האָט מען פֿײַערלעך געיאָנטעווט דעם 50־יאָריקן יובילײַ פֿון מיטשורינס אַרבעטן. דידאָזיקע פֿײַערונג האָט זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ יאָנטעוו פֿון דער רוסישער סאָדערײַ.

מ. פּאַטאַש.

# דער קלאַסן-קאַמף אין ענגלאַנד*).

דער גענעראַל-שטרייק, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין ענגלאַנד אין מאַי פֿון דעם יאָר, האָט צוגעצויגן צו זיך די אויפֿמערקזאַמקייט און אינטערעס פֿון אַלטוועלטלעכן פּראָלעטאַריאַט. ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס דער שטרייק, אַראַנק דעם שענדלעכן פֿאַראַט פֿון די „פֿירער“, האָט זיך פֿאַרענדיקט מיט א דורכפֿאַל פֿון ענגלישן פּראָלעטאַריאַט, פֿאַרדינט ער פֿולקאָם, אַז מיר זאָלן זיך אויספֿירלעך אָפּשטעלן אויף די סיבות, וואָס האָבן אַרויסגערופֿן דעם שטרייק, אויף דעם גאַנג זיינעם און אויף די אויספֿירן, צו וועלכע עס דאַרף אונדז ברענגען דער דראָזיקער שטרייק.

די היסטאָרישע באַדייטונג פֿון דער גראַנדיעזער אַרויסטרעטונג פֿון ענגלישן פּראָלעטאַריאַט, און וועלכער עס האָט זיך אַרויסגעוויזן מיט דער גאַנצער קלאָרקייט ווי דער קלאַס פֿון די עקספּלואַטירטע האָט זיך קעגנגעשטעלט דעם קלאַס פֿון די עקספּלואַטאַטאָרן, איז ניט אָפּצושאַצן.

ענגלאַנד איז דאָס עלטסטע קאַפּיטאַליסטישע לאַנד און נאָך דערווייל פֿון די שטאַרקסטע. עס איז גענוג צו דערמאָנען, אַז דער ענגלישער פּראָלעטאַריאַט בילדעט די גרעסטע מערהייט פֿון דער באַפֿעלקערונג, קעדיי מע זאָל פֿאַרשטיין, וואָס פֿאַר א ראָל עס שפּילט דאָ דער פֿאַרשאַרפֿטער קלאַסן-קאַמף.

די ערשטע זאַך איז נויטיק אָפּצושטעלן זיך אויף דעם, צי איז טאַקע עמעס, אַז דער קאַפּיטאַליזם איז אַריינגעטראָטן אין דער עפּאָכע פֿון „סאָציאַלן פֿרידן“; וועגן וואָס עס טומלען די רעפֿאָרמיסטן מיקאָל האַמונים? גראַד די געשעענישן אין ענגלאַנד ווייזן אונדז אַקוראַט פֿאַרקערט: ווייער וואַקלדיק איז די קאַפּיטאַליסטישע „סטאַביליזאַציע“. דער קאַפּיטאַליזם איז דורכגעפֿוילט דורך און דורך און ער האָט זיך געשטעלט אין וועג דער ווייטערדיקער געזעלשאַפֿטלעכער אַנטוויקלונג.

דער איינציקער אויסוועג פֿאַר דער וועלט איז — די פֿולקאָמע אָפּשאַפֿונג פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג און אויפֿבויונג פֿון דער קאָמוניסטישער.

די פֿראַגע שטייט אַזוי: וואָס דאַרף האָבן דער פּראָלעטאַריאַט, ער זאָל קענען דורכפֿירן די סאָציאַלע רעוואָלוציע אומעטום, ווו דער קאַפּיטאַליזם האַלט זיך נאָך? אויף די אַלע אָנגערירטע פֿראַגן וועלן מיר זיך באַמיען געבן אַן ענטפֿער אין דעם אַרטיקל.

1.

קעדיי בא אונדז זאָל זיך שאַפֿן א קלאָרע פֿאָרשטעלונג וועגן דעם, וואָס קומט פֿאָר אין ענגלאַנד, איז נויטיק קודעמקאָל זיך אָפּשטעלן אויף דער עקאָנאָמישער לאַגע פֿון ענגלאַנד.

ווי מיר האָבן שוין געזאָגט, איז ענגלאַנד דאָס עלטסטע קאַפּיטאַליסטישע לאַנד. א גאַנצע ריי סיבות, וועגן וועלכע עס איז ניט דאָ דער אָרט זיך אָפּצושטעלן, האָבן דערלויבט ענגלאַנד א ריי יאָרן זיין דאָס שטאַרקסטע קאַפּיטאַליסטישע לאַנד, דער הערשער אויפֿן וועלט-מאַרק. נאָר וואָס מער מיר דערנענטערן זיך צום XX יאָרהונדערט, אַלץ מער וואַקסן אויס שטאַרקע קאָנקורענטן, וואָס שטערן ענגלאַנד שפּילן אַזאַ דאָמינירנדיקע ראָל אויפֿן וועלט-מאַרק. ערעוו דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע פֿון 1914 יאָר זעען מיר שוין, ווי די ענגלישער אינדוסטריע הייבט אָן אָפּגעשטופּט צו ווערן דורך דער אַמעריקאַנער און דייטשישער.

דער אימפּעריאַליסטישער קריג האָט טאַקע געדאַרפֿט העלפֿן ענגלאַנד צוקלאַפּן און פֿאַרניכטן איינעם פֿון אירע שטאַרקסטע קאָנקורענטן — דייטשלאַנד. די ענגלישע בורזשואַזיע איז טאַקע דעריבער געווען פֿול מיט האָפֿענונגען נאָכדעם, ווי דערדאָזיקער ציל איז דערגרייכט געוואָרן בעת עס איז פֿאַרענדיקט געוואָרן דער קריג. די ערשטע צייט נאָך דעם קריג האָט די ווירקלעכקייט קוים ווי באַרעכטיקט די דאָזיקע האָפֿענונגען. דער סכוירע-הונגער אין לאַנד גופֿא (דער עקספּאָרט איז אָפּגעשטאַנען אין פֿאַרגלייך מיט דער צייט פֿאַרן קריג) האָט דערלויבט רעאָרגאַניזירן די ווירטשאַפֿט און דורכפֿירן די דעמאָבילאַציע פֿון דער אַרמיי.

נאָר עס קומט אָן די צווייטע העלפֿט פֿון 1920 יאָר און עס הייבט זיך אָן א פֿאַרערונג, וועלכע פֿאַרוואַנדלט זיך אין א קריזיס. א גרויסע ראָל שפּילט דאָ די רעפּאַראַציע-פּאָליטיק בענוגע דייטשלאַנד. אויף דייטשלאַנד זיינען אַרויפֿגעלייגט געוואָרן גרויסע אָפּצאָלונגען, וועלכע האָבן זי געטריבן אַוועקצוגיין אויף דעם וועג פֿון עמיסיע (אַרויסלאָז פֿון פּאַפּירענע געלט) און וואָלוול מאַכן איר עקספּאָרט. ווייטער גייט די פֿאַראָרעמונג פֿון די מאַסן אין אייראָפּע, וואָס פֿאַרשמעלערט דעם מאַרק. דער אויסערן-האַנדל פֿון ענגלאַנד פֿאַלט (דערהויפּט אין דער קוילן-אינדוסטריע). עס וואַקסט אָן אויפֿהער די אַרבעטלאָזיקייט.

נאָר די פֿראַנצויזישע אָקופּאַציע אין רור, וועלכע האָט אונטערגעריסן די טעטיקייט פֿון דייטשישע קוילן-גרובן און שווערע אינדוסטריע, ברענגט צו א געוויסע אויסבעסערונג פֿון עקספּאָרט אין 1923 יאָר.

דער צייטווייליקער וווּקס פֿון דעם עקספּאָרט האָט אָבער ניט געקאָנט פֿאַרבעסערן די לאַגע פֿון ענגלאַנד אויף אַזוי פֿיל, אַז זי זאָל שוין קענען פֿאַרבלענדן די אויגן. עס איז געווען קלאָר, אַז אין דער צייט, ווען אין פֿראַנקרייך איז דער אַלגעמיינער פֿאַרנעם אין דער פּראָדוקציע פֿון דער גרויסער אינדוסטריע פֿאַרגרעסערט געוואָרן אויף 27—30 פּראָצ. ווי אין 1913 יאָר, און אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן אויף 40—50 פּראָצ., איז ער אין ענגלאַנד אויף 10—15 געפֿאַלן.

נעמען מיר דעם וויכטיקסטן צווייג אין ענגלאַנד, די קוילן-אינדוסטריע, זעען מיר, אַז אין 1913 יאָר איז יעדן כוידעש דערוואָרבן גע-

*) פֿון רעדאַקציע. צוליב טעכנישע סיבות האָט דער אַרטיקל פֿון כ׳ פּאַטאַש ניט געקענט אַריין אין פֿאָריקן נומער. די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פֿון די געשעענישן אין ענגלאַנד באַשטעטיקן פֿולקאָם די אַלגעמיינע אָפּשאַצונג, וועלכע ווערט געגעבן אין דעם אַרטיקל. דערדאָזיקער אַרטיקל קען דינען אַלס אַריינפֿיר צו דעם, וואָס עס קומט איצט פֿאָר אין ענגלאַנד. אין די קומענדיקע נומערן וועלן מיר זיך נאָך אומקערן צו דערדאָזיקער זייער וויכטיקער פֿראַגע, ווו מיר וועלן ספּעציעל באַהאַנדלען די ראָל פֿון דער ענגלישער קאָמפּאַרטיי אין דעם גראַנדיעזן שטרייק.

וואָרן 24,3 מיליאָן טאָן, אין 1922 יאָר 21,1 מיליאָן טאָן, אין 1923 העכערט זיך ביז 23,4, אין 1924 פאַלט ווידער ביז 22,6 און אין דעקאַבר פון 1925 פאַלט ביז 20,4 מיליאָן. גלייכצייטיק העכערן זיך די פרייזן פון די ענגלישע קוילן אין פאַרגלייך מיט אַנדערע לענדער, ווייל די טעכניק איז אין ענגלאַנד ליגנאַבע אַמעריקע פיל שוואַכער. באַזונדערס די עלעקטריע. אין אַמעריקע ווערט פאַרברויכט אַף יעדן מענטשן 472 קילאָוואַט, אין ענגלאַנד ניט מער, ווי 139. דאָס ווירקט אַפן עקספּאָרט פון ענגלישע קוילן.

גלייכצייטיק וואַקסט דער אַריינפיר פון סכוידעס קעגן אַרויספיר. אין 1925 יאָר האָט דער אונטערשייד דערגרייכט 400 מיליאָן פונט שטערלינג, אַ קאָלאָסאַלע סומע.

די מעלוכע⸗און אָרטיקע אויסגאַבן פאַרגרעסערן זיך זייער אין צוזאַמענהאַנג מיט ענגלאַנדס אָנטייל אין דער מילכאָמע. די אויסגאַבן פון ענגלאַנד אין צוזאַמענהאַנג מיט איר מעלוכע⸗פאַרשולדיקונג פאָדערט 350 מיליאָן פונט סטערלינג אַ יאָר (אין 13 יאָר — 24,5 מיליאָן).

קעדיי נאָך קלאָרער מאַכן די לאַגע, וועלן מיר דערמאָנען די אַלץ וואַקסנדיקע שוועריקייטן, וואָס ענגלאַנד באַגעגנט אַפן וועג פון אײַנהאַלטן איר מאַכט אין די קאָלאָניעס. אין די דאָמיניאָנען (אויטאָנאָמע קאָלאָניעס) קומט פאָר אַ פּראָצעס פון אינדוסטריאַליזאַציע, וועלכער פירט צו עקאָנאָמישער און אויך פּאָליטישער זעלבשטענדיקייט. דער מיניסטער⸗פּרעזידענט פון קאַנאַדע ק ג נ ג האָט שוין געזאָגט, אַז „קאַנאַדע איז אַ רייך אינדוסטריעל לאַנד, דער אינדוסטריעלער אַרויספיר פון וועלכן עס איז שוין פאַקטיש אַריבערגעוואַקסן איר לאַנדווירטשאַפטלעכן עקספּאָרט“. (זע „ענגלאַנד היינט“, זייט 28 און ווייטער). דאָסזעלבע קומט פאָר אויך אין אַנדערע דאָמיניאָנען און אין דער וואַסאַלער אינדיע.

דער וועג, וואָס עס מאַכט דורך אַזאַ לאַנד ווי כינע, ניט קוקנדיק אַף אַלע שוועריקייטן, איז גענוג באַוווּסט, און ענגלאַנד באַגעגנט דאָרט אַלץ גרעסערע שוועריקייטן פאַרצוזעצן די עקספּלואַטאַציע פון דער באַפעלקערונג.

גענוג צו דערמאָנען זיך, וואָס פאַר אַ באַדייטונג עס האָבן די קאָלאָניעס פאַר גרויס⸗בריטאַניען, קעדיי צו פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ געפאַר דאָ שטעקט דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון ענגלאַנד.

נאָך קלאָרער וועט אונדז ווערן, ווי טיף און שאַרף עס איז דער קריזיס פון דעם ענגלישן אימפּעריאַליזם, ווען מיר וועלן זיך אַביסל אויספירלעכער אָפּשטעלן אַף דער לאַגע אין דער ענגלישער קוילן⸗אינדוסטריע. די קוילן⸗אינדוסטריע איז דער וויכטיקסטער צווייג פון דער ענגלישער ווירטשאַפט. דער באַריכט פון דער סעמועל⸗קאָמיסיע ווייזט אָן, אַז ניט ווייניקער ווי 1/12 פון דער ענגלישער באַפעלקערונג איז פאַרבונדן מיט איר. דער ווערט פון איר פּראָדוקציע טרעפט אָן 2½ מיליאַרד רובל. דער קריזיס אין דער קוילן⸗פּראָדוקציע — איז דער קריזיס פון ענגלישן קאַפּיטאַליזם.

און וואָס זשע באַשטייען די סיבעס פון דעם קריזיס אין דער קוילן⸗אינדוסטריע? מען דאַרף זאָגן, אַז די קוילן⸗אינדוסטריע לעבט איבער בכלאַל אַ קריזיס אין אַלע לענדער פון אייראָפּע. נאָר אַסאַך שווערער און שאַרפער איז ער אין ענגלאַנד. דער אימפּעריאַליסטישער קריג און די אינפלאַציע (די מויסרעס פון געלט, וואָס געפינען זיך אין פאַרקער) האָט זיך אָפּגערופן אויך אַף דער קוילן⸗אינדוסטריע. ווייטער גייט אַ גאַנצע ריי אַנדערע, אַלגעמיינע סיבעס. די פאַרגרעסערונג פון דער קוילן⸗פּראָדוקציע אין אַמעריקע (40% פון דער וועלט⸗פּראָדוקציע), אין דייטשלאַנד פון אַ געוויסן סאָרט קוילן (бурый уголь) (60%) און אין אייניקע אַנדערע אייראָפּעישע לענדער. די פאַרגרעסערונג פון דער קוילן⸗פּראָדוקציע האָט אַן אָרט אויך אין די קאָלאָניעס און האַלב⸗קאָלאָניעס. אַזוי, צום בייספּיל, איז די פאַרברייטערונג אין אַפריקע צום סאָף פון 1924 יאָר אין פאַרגלייך מיטן 1913 יאָר פאָרגעקומען אַף 45%, אין אַזיע אַף 27,8% און אין אויסטראַליען אַף 27,6% אַכוץ דעם דאַרף מען נאָך אָנווייזן אַף אַ גאַנצער ריי ספּעציפישע סיבעס. די אַלגעמיינע לאַגע אין דער ווירטשאַפט, דערהויפּט אין דער שווערער אינדוסטריע, פאַרקלענערט דעם פאַרברויך פון קוילן. די פאַרשפּרייטונג פון אַנדערע ענערגיע⸗קוואַלן און פאַרבעסערונג פון די מעטאָדן פון דער עצעם אויסנוצונג פון די קוילן שטעלן אונדז אַוועק פאַר אַ נייער טעכנישער איבערקערעניש אין דער ווירטשאַפט. אַזוי, צום בייספּיל, פאַרשפּרייט זיך זייער שטאַרק די אויסנוצונג פון עלעקטרישער קראַפט. אין אַמעריקע איז פּראָדוצירט געוואָרן אין 1912 יאָר — 11,569 מיליאָן קילאָוואַט שאָען און אין 1922 יאָר 40,291 מיליאָן. אין דייטשלאַנד אין 1913 — 2,2 מיליאַרד און אין 1922 יאָר 7,2 מיליאַרד.

נאָך גיכער ווערן די קוילן אַרויסגעשטופּט דאָרטן, ווו עס ווערן אויסגענוצט די ווייסע „קוילן“ (די קראַפט פון וואַסער). דאָס קומט פאָר אין אַ ריי לענדער ווי שווייצאַריע, איטאַליע, פראַנקרייך א. א. וו. אויך נאַפט שטופּט אַרויס די קוילן. עס ווערן אויך אַריינגעטראָגן טעכנישע אויסבעסערונגען, וואָס ראַציאָנאַליזירן די אויסנוצונג פון קוילן, און נאָר די לעצטע צייט — די פאַרוואַנדלונג פון קוילן אין אַ פליסיקן הייצונג⸗מאַטעריאַל. אַ גרויסע ראָל שפּילט די טעכנישע אָפּגעשטאַנענקייט פון דער ענגלישער קוילן⸗אינדוסטריע. אַזוי צום בייספּיל לייענען מיר אַפילו אין דעם סעמועל⸗באַריכט (דער באַריכט פון דער קעניגלעכער אויספאָרשונג⸗קאָמיסיע): „די פעלערן דערקלערן זיך טיילווייז מיט דער פאַרעלטערונג פון אונדזערע קוילן⸗גרובן, טיילווייז דערמיט, וואָס די קוילן⸗גרובן זיינען צושטיבט“ אָדער „די מעטאָדן פון אוטיליזירן די קוילן זיינען ניט ווייסנשאַפטלעך; 4/5 פון די קוילן, וואָס ווערן פאַרברענט אין לאַנד, ווערן פאַרברענט אין אַ רויען צושטאַנד“. און איינעם פון די באַווייזן, וואָס זיינען געגעבן געוואָרן דער קאָמיסיע, ווערט געזאָגט: „פון אַלע קוילן⸗געגנטן באַקומען זיך אָנקלאַגעס, אַז עס פעלן מאַטעריאַלן, וואָס זיינען אַבסאָלוט נויטיק פאַר באַראַרבעטער“.

מען דאַרף אויך אָנווייזן אַף דער אַנאַרכיע און צעשפּליטערטקייט אין דער ווירטשאַפט און די אָפּוועזנהייט פון אַ קאָנצענטרירטער אָנפירונג מיט דער פּראָדוקציע. אַזוי, צום בישפּיל, געפינען מיר אין דער ענגלישער קוילן⸗אינדוסטריע 1500 אָפּגעזונדערטע אונטערנעמונגען מיט אַ ריי פאַרוואַלטונגען און דירעקטאָרן, וואָס באַקומען גרויסע געהאַלטן און 17,000 פירמען, וואָס רעאַליזירן די פּראָדוקציע. וועגן אַ סיסטעמאַטישער געמיינזאַמער מיטאַרבעטערשאַפט, אויסנוצונג פון די טעכנישע דערגרייכונגען און דערפאַרונג און עקאָנאָמיע קען בא אַזעלכע באַדינגונגען קיין רייד ניט זיין. אַכוץ דעם ליגט אין דער ענגלישער קוילן⸗אינדוסטריע נאָך אַ קלאָלע. די אייגנטימער פון דער ערד, ווו די קוילן געפינען זיך, דאַרף מען צאָלן רענטע. און דאָס

איז אָפן סמאַך, וואָס נאָך אין 1588 יאָר, מיט קימאַט 3½ הונדערט יאָר צוריק, איז דורכן געריכט באַשטימט געוואָרן, אז די פּריצים זיינען די אייגנטימער פון די ערד-טיפענישן, און ניט געבנדיק א קלאַפּ א פינגער אָן א פינגער, באַקומען ארום 4000 אזעלכע אייגנטימער 60 מיליאָן רובל א יאָר. איינער אַ מאַרקיז און דער אַנדערער אַ הערצאָג באַקומען איבער אַ מיליאָן רובל אַ יאָר יעדערער.

און דאָס קומט פאַר דאַן, ווען די ענגלישע קוילן-אינדוסטריע לעבט איבער אזא קריזיס, צום אָנהויב אַווגוסט פון 1925 יאָר האָט מען אָפּגעהערט צו עקספּלאָאַטירן 500 גרובן, פאַר איין כודעש אין דעם יאָר (אַפּרעל—מאַי) איז די צאָל אַרבעטלאָזע פאַרגרעסערט געוואָרן פון 200 ביז 300 טויזנט. דער קריזיס מיט זיין גאַנצער שווערקייט רופט זיך אָפּ דערהויפּט אַף דעם אַרויספיר פון קוילן פון ענגלאַנד — אין 13—1909 יאָרן האָט דער עקספּאָרט באַטראָפן 88 מיליאָן טאָן, אין 1924 יאָר 82 מיליאָן טאָן און אין 1925 יאָר אין גאַנצן 69 מיליאָן טאָן.

כאַראַקטעריסטיש איז, ווי דער עקספּאָרט האָט זיך פאַרקלענערט אַפילע אין די דאָמיניאָנען פון ענגלאַנד — אין 1917 יאָר האָט דער אַריינפיר פון דער ענגלישער אימפּעריע אין 8 לענדער באַטראָפן 17 מיליאָן טאָן, אין 1924 2 מיליאָן מיט 898 טויזנט (1/6 פון דער ביז-מילכאָמע-נאָרמע).

נעמען מיר אין אַכט, אז נאָך אין 1922 יאָר האָט דער עקספּאָרט פון ענגלאַנד פאַרנומען קימאַט 60% פון וועלט-עקספּאָרט, דאַמאָלסט וועלן מיר פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ באַדייטונג דאָס פאַלן פון דעם עקספּאָרט פון קוילן האָט פאַר דער עקאָנאָמיק פון ענגלאַנד.

מיר קענען איצטער אונטערפירן איניקע סאַכאַקלען בענוגע דער עקאָנאָמישער לאַגע פון ענגלאַנד.

מיר האָבן שוין אויבן געזען, ווי אַנדערע ענערגיע-קוואַלן שטופּן אַרויס די קוילן-אינדוסטריע פון אירע פּאָזיציעס. מיר האָבן אויך געזען די טעכנישע אָפּגעשטאַנענקייט פון דער קוילן-אינדוסטריע אין ענגלאַנד. דאָס אַליין רוקט אַרויס אַפן פאָדער-פּלאַן די נויטווענדיקייט פון א נייער טעכנישער איבערקערעניש אין ענגלאַנד. די פראַגע איז, ווי אזוי זי דורכצופירן. די קאַפּיטאַליסטן קענען דאָס ניט אויספירן, זיי קענען דאָס טאָן נאָר אַפן כעשבן פון פאַרשטאַרקטן דרוק אַפן אַרבעטער-קלאַס, דורך אַרויסוואַרפן גרויסע אַרבעטער-מאַסן אַפן גאַס (די פאַרקירצונג פון די צאָל קוילן-גרובן, דער איבערגאַנג צו אַנדערע ענערגיע-קוואַלן). דאָס באַדייט אָבער, אז דער פאַרשאַרפטער עקאָנאָמישער קריזיס פאַרוואַנדלט זיך אין אַ נאָך מער שאַרפערן סאָציאַלן קריזיס און אַף דעם באָדן מוז וואַקסן דער פאַרשאַרפטער קלאַסן-קאַמף.

דער קאַפּיטאַליזם איז דאָס עלטסטע קאַפּיטאַליסטישע לאַנד. מיט זיינע מעטאָדן קען עס שוין ניט דורכמאַכן דעם וועג פון טעכנישן פּראָגרעס, ניט צעשטרייסלענדיק דעם גאַנצן געזעלשאַפטלעכן געבוי.

דער כראָנישער קריזיס אין דעם וויכטיקסטן צווייג פון דער ענגלישער ווירטשאַפט, אין דער קוילן-אינדוסטריע איז א טייל פון דעם אַלגעמיינעם צופאַלונג-פּראָצעס, אין וועלכן ענגלאַנד איז אַריינגעטראָטן. דער עקאָנאָמישער קריזיס פירט אומבאַדינגט צום סאָציאַלן, וועלכער רוקט אַרויס די פּראָבלעם פון איבערבויען דעם גאַנצן עקאָנאָמיש-געזעלשאַפטלעכן געבוי. די דאָזיקע פּראָבלעם קען אָבער געלייזט ווערן נאָר דורך דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע און איר זיג.

2.

נאָכדעם ווי מיר האָבן זיך באַקאַנט מיט דער עקאָנאָמיק פון דעם היינטיקן ענגלאַנד, קענען מיר שוין אַריבער צו דער ענגלישער אַרבעטער-באַוועגונג. מיר האָבן שוין אויבן גערעדט וועגן דעם, אז ענגלאַנד האָט פריער דערגרייכט א הערשנדיקע ראָל אַפן וועלט-מאַרק. אַף דעם באָדן וואַקסט אויס דער ענגלישער טיפּ פון דער אַרבעטער-באַוועגונג — דער טרעד-יוניאָניזם. די ענגלישע בורזשואַזיע, וואָס אַדאַנק איר לאַגע אַפן וועלט-מאַרק האָט זי באַקומען גרויסע רעוואַכים, האָט אויך באַקומען די מעגלעכקייט צוצוואַרפן געוויסע טיילן פון אַרבעטער-קלאַס די אָדער יענע עקאָנאָמישע האַנאָכעס. דער ענגלישער אַרבעטער-קלאַס פאַרנעמט א פּריווילעגירטן אָרט אין די רייען פון אַלוועלטלעכן פּראָלעטאַריאַט. אין זיינע אייגענע רייען בילדעט זיך נאָך א מער פּריווילעגירטע אַרבעטער-אַריסטאָקראַטיע. די לעצטע איז אַריינגעפאַלן אין די נעצן פון ענגלישן ליבעראַליזם, וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט די אידעאָלאָגיע פון דער ענגלישער בורזשואַזיע. אזוי בילדן זיך אויס די אייגנשאַפטן, וואָס זיינען כאַראַקטעריסטיש פאַר דער ענגלישע אַרבעטער-באַוועגונג, די שמאָלע צעכן-אידעאָלאָגיע און אַפּאָליטישקייט, די פאַרגעטערונג פון פּאַרלאַמענט און געזעץ און די אָפּוואַרפונג פון רעוואָלוציאָנערע אַרויסטרעטונג, וואָס שטרעבן צוצושטערן די עקזיסטירנדיקע קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג.

דער כאַווער לענין האָט אין זיין אַרטיקל „גאַררי קוועלטש" געשריבן — „אין העלפט פון 19 יאָרהונדערט האָט ענגלאַנד זיך באַנוצט קימאַט מיט דער פולקאָמענער מאָנאָפּאָל אַפן וועלט-מאַרק. אַדאַנק דער מאָנאָפּאָל זיינען די רעוואַכים פון ענגלישן קאַפּיטאַל געווען אומגעהויער גרויס; מען האָט זיך געקענט טיילן עטוואָס מיט די ברעקלעך פון די רעוואַכים מיט דער אַרבעטער-אַריסטאָקראַטיע, מיט די אויסגעלערנטע זאַוואָד-אַרבעטער. די אַרבעטער-אַריסטאָקראַטיע, וואָס האָט געהאַט דאַמאָלסט דערטרעגלעכע פאַרדינסטן, האָט זיך פאַרשלאָסן אין שמאָלע אייגנציליקע צעכן-פאַריינען, אָפּטיילנדיק זיך פון דער פּראָלעטאַרישער מאַסע און ווייענדיק אין דער פּאָליטיק אַף דער זייט פון דער ליבעראַלער בורזשואַזיע. און ביז איצט נאָך, עפשער איז אין ערגעץ ניט אין דער וועלט ניטאָ אזא צאָל ליבעראַלן צווישן די פאַרגעשריטענע אַרבעטער, ווי אין ענגלאַנד. נאָר אין דעם לעצטן פערטל פון XIX יאָרהונדערט האָט זיך די זאַך גענומען בייטן, די מאָנאָפּאָל פון ענגלאַנד איז אונטערגעריסן דורך אַמעריקע, דייטשלאַנד א.אַ.וו. דער עקאָנאָמישער גרונט פון דעם שמאָלן, באַלעבאַטישן פּראָפעסיאָנאַליזם און ליבעראַליזם צווישן די ענגלישע אַרבעטער איז צעשטערט, דער סאָציאַליזם הויבט ווייטער אויף דעם קאָפּ אין ענגלאַנד און דרינגט אַריין אין די מאַסן און וואַקסט ניט אָפּגעהאַלטן, ניט קוקנדיק אַף דעם שרעקלעכן אָפּאָרטוניזם פון דער ענגלישער „סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ" (באַנד XII, 2 טייל, ז. 241).

די כאַראַקטעריסטיק איז א גענוג קלאָרע (און ענלעכע כאַראַקטעריסטיק האָט אין 1885 יאָר געגעבן אויך ענגעלס, איינער פון די לערער פונם וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם) און גיט אַ פולשטענדיקע פאַרשטעלונג וועגן דעם אַנטוויקלונג-גאַנג פון דער ענגלישער אַרבעטער-באַוועגונג.

וואס מער דער ענגלישער קאפיטאליזם נעמט באגעגענען שטע-
רונגען אין זיין מאנאפאל־לאגע אפן וועלט־מארק; וואס מער ער בא-
געגנט א ווידערשטאנד פון אנדערע וואקסנדיקע קאפיטאליסטישע מע-
לוכעס, אלץ ווייניקער קען ער פארזעצן זיין פריערדיקע פאליטיק
בענוגייע דעם ארבעטער־קלאס, אלץ שטארקער ווערט זיין דרוק אף
דעם לעצטן. צוזאמען דערמיט קומען אויך פאר א גאנצע ריי ענדערונ-
גען אין די קלאסן־באציונגען אין לאנד בכלל און אין די רייען פון
ארבעטער־קלאס בפרט.

ניט אומזיסט האט געמאכט איינער פון די גרויסע אונטערנע-
מער אין ענגלאנד, לארד וויער, אזא דערקלערונג: „אינדוזער אופ-
גאבע צו פארבעסערן די ארבעט־באדינגונגען און פארוויילן די
סאציאלע באציונגען צווישן קאפיטאל און ארבעט ווערט אלץ שווע-
רער" (ציטירט לויט „ראס הינטיקע ענגלאנד").

אף די ענדערונגען אין די קלאסן־פארהעלטענישן אין ענגלאנד
ווייזט אויך דאס, וואס פון דער געזעלשאפטלעכער ארענע פאר-
שווינדט אלץ מערער די ליבעראלע פארטיי פון דער ענגלישער בור-
זשואזיע, דער ענגלישער ליבעראליזם, וואס האט געהאלטן אין זיינע
נעצן די מילכעס פון ארבעטער־קלאס, פארלירט זיין ראל, זיין ארט
האט פארנומען די קאנסערוואטיווע פארטיי.

אין די רייען פון ארבעטער־קלאס גופא וואקסט אלץ מערער
די אומצופרידנקייט, אפאזיציאנעלע שטימונגען א.א.וו.

אפילע סידניי וועב (איינער פון די פרידלעכסטע „סאציאליסטן"
געהערט צו די פאביאנער) שרייבט, אז: „נאך זומער פון 1914 יאר
איז די פראפעסיאנעלע באוועגונג פון די בריטאנישע ארבעטער צייט-
טיק געווארן פאר גיגאנטישע עקאנאמישע קאמפן, קימאט פאר א
רעוואלוציאנערן אופריים". ווייטער נאך דער מלכאמע האבן מיר
שוין אזעלכע פאקטן, ווי די טעטיקייט־קאמיטעטן, די מינדערהייט-
באוועגונג אין דער פראפעסיאנעלער באוועגונג, די אנטשטייונג און וווקס
פון דער ענגלישער קאמוניסטישער פארטיי א. א. וו. פארשטענדלעך,
אז דיזאקע טענדענצן אין דער ענגלישער ארבעטער־באוועגונג האבן
ניט אף איין און דעמזעלבן אויפן ארומגעכאפט אלע טיילן פון אר-
בעטער־קלאס. מע דארף אויך האבן אין אויג די ראל פון דער ארבע-
טער־ביוראקראטיע, די אנגעשטעלטע און די פראפאריינען און ארבע-
טער־פארטיי, די „פירער", וואס ניצן אויס אלע מיטלען און דעם
גאנצן אפאראט, וואס געפינט זיך אין זייערע הענט, קעדיי איינצוהאלטן
די אפגעשטאנענקייט פון דער ארבעטער־באוועגונג.

נאר אין אלגעמיין קומט פאר אומפארמיידלעך אפן באדן פון
דער עקאנאמישער ווירקלעכקייט די פארשטארקונג פון די אפאזיציא-
נעלע שטימונגען אין די ארבעטער־מאסן און די פארשארפונג פון
קלאסן־קאמף.

* * *

דער גרעסטער אפהאלט אין דעם רעוואלוציאניזירונגס־פראצעס
פון דער ענגלישער ארבעטער־באוועגונג זיינען, ווי מיר האבן שוין גע-
זאגט, די אפאראט־אנגעשטעלטע פון די טרעד־יוניאנען און ארבעטער-
פארטיי און די פירער.

נעמען מיר צום ביישפיל מאקדאנאלדן, דעם דאזיקער „פירער"
פון דער ארבעטער־פארטיי לייקנט אפ די קלאסן־צוטיילונג פון דער
קאפיטאליסטישער געזעלשאפט און באציט זיך מיט דער גרעסטער
פאראכטונג צום קלאסן־קאמף. די קאפיטאליסטישע מעלוכע איז, לויט
זיין מיינונג, ניט א געווער אין די הענט פון די הערשנדיקע קלאסן, נאר
זי איז אין די נעצן פון דער גאנצער געזעלשאפט און פראפאגאנדירט
די געמיינשאפט פון די אינטערעסן פון אלע קלאסן. דעמדאזיקן
„פירער" פאסט גיכער פאר אלץ צו זיין א פריידיקער פאר די ענגלי-
שע לעדיס, ווייל נאט און די קריסטלעכע מאראל איז שטענדיק בא
אים אף די ליפן. מאקדאנאלד דער „סאציאליסט" האט נאך קערואנס
טויט (ווייטער פון די ארבעטער און ראטן־רוסלאנד איז ניט באקאנט דער-
דאזיקער ענגלישער מיניסטער, וואס האט געשמאכט צו פארטיליקן
די פראלעטארישע רעוואליציע?) האט פארגדיק אין פארלאמענט אזוי
געזאגט: „ער איז געווען א גרויסער דינער פון דער געזעלשאפט, אן
אויסגעצייכנטער קאלעגע מיט הויכע אידעאלן און א ביישפיל פאר
די, וועך עס דארף קומען נאך אים" (זע טראצקי „וואהין גייט ענג-
לאנד"). פירושים זיינען איבעריק.

א ריי פון די דאזיקע פירער זיינען מיטגלידער פון „קעניגלעכע
ראט"ר אדער „געהיימע ראטגעבער פון זיין מאיעסטעט" (טאמאס,
הענדערסאן, קלאינס א. א. וו.) זיי דארפן ברענגען א שווע, און וועל-
כער עס ווערט געזאגט: „איך שווער מיטן אלמעכטיקן גאט, אז איך
ווי א געהיימער אייצע־געבער פון זיין האהייט וועל זיין א ריכטיקער
און איבערגעגעבענער דינער זיינער, מיר וועט זיין פרעמד און ניט צו-
טריטלעך אלץ, וואס קען פארגענומען ווערן, געמאכט ווערן אדער
געזאגט ווערן קעגן זיין פערזאן, ערע, קרוין פון זיין האהייט אדער קעגן
זיין קייזערלעכער ווירדע". ווייטער רעט זיך דארט, אז קעגן אזעלכע
מאיסים אדער פרווון, וואס זיינען געזאגט געווארן אויבן, וועט ער
מאסערן דעם קייזער, אדער זיינע געהיימע אייצע־געבער א. א.
א. א. וו. און פארענדיקט זיך: „דערין העלף מיר גאט".

נאכדעם ווי טאמאס האט פאראטן די קוילנגרעבער אין
1921 יאר, דער פאראט, וואס איז באוווסט אונטערן נאמען „דער
שווארצער פרייטיק" און וואס איז באשטאנען אין אפבייטן דעם
שטרייק פון דעם דרייבונד (באנארבעטער, אייזנבאן־ארבעטער און
טראנספארטלער) האט ער צוגעצויגן א קאמוניסט צום געריכט פאר
באליידיקן אים. אף דעמדאזיקן געריכט האט טאמאס געמאלדן: „איך
האב ניט געטאן ניט ביז דעם שטרייק פון די קוילנגרעבער, ניט אין
דער צייט פון שטרייק, ווי בכלל ניט בא א קאנפליקט צווישן אר-
בעט און קאפיטאל אזעלכעס, וואס עס זאל ווידערשפרעכן מיין שווע
אלס א געהיימער אייצע־געבער". דארף מען א מער פרעכע און עקלהאפ-
טע דערקלערונג, ווי די דאזיקע פון אן ארבעטער־פירער?

מיר האבן געקענט ברענגען נאך א ריי פאקטן, וואס כאראק-
טעריזירן די דאזיקע פירער. נאר צוליב מאנגל אין ארט איז גענוג שוין
דאס געבראכטע, קעדיי זיך פארשטעלן זייער פיזאנאמיע.

3.

איצט וועלן מיר איבערגיין צו די געשעענישן, וואס זיינען פאר-
בונדן מיט דעם אלגעמיינעם שטרייק אין ענגלאנד. מיר האבן שוין
אויבן גערעט אויספירלעכער וועגן דער לאגע אין דער קוילן־אינ-
דוסטריע. ניט אפשטעלנדיק זיך אף די פריערדיקע עקאנאמישע
קאנפליקטן אין דעם פראדוקציע־צווייג, וועלן מיר דא נאר דערמאנען,
אז אין 1925 יאר איז די לאגע ווידער פארשארפט געווארן און דעם

30 יוני האבן די קוילן-אונטערנעמער געמאלדן, אז פון 31 יולי צורייסן זיי דעם אפמאך פון 1924 יאר. זיי האבן פארגעלייגט אפביטן דעם מינימום ארבעט-לוין פאר אלע געגנטן און שליסן אפמאכן אין יעדן ראיאן באזונדער. די רעגירונג האט זיך געשטעלט אף דער זייט פון די אונטערנעמער. דער גענעראל-ראט פון די טרעד-יוניאנען האט געגעבן אן אינסטרוקציע פון 31 יולי פארבאטן ארויספירן קוילן. דאמאלסט שטימט באלדווין איין אף א סובסידיע די קוילן-אונטערנעמער, קעדיי זיי זאלן ניט צורייסן דעם אפמאך. עס ווערט געגרינדעט א קעניגלעכע קאמיסיע, וועלכע דארף אויספארשן די לאגע אין פארלויף פון 9 כאדאשים, וואס די סובסידיע וועט געגעבן ווערן. די סובסידיע האט מעגלעך געמאכט איינהאלטן דעם ארבעטלוין און פארזיכערן די רעוואכים פון די אונטערנעמער.

כאראקטעריסטיש איז, אז אויב אין דער סאנקי-קאמיסיע (וואס איז געווארן געגרינדעט אין 1921 יאר און איז געקומען צום באשלוס וועגן נאציאנאליזירן די שאכטן) אונטערן דרוק פון דער דעמאלסטיקער רעוואלוציאנערער סיטואציע זיינען אריין אויך ארבעטער-פארשטייער, איז אין דער קאמיסיע (די אזוי גערופענע סעמועל-קאמיסיע), וואס איז באשטימט געווארן אין 1925 יאר, באשטאנען נאר פון רעגירונג-אנגעשטעלטע, באנקירן א. א. וו. צו וועלכע באשלוסן איז געקומען דידאזיקע קלוימערשטע „ניטראלע" קיווערלעכע קאמיסיע?

כאטש דידאזיקע קאמיסיע מאכט דעם אנשטעל, אז זי איז בעצעם „ניטראל" און שטרעבט צו פארגלעטן איטע אויספירן, נאר פאקטיש קומט זי צו באשלוסן לעטוועס די אונטערנעמער — פארגרעסערן דעם ארבעט-טאג און פארקלענערן דעם ארבעט-לוין. דערפאר אבער ניט קוקנדיק דערויף, וואס זי איז גענויט צו אנערקענען דעם כאאס אין דער בארג-אינדוסטריע, ווארפט זי אפ די נאציאנאליזירונג. די בארג-ארבעטער שטייען אבער אף אן אנדער שטאנדפונקט, זיי שטעלן ארויס די פאדערונג פון נאציאנאליזירן די שאכטן, דער פארזיצער פון די בארג-ארבעטער-פעדעראציע שרייבט: זעענדיק, אז די סיסטעם פון פריוואט-אייגנטום אין דער קוילן-אינדוסטריע איז ניט פעיק צו געבן די ארבעטער יענע לעבן-באדינגונגען, אף וועלכע זיי האבן רעכט, מוזן מיר ארויסטרעטן מיטן לאזונג: „די קוילן-גרובן פארן גאנצן פאלק!".

די טאקטיק פון די אונטערנעמער באשטייט אין צוקלאפן די ארגאניזאציע פון די בארג-ארבעטער, פירן אונטערהאנדלונגען מיט יעדער ראיאן באזונדער, פארקלענערן דעם ארבעט-לוין, פארגרעסערן דעם ארבעט-טאג און די נישטיקע ארבעטער ארויסווארפן, און אזעלכע באדינגונגען איז אנגעוואקסן דער לעצטער קריזיס. די ענגלישע בורזשואזיע איז קענן פארזעצן די סובסידיע אף ווייטער, ווייל זי וויל ניט פון איר קעשענע אויסהאלטן דעם קריזיס אין דער קוילן-אינדוסטריע.

און אויב פאראיארן האט די רעגירונג איינגעשטימט אף דער סובסידיע, ווייל ניט זי און ניט די בורזשואזיע איז געווען פולקאם צוגעגרייט צום קאמף, איז דורכמאכנדיק דעם מאנעוור און מאביליזירנדיק זייערע אלע קוילעס, האבן זיי איצט באשלאסן צוקלאפן די קוילעס פון ארבעטער-קלאס.

דער דורכפאל פון די בארגארבעטער וואלט זיין נאר די האסכאלע פאר אן אלגעמיינעם אנגריף אפן גאנצן ארבעטער-קלאס מיצאד דעם קאפיטאל.

ניט קוקנדיק אף דעם, וואס פאר אלעמען איז קלאר געווארן, אז די רעגירונג און די בורזשואזיע גרייטן זיך און איינער און דערזעלבער צייט צום אנגריף, האבן די „פירער" ניט געהאלטן פאר מעגלעך צוגרייטן זיך צו ענטפערן אפן אנגריף פון קאפיטאל.

דעם 30 אפריל שטעלן די אונטערנעמער ארויס אן אולטימאטום מיט די פאדערונגען: פארקלענערן דעם ארבעט-לוין, פארלענגערן דעם ארבעט-טאג, און שליסן אפמאכן ניט אין נאציאנאלן מאסשטאב.

ווען די ארבעטער האבן זיך אפגעזאגט, האבן די אונטערנעמער זיי געמאלדט א לאקאוט.

דאמאלסט רופט דער גענעראל-ראט אונטערן דרוק פון די אפגערעגטע ארבעטער-מאסן צו א שטרייק אין די גרונט-צווייגן פון דער אינדוסטריע, וואס האט ארומגעכאפט ארום און ארום 5 מיליאן ארבעטער.

* * *

נאכן אנהייב פון שטרייק ווייזט זיך ערשט ארויס מיט דער גאנצער קלארקייט, דער עמעסער פאנים פון דער קאפיטאליסטישער מעלוכע-מאכט. דער גאנצער אפאראט פון דער מעלוכע איז מאביליזירט געווארן אף דער זייט פון דער בורזשואזיע אין איר קאמף מיטן פראלעטאריאט. אין ענגלאנד ווערט דערקלערט אויסנאם-צושטאנד. עס ווערט מאביליזירט די ארמיי, דער פלאט. אפן שנעלסטן אויפן ווערט ארגאניזירט די פאשיסטישע שטרייקברעכערישע ארגאניזאציע „אמס". די בורזשואזיע האלט אין איין שרייען, אז „אין דעם לאנד זיינען נישטא קיין ראטן"; באלדווין זאגט, אז עס דראט א געפאר דער פרייהייט און קאנסטיטוציע. קעגן אלגעמיינעם סונע ווערן אפילע פארשוואונדן די רייסערייען צווישן די קאנסערוואטארן און ליבעראלן. אין דער „בריטישער ציטונג" (דער אפיציעלער ארגאן פון דער רעגירונג אף דער צייט פון שטרייק) לייענען מיר: „דער קאנפליקט קען און דארף זיך פארענדיקן נאר מיט דעם אנטשלאסענעם און אומבאדינגלעכן זיג פון פארלאמענט. די רעגירונג פון זיין מאיעסטעט האט פעסט באשלאסן פארזיכערן דעם זיג".

די רעגירונג זאגט צו באשיצן די שטרייקברעכער אין פאל פון פארפאלגונגען פון די פראפאריינען. עס ווערט אלץ קלארער, אז די רעגירונג גרייט זיך צו אקטיווער אנווענדונג פון באוואפנטע קוילעס פון דער מעלוכע. אזוי, צום ביישפיל, לייענען מיר, אז די מעלוכישע האריא-סטאנציעס טיילן מיט, אז די באוואפנטע מיליטער פון אלע ראנגען „איז פארזיכערט די פולע מיטווירקונג פון דער רעגירונג, ווי איצטער, אזוי אויך שפעטער אין באצוג צו אלע זייערע מאסים, וועלכע זיי וועלן געפינען פאר נייטיק צו דורכפירן אין זייער ארנטלעכער שטרעבונג העלפן דער בירגערלעכער מאכט". צי דערמאנט עס ניט דעם פאראל פון באוווסטן צארישן הענקער טרעפאוו „ניט זשאלעווען קיין קוילן"? עמעס, דורך דער אויפרודערונג פון די מאסן און סאלידארן ענטפער פון ארבעטער-קלאס אף די מאסים פון דער רעגירונג האבן זיי זיך אין ערשטן מאמענט פארלארן, נאר ארום דער רעגירונג בילדעט זיך אויס דער איינהייטלעכער פראנט פון דער בורזשואזיע. זי באשליסט פארשטארקן דעם אנגריף, קעדיי צו ווירקן אף די „פירער", וועלכע מערער פאר אלץ ציטערן פאר ערנסטע רעוואלוציאנערע מאסים, מיטן ציל זיי גיכער שטופן צו פאראט און דעמאראליזאציע.

און וואָס מערער די פֿירער האַלטן איין די מאַסן, אַלץ כוצפּעדיקער ווערט די רעגירונג. זי דערקלערט דעם שטרייק פֿאַר ניט געזעצלעך, און גרייט אַן אָנפֿאַל אויף די פֿאַראייניגען־פֿאָנדן, פֿירט דורך אַרעסטן א. אז. וו.

די בורזשואַזיע און קעגנזאַץ צו די „פֿירער“ האָט אָפּגעשאַצט פֿון איר קלאַסן־שטאַנדפּונקט די עמעסע באַדייטונג פֿון שטרייק. „דיילי טעלעגראַף“ שרייבט: „דער אַלגעמיינער שטרייק איז דער בירגער־קריג“. די „מאָרנינג־פּאָסט“ שרייבט: „דער אַלגעמיינער שטרייק איז אַן אַרויסרוף דער אָרגאַניזירטער רעגירונג. מען דאַרף אים זיך קעגנשטעלן ווי אַן אָנפֿאַל פֿון סוינע — זאָל עס זיין אויסערלעכע אָדער אינערלעכע סאָנים“. וויקאָנט גריי זאָגט: „אַלע שיכטן פֿון דער געזעלשאַפֿט דאַרפֿן געמיינזאַם טעטיק זיין, קעדיי מיט יעדן פּרייז ניט דערלאָזן די רעוואָלוציע און איינהיטן דעם קאָנסטיטוציאָנעלן רעזשים“. אויף אַזאַ אופֿן, זעען מיר, ווי די רעגירונג און די בורזשואַזיע שטעלט גלייך פֿון אָנהויב די פֿראַגע ניט נאָר וועגן דעם עקאָנאָמישן קאַמף, נאָר אויך וועגן דער עצעם עקזיסטענץ פֿון דער גאַנצער אָרדענונג אין ענגלאַנד, וועגן דער מעלוכע־פֿאָרם און מאַכט. ווי זשע האָבן געהאַנדלט די „פֿירער“?

דער שטרייק איז אַנטשטאַנען קעגן זייער ווילן און זייער גאַנצע טעטיקייט באַשטייט אין דעם, ווי אַזוי אים איבערצורייסן. נאָר צוליב דעם נעמט טאַקע טאָמאַס אין קאָמפּ. די אָנפֿירונג אין די הענט. אין זיין אַרויסטרעטונג אין פּאַרלאַמענט באַמיט זיך טאָמאַס צו דערווייזן, אַז קיין אַנדער אויסוועג איז ניט געווען, אַז דער בורזשואַזער פּאַרלאַמענט קען געפֿינען אַן אויסוועג פֿון דער געשאַפֿענער לאַגע און אַז ער איז גרייט אַריינצוטראָגן די נייטיקע פֿאָרשלאָגן, אַז עס קען נאָר קיין רייד ניט זיין וועגן אַ רעוואָלוציע און אַז עס איז נאָר אַ ריין עקאָנאָמישער קאָנפֿליקט, און לאָזט ניט דורך דעם צופֿאַל אַ זידל טאָן די רעוואָלוציאָנערע מינדערהייט־באַוועגונג און די קאָמוניסטן. מאַקדאָנאַלד האַלט פֿאַר נויטיק צו מעלדן, אַז אויך איצט זאָגט ער זיך ניט אָפּ פֿון זיינע פֿריערדיקע אַרויסטרעטונגען קעגן דעם אַלגעמיינעם שטרייק. אָט ווי עס טרעטן אַרויס „פֿירער“ פֿון אַרבעטער־קלאַס אין אָנהויב פֿון אַזוינע שאַרפֿע און ערנסטע געשעענישן. ווי פֿאַרן שטרייק אַזוי אויך נאָכדעם, ווי ער איז שוין אַנטשטאַנען באַשטייט זייער גאַנצע טעטיקייט אין דעם, ווי אַזוי צו קומען צו אַן אויסגלייך מיט דער בורזשואַזיע.

הינטער דעם רוקן פֿון די מיליאָנען קאַמף־לוסטיקע אַרבעטער־מאַסן גרייט זיך אַ פֿאַרראַט. מאַקדאָנאַלד, הענדערסאָן א. א. וו. שלאָגן אָפּ די טירן פֿון די מיניסטאָרן, פֿירן געהיימע אונטערהאַנדלונגען און טראָגן אַריין דעמאָראַליזאַציע אין דעם סאַמע ווילטיקסטן און ערנסטן מאָמענט פֿון דער באַוועגונג. מען זוכט אַ וועג, ווי אַזוי צו קאַפּיטולירן.

טאָמאַס זאָגט פֿאָרויס, ווען דער קאַמף וויקלט זיך ערשט נאָך פֿאַנאַנדער, אַז „אומאָפּהענגיק פֿון אויסגאַנג פֿון שטרייק, דאַרף די לאַגע פֿון די אַרבעטער זיך פֿאַרערגערן“.

די קאָנסערוואַטיווע צייטונג „דיילי טעלעגראַף“ שרייבט פֿאָלגנדעס: „דער שטרייק איז ניט ווייניקער דערווידער די לידערן פֿון דער פּאַרלאַמענטאַרישער פֿראַקציע פֿון דער אַרבעטער־פּאַרטיי ווי אונדז, ווייל זיי פֿאַרשטייען אויסגעצייכנט, אַז אין פֿאַל פֿון דער צעשטערונג פֿון דעם קאָנסטיטוציאָנעלן רעזשים, וועלן זיי פֿאַלן ווי אַ שטיין אַפֿן דעק“. אַזוי שרייבט אַ רעאַקציאָנערע צייטונג וועגן די לידער פֿון דער אַרבעטער־פּאַרטיי. די בורזשואַזיע ווייס מיט וועמען זי האָט צו טאָן.

וואָס טוען אין דערזעלבער צייט די אַזוי גערופֿענע „לינקע“ מיטגלידער פֿון גענעראַל־ראַט? מען דאַרף געדענקען, אַז די לעצטע האָבן אַ מערהייט אין גענעראַל־ראַט. ניט קוקנדיק אויף דעם, איז ניט נאָר זיי שטערן ניט די רעכטע, נאָר פֿאַלן אַרונטער אונטער זייער אָנפֿירונג און שלעפּן זיך נאָך זיי. די רעכטע ניט זיך איין דעזאָרגאַניזירן דעם גענעראַל־ראַט, ווערן די רעדלפֿירער. די „לינקע“ פֿירן אַ קאַפּיטולאַנטישע פּאָליטיק און אין די ווילטיקסטע מאָמענטן קומען זיי אויך צו די זעלבע פֿאַררעטערישע מאַסים. אַנשטאָט ענערגיש אַרויסצוטרעטן קעגן דער שענדלעכער קאַפּיטולאַנטישער אַגיטאַציע פֿון די רעכטע, באַמיען זיי זיך איינהיטן די לאָיאַליטעט צו זייערע „כאַווירים“ פֿון גענעראַל־ראַט און ניט נאָר זיי גיבן ניט קיין ווידערשטאַנד, נאָר פֿאַרקערט בינדן זיי פֿאַנאַנדער די הענט.

אַפֿילע אַזאַ ענערגישער טוער פֿון דער אַרבעטער־באַוועגונג, ווי קוק, זאָגט: „מיר קעמפֿן ניט קעגן דער קאָנסטיטוציע, מיר קעמפֿן פֿאַר ברויט“. נאָר פֿאָרשטעלן די זאַך אַזוי, אַז דער שטרייק באַדייט נאָר אַן עקאָנאָמישן קאַמף איז פֿאַלש דורך און דורך. דער קאַמף האָט זיך אָנגעהויבן אַפֿן עקאָנאָמישן באָדן, נאָר ער באַקומט פֿון אָנהויב אָן די גרעסטע פּאָליטישע באַדייטונג. אין בריוו פֿון קאָמינטערן צו די ענגלישע קאָמוניסטן ווערט געזאָגט: „אַ קלאַס קעגן אַ קלאַס! — אָט דאָס איז די פֿאָרמול, אין וועלכער עס לייגט זיך אַריין דער קאַמף, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין גרויסבריטאַניען און יעדער קלאַסן־קאַמף איז אַ פּאָליטישער קאַמף“.

ווער קען בעסער דורכפֿירן די פֿאָדערונגען פֿון דעם ענגלישן אַרבעטער־קלאַס: נאַציאָנאַליזירן די שאַכטן, דורכפֿירן די פֿאָדערונגען פֿון שטרייק א. א. וו.? נאָר אַן עמעסע אַרבעטער־רעגירונג. נאָר אַזאַ טאַקטיק, וואָס האַלט ניט די באַוועגונג נאָר ווי אַ זאַך, וואָס דאַרף פֿאַרטיידיקן, נאָר פֿירט זי אַריבער אין דעם געהעריקן מאָמענט צום אָנגריף, נאָר אַזאַ טאַקטיק קען פֿירן צום זיג און אויפֿהייבן נאָך אויף אַ העכערע שטופֿע די ענערגיע פֿון די מאַסן.

וואָס זשע קומט פֿאָר אין דער ווירקלעכקייט? די „פֿירער“ האַלטן אין איין שרייען „דער שטרייק איז נאָר אַן עקאָנאָמישער“. דער „בריטישער אַרבעטער“ (דער אָפֿיציעלער אָרגאַן פֿון גענעראַל־ראַט אויף דער צייט פֿון שטרייק) רופֿט די מאַסן זיך פֿאַרנעמען מיט ספּאָרט אין סאַמע ערנסטן מאָמענט פֿון קאַמף. דער גענעראַל־ראַט זאָגט זיך אָפּ פֿון דער הילף, וואָס די רוסישע אַרבעטער שיקן, און דערנאָך ביכלאַל פֿון אויסערלעכער הילף. ער טוט נאָרניט צו קומען אין באַריִרונג מיט די מאָביליזירטע מיליטער־קויכעס פֿון דער רעגירונג און ווירקן אויף זיי (אין דער צייט, ווען זיי באַשטייען אין זייער אַבסאָלוטער מערהייט פֿון אַרבעטער). דערפֿאַר רעכנט ער זיך זייער פֿיל מיט דער בורזשואַזער געזעלשאַפֿטלעכער מיינונג. און וואָס מער עס צעפֿלאַקערט זיך דער ענטוזיאַזם פֿון די מאַסן, אַלץ שטאַרקער איז די פּאַניק פֿון די „פֿירער“. פֿירן אַזאַ טאַקטיק הייסט פֿון אָנהויב אָן אָפּשוואַכן די קויכעס פֿון דער באַוועגונג ווי אינערלעך אין לאַנד, אַזוי אויך אין אינטערנאַציאָנאַלן מאַסשטאַב.

* * *

ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, האָט אין דערזעלבער צייט די באַוועגונג פון די מאַסן דערגרייכט אַ הויכע שטופע, זיך פאַנאַנדערגעוויקלט מיט אַ גרויסער קראַפט. עס איז אַ שענדלעכע רעכילעס אף דעם ענגלישן אַרבעטער-קלאַס, ווי עס פרוווט איצט עס טאָן די רעפאָרמיסטן און צענטריסטן מיקאָל האַמינים, אַז די צאָל שטרייקברעכער איז געווען גרויס, אָדער, אַז די אַרבעטער-מאַסן האָבן ניט געוואָלט פאָרזעצן דעם קאַמף. אין דערעמעסן באַקומען מיר גאָר אַן אַנדער בילד. אפן רוף פון גענעראַל-ראַט האָבן זיך די ענגלישע אַרבעטער סאָלידאַר אָפּגערופן. אַ גאַנצע ריי אונטערנעמונגען שטעלן זיך אָפּ אַפילע אין די פּראָדוקציע-צווייגן, ווו דער שטרייק איז נאָך ניט געמאָלדן געוואָרן. „די שאַכטן, דאָקן, אייזנבאַנען, טראַמוואַיען און אויטאָמאָבילן האָבן אָפּגעשטעלט די אַרבעט אף אַלע 100 פּראָצענט. דער אָרטיקער ראַט פון די פּראָפאַריינען האָט אינגאַנצן באַהערשט די לאַגע, די שטימונג פון די שטרייקער איז אַ פעסטע". אַזעלכע טעלעגראַמען האָט מען געקראָגט לייענען זייער פיל אין די ערשטע טעג פון שטרייק.

אין הויל האָבן די אַרבעטער אַרויסגעוואָרפן דעם לאָזונג „געגנגאַרישקייטן! העכער דעם קאָפּ! אַז שלאָגן זיך, איז, ווי עס דאַרף צו זיין!", דער ענגלישער קאָמסאָמאָל וואַרפט דעם לאָזונג „קעמפט ווי טייוואָלים קעדיי צו זיגן!" די אַרבעטער פון דער מאַשינען-אינדוסטריע וואַרט ניט אף דעם רוף פון גענעראַל-ראַט און פאַרשטרייקן (250,000 אַרבעטער). די זעצער זאָגן זיך אָפּ דרוקן שטרייקברעכערישע אויפרופן און אַרטיקלען פיינטלעכע דעם אַרבעטער-קלאַס. עס קומען פאָר צוזאַמענשטויסן מיט די שטרייקברעכער און פּאָליציי, וואָס נעמען אָן וואָס ווייטער אַלץ אַ שאַרפערן כאַראַקטער. די פּיקעטן קעגן די שטרייקברעכער ווערן גוט דורכגעפירט. עס ווערן געגרינדעט טעטיקייט-ראַטן, אַזעלכע זיינען אין לאָנדאָן געגרינדעט געוואָרן 25, וועלכע אָרגאַניזירן מיטינגען, די פאַרבינדונג, אינפאָרמאַציע, דערנערונג פון דער באַפעלקערונג און קאָמיטעטן פון זעלבסטשוץ. זיי זיינען ענלעך אין אַפילע הינזיכטן אף ראַיאָן-ראַטן. דער גענעראַל-ראַט אַליין מוז גיין אפן וועג פון פאַרפעסטיקן די שטרייק-אָרגאַניזאַציע און שאַפט אַ גאַנצע ריי אינטער-קאָמיסיעס, ווי פאַר טראַנספּאָרט, אינפאָרמאַציע, דערנערונג א. א. וו. עס גייט אפן וועג פון ווערן אַן אָרגאַניזירנדיקער צענטער, וועלכער גיט אָפּ פאַראָרדענונגען וועמען דאַרף געגעבן ווערן עלעקטרישע ענערגיע, וועמען דערלויבעניש אף אַריבערפירן דערנערונג און קעמפט קעגן ספּעקולאַציע א.א.וו. דאָס זיינען נאָר אַ טייל פאַקטן, וואָס כאַראַקטעריזירן די באַוועגונג פון די ענגלישע אַרבעטער-מאַסן אין קעגנזאַץ צו דער טאַקטיק פון די „פירער".

* * *

די פאַרעטערישע פּאָליטיק פון די „פירער" האָט זיך פאַרענדיקט מיט אָפּשאַפן דעם אַלגעמיינעם שטרייק (פון 12 אפן 13-טן). מאַקדאָנאַלד-טאָמאַסעס באַמיִונגען לעטוויעס דער ענגלישע בורזשואַזיע האָט געגעבן אירע פרוכטן. נאָך זיי זיינען געגאַנגען די פּראָפעסיאָנעלע ביוראָקראַטן, וועלכע האָבן זיך דערשראָקן, וואָס דער שטרייק איז דערקלערט געוואָרן דורך דער רעגירונג פאַר ניט געזעצלעך, און פאַר דער געפאַר, וואָס האָט געדראָט די פאַרמעגן-פאָנדן. די טאַקטיק פון דער רעגירונג, וואַרפן אַ שרעק אף די „פירער", קעדיי די לעצטע זאָלן צושפּליטערן די רייען פון אַרבעטער-קלאַס און אים דעמאָראַליזירן, האָט זיך איינגעגעבן. ווי נאָר אף דער אַרענע טרעט ווידער אַרויס סעמועל (דער פאָרזיצער פון דער קיניגלעכער אויספאָרשונג-קאָמיסיע) מיט זיין פאָרשלאָג, כאַפּן זיך פאַר אים אָן די „פירער" ניט פאָדערנדיק קיינע גאַראַנטיעס (גלייך ווי דער שטרייק איז אָפּגעשאַפט געוואָרן, ווערט געמאָלדן, אַז סעמועל איז אַרויסגעטראָטן פון זיין אייגענעם נאָמען און איז ניט געווען באַפולמעכטיקט פון דער רעגירונג) און שאַפן אָפּ דעם שטרייק.

דער ענגלישער אַרבעטער-קלאַס באַקומט אַ דורכפאַל אַדאַנק דעם אומדערהערטן לוצפעדיקן פאַראַט פון זיינע „פירער".

אין די טעזיסן פון קאָמינטערן וועגן דעם, וואָס עס לערנט אונדז דער ענגלישער שטרייק, ווערט געזאָגט: „די טאַקטיק פון די „פירער" פון די פּראָפאַריינען איז געווען אַ טאַקטיק פון *פאַראַט* און *קאַפּיטולאַציע*. דאָס אָפּזאָגן זיך אַריבערפירן דעם שטרייק אף פּאָליטישע רעלסן, איז געווען לויטן טאָך אַ קלאַפּ איבער דער ליניע פון דער אינערלעכער מאָביליזירונג פון די קרעפטן. דער אָפּזאָג פון דער אינטערנאַציאָנאַלער הילף איז געווען אַ קלאַפּ איבער דער מאָביליזאַציע פון די אינערלעכע קרעפטן פון פּראָלעטאַריאַט. דער באַפעל צו ליקווידירן דעם שטרייק האָט פאַרענדיקט די זאַך. דער מאָביליזירטער דורך די פירער אַרבעטער-קלאַס האָט פאַרשפּילט דעם ערשטן גרעסטן קאַמף אין זיין געשיכטע". אַפילע אין דעם „עקאָנאָמיסט" (דער סאַמע ערנסטער זשורנאַל פון דער ענגלישער בורזשואַזיע) לייענען מיר: „דער שטרייק האָט געליטן אַ מאַפּאָלע, ווייל די *מערהייט פון זיינע אָרגאַניזאַטאָרן האָט ניט געוואָלט און ניט געטראַכט, אַז ער קען זיך ענדיקן מיט דער פאָלג*. דער פאָרזיצער פון גענעראַל-ראַט איז אַ פרידלעכער מענטש"... (זע די טעזיסן פון קאָמינטערן).

די מאַפּאָלע ברענגט צו אַ געוויסער פאַרשטאַרקונג פון דער בורזשואַזיע און ציטווייליקער דעזאָרגאַניזאַציע פון די אַרבעטער-רייען. די אַרבעטער זיינען געצווּנגען זיך אומקערן צו דער אַרבעט אף אונערהערטע שענדלעכע באַדינגונגען. די בורזשואַזיע הייבט אָן אַ פאַרביטערטע קאַמפּאַניע קעגן ראַטנפאַרבאַנד, אויסנוצנדיק די הילף, וואָס די פּראָפאַריינען האָבן געגעבן דעם ענגלישן אַרבעטער-קלאַס.

די ענגלישע בורזשואַזיע שטרעבט צו באַגרענעצן די רעכט פון די פּראָפאַריינען. זי פירט אַ האַרטנעקיקן קאַמף קעגן די באַרגאַרבעטער און פירט דורך אין פּאַרלאַמענט אַ געזעץ וועגן אַן אַכטשאָעדיקן אַרבעט-טאָג אין דער קוילן-אינדוסטריע. כאָטש די באַרגאַרבעטער זיינען געבליבן איזאָלירט, האַלטן זיי זיך פעסט און זעצן פאָר זייער העלדישן קאַמף. זיי דריקן אף זייערע פירער פאָרצוזעצן דעם קאַמף ווייטער. אַרום דעם שטרייק פון די באַרגאַרבעטער קאָנצענטרירן זיך איצט די קויכעס פון אַרבעטער-קלאַס.

דער קאַמף פון די באַרגאַרבעטער און זיין אויסגאַנג האָט אַן אומגעהויערע באַדייטונג פאַר דעם ענגלישן און אַלוועלטלעכן פּראָלעטאַריאַט. די סאַמע ענערגישע און מאַמאָשעסדיקע הילף די באַרגאַרבעטער איז די ווייטערדיקע און וויכטיקסטע אויפגאַבע פון דער ענגלישער און אַלוועלטלעכער אַרבעטער-באַוועגונג. אַרום דער אויפגאַבע מוזן מאָביליזירט ווערן זייערע אַלע קרעפטן.

ל. ראָזענהויז.

# «צייטשריפט»

## ערשטער זאַמלבוך. יידישע אָפּטיילונג פון אינווייס־קולט. מינסק.

I.

די „צייטשריפט״ איז מער ווי א בוך. זי איז אַ היסטאָרישע געשעעניש. אַ ניי בלעטל אין דער געשיכטע פון דער יידישער וויסנשאַפט. די רעדאַקציע פון „צייטשריפט״ ווייזט אָן מיט רעכט אַף דעם העכסט-וויכטיקן פאַקט, וואָס: „דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע פון יידישער קולטור איז מען צוגעטראָטן צו וויסנשאַפטלעך-פאָרשערישער אַרבעט, געשטיצט ניט דורך מעצענאַטן און אַפילע ניט דורך קולטור-געזעלשאַפטן. דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע פון יידישער קולטור איז אונדזער וויסנשאַפט געוואָרן א זאַך, וואָס גייט אַריין אין די דירעקטע אויפגאַבן פון אַ מעלוכע-אַנשטאַלט״.

אַף די אויבנציטירטע שורעס פאַלט דער אָפשיין פון דער גרויסער סאָציאַלער רעוואָלוציע. אין זייער טרוקענער וויסנשאַפטלעכער איינגעהאַלטנקייט הערן זיך די טריט פון אַ נייער עפּאָכע.

די מעצענאַטן האָבן אַרופגעלייגט אַ שטעמפּל פון צופעליקייט אַף דער יידישער וויסנשאַפט און צוגעגעבן איר אַ קוסטאַרן-כאַראַקטער. די מעצענאַטן האָבן אויך געגעבן דער יידישער וויסנשאַפט א באַשטימטן קלאַסן-כאַראַקטער.

די „יידישע וויסנשאַפט״ ביז אהער האָט געהאַט נאָך אַ כיסאָרן, זי איז געווען אַרויסגעריסן פון געוועב פון דער אינטערנאַציאָנאַלער וויסנשאַפט און איז געווענדעט געוואָרן מיטן פּאָנים צום אָווער.

די יידישע געשיכטע איז טראַקטירט געוואָרן ווי אַ געשיכטע פון א הייליקן אָדער זינדיקן פאָלק, אָבער ניט ווי א געשיכטע פון א פאָלק, וועלכע איז ווי די געשיכטע פון אַלע איבעריקע פעלקער רייך מיט סאָציאַלע אַנטאַגאָניזמען און קלאַסן-קאַמף.

די אַלטע יידישע געשיכטע און די ביבל-וויסנשאַפט זיינען מאָנאָפּאָליזירט געוואָרן פון די טעאָלאָגן. די נעוויִים זיינען, צום ביישפּיל, באַטראַכט געוואָרן ניט אַלס פאַרשטייער פון לעבעדיקע קלאַסן, וועלכע האָבן פאַרטיידיקט בלוטיקע וואָכעדיקע טאָג-אינטערעסן, נאָר אַלס פאָרגעגער און אָנזאָגער פון יעזוס קריסטוסן אָדער אַלס שלוכים פון הימלען.

די יידן—מאַרקסיסטן האָבן זיך קימאַט ניט באַשעפטיקט מיט דער ביבל-קריטיק און מיט דער אַלטער יידישער געשיכטע.

געווען א צייט, ווען דייטשלאַנד איז געוואָרן אַף אַ צייט אַן אַכסאַניע פון „טוירע״, פון יידישער וויסנשאַפט.

אין די צייטן פון מענדעלסאָן און די מעאַספים האָט די נייע יידישע בורזשואַזיע געשטרעבט מיט דער הילף פון דער יידישער וויסנשאַפט פאַרטרייבן דעם יידישן מיטלאַלטער און אופהייבן די אָפגעשטאַנענע יידן ביז דער בורזשואַזער געזעלשאַפט. די יידישע וויסנשאַפט האָט אויסער דעם געדאַרפט באַווייזן דער בורזשואַזער וועלט, אַז יידן זיינען ווערט אַריינגענומען ווערן אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט אַלס גלייכבאַרעכטיקטע מיטגלידער. שפּעטער האָבן צונץ, גייגער, גרעץ און די איבעריקע עפּיגאָנען פון דער יידישער וויסנשאַפט אין דייטשלאַנד געפרוווט אָנשרייבן פאַר דער יידישער בורזשואַזיע א ייכעס-בריוו און שטעלן א שיינע מאַציווע אַפן יידישן אָווער. די יידישע געשיכטע האָט פאַר זיי אופגעהערט דאָרטן, ווו זיי האָבן זיך אָנגעשטויסן אַף לעבעדיקע און קעמפנדיקע יידישע מאַסן. כאַראַקטעריסטיש, וואָס די אָרעמע ברידער אין מיזרעך״ זיינען אינגאַנצן געווען אויסגעשלאָסן פון אינטערעסן-קרייז פון די יידיש-דייטשישע היסטאָריקער. מיט זיי איז ניט געווען, וואָס צו באַרימען זיך!

די יידישע בורזשואַזיע האָט זיך פון ערשטן טאָג פון איר גלייכבאַרעכטיקונג אָנגעשטויסן אַפן אַנטיסעמיטיזם. דאָס האָט צוגעגעבן דער גאַנצער בורזשואַזער יידישער וויסנשאַפט אַן אַפּאָלאָגעטישן כאַראַקטער. דאָס „יידישע פאָלק״ איז געזעסן אַפן באַשולדיקונג-באַנק. די אַנטיסעמיטן האָבן אים באַשולדיקט, און די יידישע געלערנטע און די פילאָסעמיטן האָבן אים געהאַלטן אין איין פאַרטיידיקן.

קיין איינע פון די דאָזיקע צוויי צדאָדים האָט אָבער אַפילע ניט געפרוווט אָפּרעקן די קלאַסן-וואָרצלען פון אַנטיסעמיטיזם—דאָס האָט פאַר זיי ביידן ניט געלוינט.

אין צאַרישן רוסלאַנד האָבן געלעבט דיפערענצירטע אין קלאַסן קאָמפּאַקטע יידישע מאַסן. די יידישע בורזשואַזיע האָט ניט באַקומען קיין גלייכבאַרעכטיקונג און איז אין איר גרעסטן טייל געווען געשטימט נאַציאָנאַליסטיש. אין רוסלאַנד האָט זיך אַנטוויקלט די יידישע נאַציאָנאַליסטישע היסטאָריאָגראַפיע, פאַר וועלכער די געזעצן פון קלאַסן-קאַמף פאַרלירן זייער קראַפט באַם שוועל פון דער יידישער געשיכטע. דער ראַדיקאַלער טייל פון יידישן קליינבירגערטום אין רוסלאַנד האָט געפרוווט פאַרבייטן דעם אַלטן הייליקן סייפער אַפן נייעם יידישן בוך, און געמאַכט דעם „יידישיזם״, די שפּראַך, פאַר א פעטיש. די ראַדיקאַלע יידישע קליינבירגערלעכע אינטעליגענץ האָט אָבער אפילע ניט געטרוימט וועגן איבערשאַצן די אַלטע ווערטן פון דער יידישער קולטור.

דער יידישער פּראָלעטאַריאַט אין סאָוועטן-פאַרבאַנד איז איצט צוגעטראָטן שאַפן די אינטערנאַציאָנאַלע פּראָלעטאַרישע יידישע קולטור.

די נייע יידישע פּראָלעטאַרישע קולטור איז וועלטלעך און זי האַלט דאַרום פאַר איר כויוו אַראָפּרייסן די מאַסקע פון געטלעכקייט און הייליקייט פון דער „כאָכמאַס האַיאַהאַדוס״ און פאַרוואַנדלען זי אין א ריינער וויסנשאַפט-דיסציפּלין. די נייע יידישע קולטור ווערט געשאַפן פון א הערשנדיקן קלאַס און איר איז פרעמד די האַכנאָע פון אַפּאָלאָגעטיק און די גאַיווע פון אַטאָ-וועכאַרטאַניזם. די נייע יידישע קולטור איז ניט פאָלקיסטיש, זי איז פּראָלעטאַריש און דאַרום אינטערנאַציאָנאַליסטיש. דער נייער פּראָלעטאַרישער יידישער היסטאָריאָגראַף איז ניט קיין מיילעך-יוישער און ניט קיין סוינע ייסראָעל, ער קען זיך דאַרום דערלויבן דעם לוקסוס צו זיין אָביעקטיוו. די „צייטשריפט״ איז דער ערשטער וויסנשאַפטלעכער בוך אַף יידיש, אין וועלכן איר פילט דעם ברויזן פון קלאַסן-קאַמף, אין וועלכן די יידישע קולטור ווערט באַנומען ניט פון א געטאָ-שטאַנדפּונקט. אין דער צייט, ווען דער „פינקעס״ און דער „לאַנדוי בוך״ שמעקן מיט יידישיזם-אַפּאָלאָגעטיק און טראָגן הויפּטזאַכלעך א פילאָלאָגישן שטעמפּל, איז די „צייטשריפט״ אַלזייטיק, אין איר פילט זיך א ראַכוועס. די „צייטשריפט״ באַרירט קימאַט אַלע געביטן פון דער יידישער וויסנשאַפט: אַלטע און נייע געשיכטע, ביבלישע וויסנשאַפט, ליטעראַטור, פאָלקלאָר, שפּראַך-פאָרשונג.

II.

די אָפּטיילונג פאַר געשיכטע פון „צייטשטריפט״ הויבט זיך אָן מיט אַן אַרטיקל פון כ. סאָסיס אונטערן קעפל „צו דער סאָציאַלער געשיכטע פון יידן אין ליטע און ווייסרוסלאַנד״.

דער כאַווער סאָסיס וואַרפט אָפּ העסענס צוגאַנג צו דער ליטוויש-ווייסרוסיש-אוקראַיניש-יידישער געשיכטע פון דער רוסישער געזעצגעבונג וועגן יידן און לייקנט אויך דעם נאַציאָנאַל-ראָמאַנטישן שטאַנדפּונקט, וועלכער מיינט, אַז די יידישע געשיכטע שעפּט זיך אויס מיט „ליידן און לערנען״. אָט דער לעצטער שטאַנדפּונקט האָט זיך גענומען דערפון, וואָס די נאַציאָנאַלע ראָמאַנטיק רייסט אויס די יידישע געשיכטע פון דער אַרומיקער סוויווע און זי בלייבט דאַן אָן לייב און לעבן. ס׳באַקומט זיך דאַן א געשיכטע פון „סינאַס אוילאָם צום אַם אוילאָם״, פון אייביקער סינע צום אייביקן פאָלק, און מיר זעען ניט פונוואַנען האָט זיך גענומען די דאָזיקע סינע און פאַרוואָס. ס׳באַקומט זיך א פאָרשטעלונג, אַז דאָס גאַנצע יידישע פאָלק איז געזעסן איינגעוויקלט אין טאַלעס און טפילין און געלערנט טוירע און האָט געלעבט פון ריינער רוכניעס.

דער כ׳ סאָסיס באַווייזט אונדז די יידן פון 16—18-טן יאָר הונדערט אין ראָל פון סאָכרים, אַרענדאַטאָרס פון פאַרשיידענע שטייערן, מעקלער און קלייקוירעס.

ער דערציילט אונדז „ווי-צו יידן פֿלעגן אמאָל איבערגיין גאַנצע דערפֿער מיט זייערע מאַיאָנטקעס, באַפֿעלקערונג, הייזער, שיינקען“. די רייכע יידישע אַרענדאַטאָרן פֿלעגן אָפֿט באַקומען דאָס רעכט צו מישפּטן די לייב-אייגענע אַפֿילו מיט טויט-שטראָף.

דאָ זעען מיר שוין דעם מאַטעריעלן יעסאָר פֿון דער סינע צו יידן.

דער כ. סאָסיס באַלייכט אָבער ניט גענוג דייטלעך, נאָך אונדזער מיינונג, די פּראָבלעם, פֿאַרוואָס האָבן די פּוילישע קעניגן גענומען אונטער זייער שוץ די יידן, קעגן דעם אָנוואַקסנדיקן, אייגענעם, היימישן מיטלשטאַנד? די מיינונג פֿון כ. סאָסיס „אַז פּוילן גופֿא איז געווען אָנמעכטיק, ניט נאָר צו שאַפֿן די שטאָטישע קולטור, נאָר צו אַנטוויקלען די דאָרף-ווירטשאַפֿט“ איז דאָך ניט קיין אַבסאָלוטער עמעס, נאָר אַן עמעס פֿאַר אַ באַשטימטער באַגרענעצטער צייט, פֿאַרן ערשטן פּעריאָד פֿון דער אַנטוויקלונג פֿון קאַפּיטאַליזם אין פּוילן, אָבער ניט פֿאַר דער צייט, ווען די פּוילישע געזעלשאַפֿט האָט גענומען אויסטיילן אייגענע היימישע קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן*).

דער טערעץ איז אַ פּאַשעטער: די פּוילישע פּריצים און קעניגן האָבן גענומען אונטער זייער שוץ די יידן, ווייל זיי האָט בעסער געלוינט צו האָבן צו טאָן מיט אַ פֿרעמדן מיטלשטאַנד, וועלכע האָט ניט געקענט פּרעטענדירן אויף דער מאַכט, בעשאַס אַ היימישע בורזשואַזיע האָט געקענט ווערן געפֿערלעך פֿאַר זייער הערשאַפֿט.

מיט דעם דערקלערן זיך, לויט אונדזער מיינונג, די פּריווילעגיעס, וואָס די קעניגן האָבן געשאָנקען דעם יידישן מיטלשטאַנד אַפֿילו אין די שפּעטערע צייטן, און וואָס זיי האָבן אים געשיצט גאַנץ אָפֿט קעגן דעם אייגענעם פּוילישן אָנוואַקסנדיקן מיטלשטאַנד.

דערציילט דאָך דער כאַווער סאָסיס, ווי די קרוין האָט געשיצט די יידן קעגן די וויטעבסקער, גראָדנער, פּינסקער, א. א. וו. מישטשאַנעס און וועגן דער קאַפּיטאַל-סטישער ראָל פֿון די קאַטוילישע קלויסטערס. מיר זעען, ווי די יידן טרעטן אַריין אין אַ קאָנקורענץ-קאַמף מיט די פּוילישע און ליטווישע מעשטשאַנעס און מיט די קלויסטערס, און שפּילן אַ ראָל פֿון אונטערדריקער און פּריווילעגירטע בענויגייע דעם פּויערטום.

אינטערעסאַנט איז דער פֿערטער קאַפּיטל, אין וועלכן דער כאַווער סאָסיס מאָלט אונדז, ווי אָפּן פֿאָן פֿון אַלגעמיינעם קריזיס און האַנדל-קאָנקורענץ אַנטוויקלט זיך אין 17 טן און 18-טן יאָרהונדערט דער פּראָלעטאַריזירונג-פּראָצעס פֿון דער יידישע מאַסע. דער כאַווער סאָסיס שיידט אונטער מאַרקסיסטיש צווישן דעם אַלטן יידישן באַלמעלאָכע, וועלכער האָט באַדינט הויפּטזעכלעך דעם יידישן געבוירכער, און דעם נייעם יידישן באַלמעלאָכע, וועלכער אַרבעט פֿאַרן מאַרק. דערדאָזיקער יידישער באַלמעלאָכע איז שוין גאָר אַ נייע סאָציאַלע דערשיינונג און שוין פֿון די ערשטע צייטן פֿון זיין אַנטשטיין איז אים אויסגעקומען אַריינטרעטן אין אַ קאַמף מיט די קריסטלעכע צעכן. ס'איז ווינטשנסווערט די אויספֿאָרשונג פֿון דער ווירקונג פֿון דעמדאָזיקן נייעם יידישן באַלמעלאָכע אויפֿן „קלאַל-יסראָעל“ געפֿיל. אויך ביז אים זיינען יידן ניט געווען קיין איינהייטלעכע סאָציאַלע גרופּע און זיינען געווען צוטיילט אויף אָרעמע און רייכע. די אָרעמע יידן האָבן זיך אָבער גרופּירט אַרום די רייכע און געפֿילט זיך קלאַפּי-כוץ ווי אַ איינהייטלעכע מאַסע פֿון קלאַל-יסראָעל.

די כעווראָס פֿון די יידישע באַלמעלאָכעס, וועלכע האָבן זיך אויסגעביל-דעט אין קאַמף מיט די קריסטלעכע צעכן, האָבן שפּעטער געפֿירט אַ העפֿטיקן קאַמף מיט די קעהילעס און טאַקיפֿים.

די אויסבילדונג פֿון אַ גרויסער מאַסע יידישע יעשוווניקעס אין 18—17

י. ה., באַריִרט דער כ. סאָסיס נאָר אין עטלעכע שורעס, און דאָס איז גאַנץ פֿאַרשטענדלעך, ווייל דאָס איז שוין אַ נייע טעמע.

מיר האָבן זיך לענגער פֿאַרהאַלטן אויפֿן אַרטיקל פֿון כ. סאָסיס, ווייל ער אַנטהאַלט אין זיך פּראָגראַם-מאָמענטן און ער מערקט אָן וועגן, פֿאַר דער מאַרקסיסטישער יידישער היסטאָריאָגראַפֿיע.

די צווייטע העלפֿט פֿון כ. סאָסיס אַרטיקל באַהאַנדלט די טעמע: „דאָס יידישע סאָציאַלע לעבן און דער מוסער“. די טעמע איז אַן אינטערעסאַנטע און אַן אָריגינעלע, און דאָ עפֿנט זיך פֿאַרן פֿאָרשער אַ ברייטע פֿעלד. די טעמע איז אָבער ווייט ניט אויסגעשעפּט אין כ' סאָסיסעס טראַקטירונג, און דער אַרטיקל אַנטהאַלט מער צוזאָגן ווי דערפֿילונגען. אַן אָנהייב איז אָבער געמאַכט געוואָרן, און יעדער אָנהייב איז קעיאָרוע שווער.

דער אַרטיקל פֿון כ' ש. ראַמבאַך: „די יידישע באַלעמעלאָכעס אין רוסלאַנד אין דער ערשטע העלפֿט פֿון 19-טן יאָרהונדערט“, אַנטהאַלט אַן אינטערעסאַנטן, אָבער ניט גענוג באַאַרבעטן מאַטעריאַל און טראָגט אַן עסקיז-כאַראַקטער. דער אַרטיקל באַלויכט אונדז דעם מאַרטירלאָג פֿון די יידישע באַלמעלאָכעס אין יענער צייט, ווען ס'איז אויסגעקומען אויסצושטיין שווערע גזיירעס פֿון צאַריזם און רעדיפֿעט מיצאַר די קריסטלעכע צעכן, און אויסער דעם האָבן זיי געליטן אויך פֿון יידישן קאָהאָל. דאָך האָט זיך אַנטוויקלט די עקספּאַנסיע פֿון דער יידישער מעלאָכע און זי איז אַריינגעגאַנגען אויסערן טכום. אַדאַנק דידאָזיקע רעדיפֿעס און גזיירעס האָט די יידישע מעלאָכע אין דער צייט פֿון צאַריזם, ניט געקענט דערהייבן זיך צו אַ העכערער מאַדרייגע, און דער העמערל פֿון יידישן באַלמעלאָכע האָט געקלאַפּט נאָר אין קליינעם וואַרשטאַט.

---

דער אַלטער יידישער געשיכטע איז געווידמעט דער אַרטיקל פֿון כ. לוריע: „די סאָציאַלע פֿאַרהעלטעניש און די סאָציאַלע באַוועגונג אין פֿאָלק יסראָעל“. דערדאָזיקער אַרטיקל איז נאָר אַ טייל פֿון אַ גרעסערער אַרבעט, און דער מעכאַבער ווייזט אין אים אַרויס אַ גרויסע בקיעס.

דערדאָזיקער אַרטיקל איז, פֿאַרשטייט זיך, אַ נייַ וואָרט אין פֿאַרגלייך מיט די בורזשואַזע אַרבעטן אין דערדאָזיקער פֿראַגע, אָבער ער האָט אויך שוואַכע זייטן.

דער מעכאַבער פּאַטערט צופֿיל מי אויף דערווייזן, אַז שוין אין די עלטסטע צייטן האָט עקזיסטירט באַם פֿאָלק יסראָעל פּריוואַט-אייגנטום פֿון אַ מאַרקסיסט האָבן מיר געקאָנט דערוואַרטן ער זאָל אונדז בעסער באַלויכטן די **אַנטוויקלונג פֿון אייגנטום-פֿאָרמען** באַם פֿאָלק יסראָעל אין זייער אייגנאַרטיקייט, ער האָט געדאַרפֿט מער שאַרף אָפּגרענעצן די פֿאָרמען פֿון אייגנטום אין איין עפּאָכע פֿון אירע פֿאָרמען אין אַ צווייטער עפּאָכע. דער כ' לוריע מאַכט אָבער קפֿיצעס אַרערעך פֿון די שופֿטים ביז אַחאָב, פֿון אַחאָב ביז נחמיה און דערמאָנט אין איין אָטעם אַלישען, נחמיה'ען, ירמיהו'ן און צוריק אַ שפּרונג ביז צו שלמה'ען און אבימלך'ן.

אַפֿילו פֿאַר אַן אַריינפֿיר איז דאָס צו מעטושטעש און צו איילִיק.

דער כ' לוריע ברענגט אַ ראַיע פֿון דער געשיכטע פֿון אַחאָב און נבות, אַז קעגן אינסטיטוט פֿון פּריוואַט-אייגנטום באַם פֿאָלק יסראָעל זיינען אַפֿילו די קעניגן געווען אָנמעכטיק.

ער באַמערקט ניט, אַז די גאַנצע געשיכטע מיט נבותן איז געבראַכט געוואָרן אין נעוויִאישן נוסעך. און ווייטער, צי דען שטייט די עקספּראָפּריאַציע פֿון קליינעם אייגנטום אין ווידערשפּרוך מיט דער אַנטוויקלונג פֿון פּריוואַט-אייגנטום? פֿאַרקערט, דאָס, וואָס די נעוויִאים דונערן וועגן האַסאַגאַס גוויל און וועגן „דער פֿאַרגוואַלטיקונג פֿון האַר און זיין שטוב, דער מאַן און זיין פֿאַרמעגן“ גיט אונדז אַ בוילעטערע פֿאָרשטעלונג וועגן דער קאָנצענטראַציע פֿון אייגנטום און אַנטוויקלונג פֿון האַנדל-קאַפּיטאַל אין פֿאָלק יסראָעל, ווי די מוסער-מאַיסעלע וועגן אַחאָב און נבות, וועלכע האָט אָפּגעשפּיגלט די אידעאָלאָגיע פֿון עקספּראָפּריִרטן קליין-אייגנטימער.

צו אידיליש קומט אַרויס באַם כ' לוריע נחמיה, „וועלכער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז ווייטער קען שוין אַזוי ניט גיין“ און די פּירשטן „וועלכע האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז ס'איז בעסער פֿאַר זיי אָפּצוזאָגן זיך פֿון די כויוועס מיט גוטן און אומקערן צוריק די גערויבטע הייזער דער רעוואָלוציאָניזירטער מאַסע“.

אַפֿילו איינציקע בורזשואַזע געלערנטע ווייזן אָן, אַז אַלע מיזרעך-סאַטראַפּן האָבן ליב געהאַט דערציילן די אייגענע אויטאָביאָגראַפֿיע אין אַ גינסטיקער באַפֿאַרבונג. און ווער איז געווען נעכעמיע, אויב ניט אַ מיזרעך-סאַטראַפּ? בויען אַ

---

*) פֿון דער רעדאַקציע: אונדז דוכט, אַז דער כ' ל. ראָזענהויז איז ניט גערעכט. דער כ' סאָסיס אין זיין אויסגעצייכנטן אַרטיקל האָט געשריבן די סאָציאַלע געשיכטע פֿון יידן אין פּוילן, און ניט די פּוילישע געשיכטע, און דעריבער איז גענוג, ווען דער כ' סאָסיס באַמערקט בלויז אַגעוואָרכע „אַז פּוילן גופֿא איז געווען אָנמעכטיק“ און א. וו. ... וועגן „אַבסאָליוטן עמעס“ איז בכלל ניטאָ וואָס צו ריידן, אַזאַ עמעס איז ניטאָ. דער געדאַנק, אַז די פּוילישע פּריצים האָבן מוירע געהאַט פֿאַר דער אייגענער בורזשואַזיע און דעריבער האָט זיי געלוינט דורכפֿירן זייערע אייסאָקים דורך דעם יידישן מיטלשטאַנד, איז אויך ניט קיין גאַנצער עמעס, עס איז בלויז אַ טייל פֿון עמעס.

זיין זעלבסטבאַרימעריי איז דיזעלבע זאַך. ווי טרויען מאצייווע-אויפשריפטן מיט זייערע איבערגעטריבענע שוואָכים די טויטע.

דעם בירגער-קריג אין ייסראָעל דערקלערט דער כ׳ לוריע מיט דירעקטן קלאַסן-קאַמף אליין, און דארום מאַכט ער אַ האַשאָרע, אַז אויב עמרי האָט פאָרגע-שטעלט די אַגראַריער האָט תבני געקענט פאָרשטעלן אָדער דעם אָרעמען פאָלק, אָדער די שטאָטישע קאַפּיטאַליסטן, אָדער זיי ביידן באַשוטפּעס. דער כ׳ לוריע פאַרגעסט, אַז אין דער מעלוכע פון די צען שוואָטים זיינען געווען פאָרגעשטעלט שוואָטים מיט פאַרשיידענע ווירטשאַפטלעכע אינטערעסן און קעגנזעצלעכע פּאָליטישע אָריענטאַציעס. יהוא, צום ביישפּיל, האָט זיך געשטיצט אויף די בני רכב, וועלכע האָבן נאָך געפירט אַ וואַנדער-לעבן און פאַרנומען זיך מיט פּיצוכט. תבני האָט דא-רום געקענט מיט זיך פאָרשטעלן שוואָטים מיט אַן אַנדער פּאָליטישער און סאָצי-אַלער אָריענטאַציע.

מיר האַלטן אויך, אַז דער סאָציאַלער טייל פון „דברים“ איז **קיינמאָל ניט דורכגעפירט געוואָרן אין לעבן,** ווי ס׳מיינט דער מעכאַבער. און איז פאַרבליבן נאָר אַ פּאַפּיר-פּראָגראַם.

דאָס לעצטע שטימט מיט דער גלענצנדער כאַראַקטעריסטיק, וואָס דער מעכאַבער האָט געגעבן די נעוויאים, וועלכע זיינען געווען שטאַרק אין זייער קריטיק און שוואַך אין טאַט. די נעוויאים זיינען ניט אַרויסגעטראָטן קעגן פּריוואַט-אייגנטום און קעגן קעניגטום און האָבן אוטאָפּיש געטרוימט וועגן אַ מעלעך-צדיק אַ פרומען, ווי דאָוויד, און וועגן אַזאַ צייט, ווען קיין אָרעמע לייט וועלן ניט זיין, כאָטש דער פּריוואַט-אייגנטום וועט פאַרבלייבן. מען קען צוגעבן, אַז אַפילו אין די צייטן פון חזקיהו און יאשיהו׳ן, ווען די נעוויאים האָבן געהאַט אַ גרויסע השפּאָע, האָבן זיי ניט דורכגעפירט קיין ראַדיקאַלע רעפאָרמען.

מיר זיינען אויך ניט מאַסקים מיטן מעכאַבער, אַז ער שאַבעס איז פריער געווען אַ סאָציאַלער רו-טאָג און ערשט שפּעטער מעגולגל געוואָרן אין אַ רעלי-גיעזן יאָנטעוו. דער עמעס איז, אַז אין די אוראַלטע צייטן איז דער שאַבעס גע-ווען באַ די ייסריילים, ווי באַ די אַשורים איינער פון יענע טעג, אין וועלכע די ניט-גוטע האָבן אַ שליטע און אין וועלכע ס׳איז געפערלעך טאָן אַ מעלאָכע (טאַבו) *).

דעם כ׳ לוריעס אַרטיקל גיט אָבער ערטערווייז אַ געלונגענעם אַנאַליז פון די סאָציאַלע פאַרהעלטענישן באַם פאָלק ייסראָעל, רייסט אַראָפּ די מאַסקע פון די לעגענדעס וועגן די יידישע מעלאָכים און נעוויאים און באַווייזט אונדז זייער עמעסן ערדישן פּאָנים. באַזונדער איז זיין פאַרגלייך צווישן דער „משנה תורה“ און „ספר הברית“ אין באַזונדערס די שטעלן, וועלכע באַהאַנדלען די שקלאַפן-פּראָבלעם און וועגן לווינאַרבעט. די משנה תורה פאַרדינט די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט, ווייל זי שטעלט מיט זיך פאָר די פּראָגראַם פון דעם ראַדיקאַלן פליגל פון די נעוויאים. ס׳איז איבעריק צוגעבן, אַז שמיטע און יויול זיינען געבליבן אויפן פּאַפּיר.

כאַראַקטעריסטיש, וואָס בעשאַס די „משנה תורה“ דערלויבט נעמען פּראָ-צענט באַם פרעמדן, פאַרווערט זי דריקן דעם לווינאַרבעטער „סאַי דיין ברודער סאַי דעם פרעמדן“.

---

דער געשיכטע אָפּטייל שליסט זיך מיט פּראָפ ניקאָלסקיס אַרטיקל „נייסטע שטרעמונגען אין דער ביבלישער וויסנשאַפט“. דער אַרטיקל איז געשריבן ספּעציעל פאַרן „צייטשריפט“ און איז איבערגעזעצט געוואָרן דורך א. פינקעל. דער אַרטיקל דערציילט אונדז וועגן די נייע שטרעמונגען אין ביבל-קריטיק. די נייע שטרעמונגען באַטראַכטן ניט די יידישע קולטור אַלס אַ איזאָלירטע און נוצן אויס ברייט דעם פאַרגלייך-מעטאָד, זוכן אַנאַלאָגיעס מיט די איבעריקע אַלטע מיזרעך-קולטורן.

באַ אַזאַ צוגאַנג וועט זיך שטעלן די פראַגע ניט נאָר פון „ביבעל און באַבעל“ נאָר אויך פון „ביבעל און עגיפּעט“ „ביבעל און מדי“, און דער יידי-שער אַטאַוועכאַרטאַניזם וועט פאַרלירן זיינע שטאַרקסטע פּאָזיציעס אויסגעהאַלטן און ריכטיק איז די מיינונג פון איינעם פון די נייסטע קריטיקער, אַז דער ספ-פער „דברים“ איז ניט געווען קיין ווירקלעכער געזעץ, נאָר אַן אידעאַל-פּראָגראַם.

צום זעלבן שלוס ויעלן מיר קומען, ווען מיר וועלן צוגיין צו דער פראַגע ריין סאָ-ציאָלאָגיש, און ניקאָלסקי ווייזט טאַקע אָן, אַז דער סטיל פון „דברים“ איז ניט קיין געזעצגעבערישער, נאָר טראָגט אַ כאַראַקטער פון אַגיטאַציע. די נייע ביבל-קריטיק פּרוווט זיך אויך צו באַנוצן מיט דעם אַנאַליז פון די סאָציאַלע מאָמענטן אין ביבל **און דאָס איז געוויס אַ טראָט אין דער ריכטונג פון מאַרקסיזם.**

איינער פון די נייסטע ביבל-קריטיקער זשירקוו האָט דערייסט אויפגעשטעלט די פּראָבלעם פון דעמאָנאָלאָגיע און מאַגיע אין דער אַלטער רעליגיע פון פאָלק ייסראָעל—אַ פּראָבלעם וועלכע אונדזערע אַנטירעליגיעזניקעס האָבן שטענדיק גע-שטעלט און באַהאַנדלט. דער נאָרוועגישער ביבליסט מאָווינקל האָט געווידמעט אַ ווערק די מאַגישע פאָרמולעס אין טילים.

פּראָפ. ניקאָלסקי גיט אויך איבער, אַז ס׳איז געפונען געוואָרן אַן עגיפּטע-שער טעקסט, וועלכער האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַרן אָריגינאַל פון „משלי“.

פּראָפ. ניקאָלסקי פאַרענדיקט זיין איבערבליק מיט אַ קאָנסטאַטירונג: „עס עפענען זיך אויסערגעוויינטלעך רייכע פּערספּעקטיוון. מען קען דערוואַרטן, אַז אין דער נאָענטער צייט וועט די שווערקייט פון די אויספאָרשונגען איבערגעטראָגן ווערן אויף די פראַגן פון סאָציאַלער געשיכטע און מאַטעריעלער קולטור“.

ס׳וואָלט זיין געווונטשן, דער „אינווייסקולט“ זאָל אָרגאַניזירן אַ ספּעציעלן קאַבינעט פאַר דער אוראַלטער ייהישער געשיכטע און ביבל-קריטיק.

## III.

די „ליטעראַטור און פאָלקלאָר“-אָפּטיילונג אין „ציינשריפט“ צייכנט זיך אויס מיט איר זאַכלעכער ערנסטקייט. אַלע אַרטיקלען זיינען דורכגעטראַכטע און באַאַרבעט ניט אויף איין פוס, נאָר מיט אַן עמעסער וויסנשאַפטלעכער געוויסנהאַפ-טיקייט

דער כ׳ אויסלענדער דערציילט אונדז וועגן פּערעצן פון די „שטעט און שטעטלעך“, דעם פּערעצן, וועלכן ס׳איז אויסגעקומען באַגעגענען זיך פּאָנים-על-פּאָנים מיט זיינע כסידישע העלדן און וועלכן ס׳איז אויסגעקומען צו שרייבן אויף זיי גאַנץ אָפט קאַריקאַטורן און שאַרזשן.

אָט ווי ס׳זעט פּערעץ אַ שטעטל אין 1902-טן יאָר: „דאַברושעווי הייסט עס, דאָס טייכל דרעווינץ שניידט דאָס דורך, דער גערער פירט דאָס באַ דער נאָז. דער אַלעקסאַנדראָווער, אַטוואָצקער אַכוץ שאַר· יעראָקעס מעלקן עס אויך. פון הינ-טער קראָקא קומט דער פאָרגאָרזשער און שערט די שאָף. מיט איין וואָרט—אַ שטעטל מיט אַ פאַרצעף-פּאָנים ווי אַלע שטעטלעך“.

געשריבן האָט דאָס פּערעץ אין ציעניסטישן „יוד“...

ער האָט דאָרטן געשריבן אויך וועגן דעם ציעניזם גופא און האָט אים פאַר גליכן צו אַ הון, וועלכע וואַרעמט וואַנט-געריבענע אייער אקאָרעס, נאָר, אַז עס וועלן איר אויפוואַקסן גאָלדענע פליגל פאַר פינף און צוואַנציק מיליאָן, וועט זי ווערן אַ אַ לער און אָוועקפליען ווייט, ווייט צום לעוואָנען, צום „האַר-האַבאַיס“.

דער כ׳ אויסלענדער איז קימאַט מויכל פּערעצן זיין מיטאַרבעטערשאַפט אין ציעניסטישן „יוד“. פאַר זיין דאָזיקער „פרייער באַציונג“ צום ציעניזם און **פאַר זיינע פּרוּוון זוכן אַ דריטן, ניט ביין מאַסקילישן און ניט ציעניסטישן נוסעך, און פאַר זיין וואַרפן „בליצן“ אין דער בלייע-נער באַלעבאַטישער נעשאָמע.**

און טאַקע, וואָס איז דאָ אַזוינס געשען?

דער בייזער פּערעץ, דער מעכאַבער פון „שטריימל“, פון „באָנציע שוויג“ פון „דער טויטער שטאָט“, (אַגעוועלכע, איינע פון די בעסטע פּערעצעס ווערק, וועלכע איז נאָך אונדזער מיינונג, אויך קינסטלעריש העכער פון „כסידיש“)—האָט זיך אָפּן ווען צווישן „כסידיש“ און די „פאָלקסטימלעכע געשיכטן“ אָפּגעשטעלט זיך אין אַ ציעניסטישער אַכסאַניע און האָט „געבליצט“ אויף באַלעבאַס, ווי ער האָט שפּעטער אויף אים געבליצט פון יאַצקאַנס ווינקל...

פאַר פּערעצן פון יענער צייט איז דאָס אָבער העכסט כאַראַקטעריסטיש.

דאָס אַלץ איז פאַרגעקומען, ווי כ׳ אויסלענדער דערמאָנט, אין 1902-טן יאָר, אין מאַי, אין כוידעש פון דער עקזעקוציע אין ווילנע און לעקערטס שאָס. דער כאַוועיר אויסלענדער איז מויסיף מיט עסטעטישער טמימעס:

„— צו פּערעצן אין די „שטעט און שטעטלעך“ דערגרייכט ניט דער אָפּ-קלאַנג פון אָט די געשעענישן. **אין אַ געוויסער מאָס זיינען דערין שול-דיק פּערעצעס קאָרעספּאָנדענטן** (אונטערגעשטראָכן ל. ר.)

---

*) אונדז דוכט, אַז אויך דאָ איז דער כ׳ ל. ראָזענהויז ניט גערעכט. אַ גע-שיכטלעך-באַשטימטער רו-טאָג וואָס גייט צוזאַמען מיט אַ פאָלק אין פאַרלויף פון טויזנטער יאָרן, שטאַמט די ערשטע זאַך פון סאָציאַלע וואָרצלען און ווערט בלויז פאַרשלייערט דורך רעליגיעזע מאָטיוון.

רעדאַקציע

דער אָפּקלאַנג פֿון לעקערטס שאָס האָט אָפּגעהילכט אין די פֿאַרוואָרפֿנסטע ייִדישע ווינקלעך. פּערעץ איז אָבער דאָן „אינדערהיים ניט געווען“ און די קאָרעספּאָנדענטן האָבן אים ניט אינפֿאָרמירט... פֿאַרשטייט זיך, אַז אַזוי שרײַבן ליטעראַרישע געשיכטע קען מען ניט. עס קען עפּשער זײַן, אַז טאַקע דער אָפּקלאַנג פֿון לעקערטס שאָס, פֿאַרשטייט זיך, אין „סימוואָלישן זין“, האָט געטריבן פּערעצן און זײַן סאָציאַלן שיכט אויסבאַהאַלטן זיך בײַ די פּאַרצייטיקע כסידים און זוכן דאָרטן פֿרייד און גלויבן.

נאָר דאָס האָט שוין ניט קיין שײַכעס צו דער אינערלעכער אַנטוויקלונג פֿון פּערעצעס קינסטלערישער פּערזענלעכקייט. אינערלעכע אַנטוויקלונג איז דאָך קעיאָרוע, אַ ריין עסטעטישע פּראָבלעם..

---

דער אַרטיקל פֿון כ׳ א. גורשטיין „דער איצטיקער צושטאַנד פֿון פּערעצעס ביאָגראַפֿיע“ געהערט צו יענע, מיט וועלכע מעווינים קוויקן זיך, יעדער וואָרט איז אין אים אָפּן אָרט און ער גיט מער ווי אַנדערע לאַנגע וואַסערדיקע מאַמאָרים. כ׳ גורשטיין פֿירט אונטער אַ סאַכאַקל אונטער דעם איצטיקן צושטאַנד פֿון די אַרבעטן אַרום פּערעצעס ביאָגראַפֿיע און צייכנט אָן וועגן פֿאַר אַ ווייטערדיקער אַרבעט, וועלכע זאָל אויפֿשטעלן פֿאַר אונדז פּערעצן און זײַן דאָר. דער כ׳ גורשטיין פֿאַרבינדט פּערעצעס „פֿאָלקיזם“ ניט נאָר מיט די אויסערלעכע ווירקונגען, נאָר אויך מיט דער „פֿאָלקיסטישער“ שטרעמונג אין דער ייִדישער ליטעראַטור. פֿאַראַן אַפֿילע מאַרקסיסטישע קריטיקער, וועלכע לייקענען דעם צוזאַמענבונד צווישן דער ייִדישער ליטעראַטור און דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. דער „בייזער“ פּערעץ האָט אָבער נעהאַט אַ האַשפּאָע אויף דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג בײַ דער ייִדישער אַרבעטערשאַפֿט. און כאָטש גורשטיין ווײַזט אָן, אַז די 90-קער יאָרן פֿאַרבינדן פּערעצן מיט דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג. עמעס, בײַם פּרוּוו פֿון נאָענטע באַגעגענישן מיט די אַרבעטער איז די „אַרבעטער-ליבשאַפֿט“ פֿון פּערעצן צורונען און ביידע צדאָדים (די אַרבעטער און פּערעץ) זײַנען זיך צוגאַנגען אַנטוישטע. כ׳ גורשטיין שרײַבט דאָך אונטער „גאָר אַ גרויסן רעזאָנאַנס האָט פּערעצעס נאָענטקייט צו דער אַרבעטער-באַוועגונג געהאַט אין דער אַרבעטער-סוויווע גופֿע“. און ווייטער: „זײַנען טאַקע אַ לאַנגע צייט פּערעצעס „יאָנטעוובלעטלעך“ געווען די איינציקע ייִדישע אויסגאַבן, וואָס מען פֿלעגט געפֿינען בײַ די אונטערזוכונגען און אַרעסטן פֿון ייִדישע אַרבעטער“.

דאָס איז גענוג אויף אַ טרייסל טאָן די טעאָריע, וועלכע וויל אײַנגאַנצן לייקענען די ווירקונג פֿון דער ייִדישער אַרבעטער-באַוועגונג אויף דער ייִדישער ליטעראַטור.

---

אורי פֿינקעלס אָפּהאַנדלונג: „די סאָציאַלע פֿיגורן אין א. גאָלדפֿאַדנס ערשטע ווערק“ באַרייכערט די גאָלדפֿאַדן-ליטעראַטור מיט נײַע מאָטיוון און איז אַ זאַך אין דער צייט. מיר זײַנען אָבער ניט מאַסקים מיט דער גרינגשעצונג צו דער מאַסקילישער ליטעראַטור און דיכטונג, וועלכע באַמערקט זיך בײַם כ׳ פֿינקעל און וועלכע איז געוואָרן אַ טראַדיציע בײַ דער ייִדישער קריטיק. די מאַרקסיסטישע קריטיק דאַרף זיך אַנדערש באַציִען צום „שטורם און דראַנג“-פּעריאָד פֿון דער ייִדישער בורזשואַזיע, ווען זי איז נאָך געווען אַפּיקורסיש און ניט אַרויפֿגעטראָטן נאָך אָפּן „דרערך טשוווע“.

מען דאַרף ניט פֿאַרגעסן, אַז די העברעישע סאָציאַלע דיכטונג פֿון יהלל, ווינטשעווסקי פֿירט איר ייִכעס דאַווקע פֿון דער האַסקאָלע. און ליבערמאַנס „האמת“ האָט אויך אַ געוויסע שײַכעס צו דער האַסקאָלע.

כ׳ פֿינקעל לייקנט זיך זעלבסט, ווען ער ציטירט גאָלדפֿאַדנס אַ ליד קעגן קאָהאָל און קאָמענטירט אים בעוע-האַלאָשן: „אין דיראָזיקע שורעס איז אָנגעמערקט, אַזוי צו זאָגן, דער גאַנצער פֿאַרנעם פֿון גאָלדפֿאַדנס לידער און ס׳פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז ניט מער, ווי אַ ווייטערדיקער פֿאָדעם-שפּין פֿון ייִצכאָק בער לעווינזאָנס „אַזוי שמועסט לבן הכזבי אַליין צו זיך“.

גאָלדפֿאַדנס לידער האָבן אָבער אויך געהאַט אַ צווייטן מאָקער—די ייִדישע פֿאָלקשאַפֿונג. כ׳ פֿינקעל שטרײַכט דאָס אונטער באַזונדער אין די שורעס: „גאָלדפֿאַדן איז דער ערשטער ייִדישער דיכטער אין רוסלאַנד, וועלכער האָט די דאַלעסטעמע באַהאַנדלט אָפּן זעלבן שטייגער, ווי די גאַליציאַנער ייִדישע וואַנדערנדיקע פֿאָלק-דיכטער, בערל בראָדער און וועלוול זבאַרזשער“.

אָט דיראָזיקע נאָענטקייט צום עכטן פֿאָלק איז אונדז נאָענט אין גאָלדפֿאַדנען. פֿון זײַן עכטער פֿאָלקסטימלעכקייט שטאַמט אויך זײַן טעאַטראַלישקייט.

די האַסקאָלע אין איר ייִדישער אויפֿלאַגע איז בִּיכלאַל געווען פֿאָלקסטימלעך.

כ׳ פֿינקעל ווייסט דאָס און ער באַווײַזט אונדז, אַז וויפֿל גאָלדפֿאַדן איז אין זײַנע ערשטע פּיעסן געווען פֿאַרבונדן מיט דער טראַדיציע פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור. דעם כ׳ פֿינקעל האָט זיך אויך אײַנגעגעבן אויפֿדעקן די סאָציאַלע וואָרצלען פֿון גאָלדפֿאַדנס שאַפֿונג. גאָלדפֿאַדן האָט געשאַפֿן אין אַ צייט, ווען דער מאַסקיל האָט שוין פֿאַרענדיקט זײַן פֿלירט מיט דער האַסקאָלע, דער טאָכטער פֿון הימל, און האָט אָנגעהויבן זוכן אַ טאַכליס. אַ צייט, ווען די ייִדישע גרויס-בורזשואַזיע האָט זיך שוין גענומען אָפּרוקן פֿון דער ייִדישער סוויווע, ווען ס׳האָט שוין אָנגעהויבן פֿאַלן דער אַלטער ייִכעס און אויף דער סצענע האָט זיך באַוויזן דער ניכטערער ייִדישער קליינבירגער. גאָלדפֿאַדן שפּירט שוין, אַז דער ייִדישער אינטעליגענט סײַ דער „ניכטערער“, סײַ דער „אויפֿגעקלערטער“ ווילן זיך פֿאַרלירן בײַ דער ערשטער „בעהאָלע“ און ווילן זוכן דעם וועג צוריק. גאָלדפֿאַדנס סאַטירע אָפּן ייִדישן אינטעליגענט, וועלכע כ׳ פֿינקעל ציטירט אין די פֿאָלגענדיקע שורעס:

„ערשט נעכטן אַ כאָסיד—און הײַנט ווי גיך ווערט פֿון אים
אַ דײַטש אין אַ צילינדער! טראָגט אין מויל ספּינאָזאַ—האָט מוירע פֿאַר
אַ רואַך—
און גלויבט אין דעם אייניקלס ווונדער!..“

טרעפֿן ניט אין אויג, נאָר אין ברעם אַפֿילע דעם גרויסן יוירעש פֿון דער האַסקאָלע—פּערעצן... און גאָלדפֿאַדנען גופֿע.

די „בעהאָלע“ פֿון די פּאָגראָמען האָט פֿאַרוואַנדלט גאָלדפֿאַדנען—דעם שעפֿער פֿון האַצמאַך, די פֿאַרקערפּערונג פֿון דעם מאַרק-יאַרידישן הו-האַ און זײַן קינסטלערישער אָפּלייקענונג, אין אַ נאַציאָנאַליסטישן ראָמאַנטיק, וועלכער גלויבט אין „רועך“.

דער ליטעראַרישער אָפּטייל פֿון „צײַטשריפֿט“ איז, אַגעוו-אורכע, די בעסטע איליוסטראַציע צו דער קאָמוניסטישער באַציִונג, צו דער „יערושע“.

דאָ שטעלן מיר אַ פּינטעלע. כאָטש מיט דער ליטעראַרישער אָפּטיילונג איז די „צײַטשריפֿט“ ווײַט ניט פֿאַרענדיקט. איר האָט דאָרטן אַ רײַכן מאַטעריאַל וועגן פֿאָלקלאָר, אַלט-ייִדיש, שפּראַך-פֿאָרשונג. דאָ איז שוין אָבער ניט אונזער „בראַנזשע“! אַ רײַכן מאַטעריאַל גיבן אויך די „מיטיילונגען און מאַטעריאַלן“. ווער וועט דאָרטן ניט געפֿינען ציגל פֿאַר נײַע ביניאָנים? אין די „מיטיילונגען און מאַטעריאַלן“ געפֿינט איר אַ העכט-ווערטפֿולן אָפּשניט „וועגן די סאָציאַלע קעגנזאַצן אין די ייִדישע קהילעס אין 16-טן און 17-טן יאָרהונדערט“; איר געפֿינט מאַטעריאַלן פֿון אַרכיוו פֿון מינסקער קאָהאָל און איבערצײַגט זיך, אַז קאָהאָל איז געווען אַ גאַנעוו און קאַבצאָנים האָבן פֿון אים קיין האָניק ניט געלעקט. ס׳זײַנען אין דעראָזיקער אָפּטיילונג אויך פֿאַרעפֿנטלעכט בריוו פֿון שאָלעם-אַלייכעמען, און ס׳איז אָנגעוויזן דער ייִכעס פֿון אייניקע שאָלעם-אַלייכעמס פּערסאָנאַזשן. אויסלענדער גיט אין איר אַ באַמערקונג „צו דער פֿראַגע וועגן „באַפּוצונג“ פֿון דעם ייִדישן פֿאָלקליד“ און כ׳ וועוויאָרקע דערציילט אונדז וועגן אַן אַלטער ייִדישער איבערזעצונג פֿון סייפֿער „יהושע“, וועלכע געפֿינט זיך אין בריטישן מוזיי. וועגן באַדכאָנים, שוישפּילער און פֿאָלקזינגער גיבן אונדז איבער סלוצקי, איזי כאַריק, נ. א. כ׳ דושמאַן באַקאַנט אונדז מיט די סוידעס פֿון קאַצאָווים-לאָשן. דער כאָוער ווײַנגער פֿירט אונדז אַרײַן אין דער לאַבאָראַטאָריע פֿון ייִדישן אַקאַדעמישן ווערטער-בוך. און צום סאָף ווערט געגעבן די „אינסטרוקציע פֿאַרן ווערטער-אַרויסשרײַבער פֿונם ייִדישן אַקאַדעמישן ווערטער-בוך.

ניט פֿאַרגעסט, אַז די אינהאַלט-פֿאַרצייכעניש פֿון „צײַטשריפֿט“ אַליין פֿאַרנעמט צוויי זײַטלעך!

מיט וואָס פֿאַר אַ שטאָלץ בלעטערן מיר דורך די „צײַטשריפֿט“ פֿון ערשטן ביזן לעצטן בלעטל און פֿאַרמאַכן זי מיטן באַוווסטזײַן, אַז דאָס איז דאָך נאָר דער ע ר ש ט ע ר בוך, און ס׳גרייט זיך שוין אַ צווייטער און ס׳וועט זײַן אַ דריטער א. א. וו. ווי גוט ס׳איז צו שטיין בײַ אַ וויגעלע פֿון אַ נײַער קולטור, וועלכער איז באַשערט אַריכעס-יאָמים!

---

און דאָך, איקאָר שאָבאַכטי, איך האָב פֿאַרגעסן אונטערצייכענען דעם אַרטיקל ווײַסרוסישן קאַלאָריט פֿון „צײַטשריפֿט“.

ל. ר.

Зок2
17586



# כראָניק.

## קולטור.

— אין וויטעבסק האָט זיך געגרינדעט אַ קאָמיסיע פון פאָרשטייער פון סאָוועטישע, פארטעישע און געזעלשאַפטלעכע אַנשטאַלטן און אָרגאַניזאַציעס אַף דורכצופירן דעם יובילײ פון דער 30 יאָריקער קינסטלערישער טעטיקייט פון י. מ. פען. דער יובילײ דאַרף פאָרקומען אין יאַנוואַר 1927 יאָר. עס ווערן אָנגענומען מיטלען אַף צו עפענען אַ קינסטלערישע אויסשטעלונג פון פענס בילדער צום יובילײ-פייערונג וועלן געשיקט ווערן אייַנלאַדונגען לעניִנגראַדער, מאָסקווער און אויך אויסלענדישע קינסטלער. מען רעכנט עס זאָלן קומען צופאָרן צום יובילײ די באַוווסטע קינסטלער מ. שאַגאַל (דעם יובילארס אַ טאַלמיד), שולמאַן א. א. עס ווערט אָנגעגעבן אַ הישטאַדלעס וועגן באַשענקען דעם קינסטלער י. מ. פען מיטן נאָמען פאָלק-קינסטלער.

— אַלס אָנדענק פון דער 20 יאָריקער ליטעראַרישער טעטיק״ט פון ווייסרוסישן דיכטער יאַקוב קאָלאַס, האָט דער ראַטפאָלקאָם באַשאָנקען דעם דיכטער מיטן נאָמען פאָלק דיכטער און האָט באַשלאָסן אַרויסגעבן אים פענסיע אין סכום פון דער סטאַווקע פון אַ פאַראַנטוואָרטלעכן פאָליטישן טוער אין ווייסרוסלאַנד.

— די געזעלשאַפטן פון יידישער מוזיק האָט אויסגעטיילט אַ ספּעציעלן פאָנד אַף אָרגאַניזירן אַ ריי קאָנצערטן אין די נייע יידישע איבערוואַנדערער-יישווים.

— דעם 2-טן נאָיאַבר האָבן זיך אָנגעהויבן די לימודים אַף די ערשט-געעפנטע צוויי יאָ״קע יידישע לערער-קורסן אין מינסק.

— דער יידאָפּטייל פון „אינבווייסקולט״ האָט אַרויסגעלאָזן די „מאַטע-מאַטישע טערמינאָלאָגיע״ (רוסיש, יידיש, ווייסרוסיש) 1,440 טערמינען.

— אין דער יידישער סעקציע פון פעדפאַק באַם ווייסרוסלענדישן אוני-ווערסיטעט (מינסק) זייַנען האַיאָר צוגענומען געוואָרן 40 סטודענטן. צוזאַמען מיט די פריערדיקע באַטרעפט די צאָל סטודענטן — 200. אויסער די געגנשטאַנדן, וואָס זייַנען פאַראַיאָרן איבערגעפירט געוואָרן אַף יידיש, ווערן האַיאָר איבער-געפירט אַף יידיש פאָליט-עקאָנאָמיע, פעדאַגאָגיק, רוסישע געשיכטע אין עפּאָכע פון אימפעריאַליזם, מעטאָדיק פון פיזיק און כעמיע. אַף דער ליטעראַרישער און היסטאָרישער אָפּטיילונגען וועלן האַיאָר ביז 25 פראָצ. לערן-שאָען זיין אַף יידיש. אין הייַנטיקן בייזשעט-יאָר ווערט אייַנגעשטעלט אַ ש״אַט-שטעלע פון אַ פאַר-וואַלטונג פון דער יידסעקציע, וועלכע גייט אַריין אין דעקאַנאַט אַלס גלייכבאַרעכ-טיקטער מיטגליד.

— אַף דער יידאָפּטיילונג פונם לעניִנגראַדער אַרבפאַק באַם מעלוכע-אוניווערסיטעט איז דאָס יאָר געעפנט געוואָרן אַ צווייטער קורס, ווע כער באַשטייט פון 29 צוהערער.

— פון 1-טן נאָיאַבר הויבט אָן צו דערשייַנען אין כאַרקאָוו דאָס איינציקע יידישע וואָכנבלאַט פאַרן דאָרף „דער יידישע פויער״, אויסגאַבע פון צ. ק. פון ק. פ. (ב) או.

— אין דאָרף זעליאָנע (קריוואָראָגער קרייז) ניט ווייט פון דער יידישער קאָלאָניע איַנגולעץ האָט זיך געעפנט אַ יידישע אַגראָ-שול.

## ליטעראַטור.

— דער באַרימטער יידישער דיכטער און דערציילער אַווראָם רייזען, איז געוואָרן אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער פון דער ניו-יאָרקער קאָמוניסטישער „פרייהייט״.

— עס איז דערשינען נומער 9 „די רויטע וועלט״ מיט פאָלגנדיקן אינ-האַלט: ש. האַלקין — לידער; דער ניסתר — אַ מאַיסע פונם גרינעם מאַן; ש. ראָסין — לידער; א. קאַהאַן — כאַים לייזערס טויט (דערציילונג); מוישע נאַדיר — זאָלן די נאַכטיגאַלן קרייען — לידער; נ. לוריע — ראַדול דערציילט (דערציילונג); ד. כאַראַל — לידער; י. קאָטליאַר — לידער; א. אַבטשוק — מיסטער פייפער (דערציילונג); מירע כענקין — לידער; נאַוטע פיאַטיגאָרסקי — לידער.

אַרטיקלען: מ. קיפער — צו דער שטעלונג פון דער פראַגע וועגן קו-סטאַרן; י. נאָוואַקאָווסקי — פּרעאָבראַזשענסקי, אַלס טעאָרעטיק פון דער אָפּאָזיציע; מ. לעוויטאַן — די גרונט-פראָבלעמען פון דער יידישער קולטור-בויונג; י. דובינסקי — דער נאַציאָנאַלער באַשטאַנד און די שפּראַכן פון פּראָלע-טאַריאַט אין אוקראַינע; כ. א. פינקעל — „אָרט״. י. נוסינאָוו — אַף פאַרפּעסטיקטע פּאָזיציעס (וועגן ליט. אַלמאַנאַך „אוקראַינע״) ל. רעזניק — מיר און אויסלאַנד; ד. האָפשטיין און פ. שאַמעס — צו דער פראַגע וועגן פערזן-בוי אין דער יידישער פּאָעזיע. ביבליאָגראַפיע.

— צו דער צייט פון אָנהויב 1926 יאָר זייַנען דערשיינען אין די פאַ-ריייניקטע שטאַטן 98 יידישע צייטונגען און צייטשריפטן. צווישן זיי 12 טעגלעכע צייטונגען, 61 וואָכנבלעטער, 4 מאָנאַטשריפטן, 3 צווייַמאָנאַטשריפטן און 8 דרייַמאָנאַטלעכע זשורנאַלן.

— צום 50 יאָריקן יובילײ פון יידישן טעאַטער האָט דער יידאָפּטייל פון „אינבווייסקולט״ אַרויסגע'לאָזן אַ בוך „א. גאָלדפאַדן״ (מאַטעריאַלן פאַר א ביאָ-גראַפיע) צוזאַמענגעשטעלט פון נ. אויסלענדער און או. פינקל.

— אין פלאַן פון פאַרלאַג-אַרבעט אַף 1926—27 יאָר, האָט דער ווייסרוסלענדישער מעלוכע-פאַרלאַג אויסגעטיילט 187 אַ האַלבע דרוק-בויגן פאַר יידישע ליטעראַטור און לערנביכער. 385 דרוק-בויגן ווייסרוסיש, 100 רוסיש, 6 אַ האַלבע פויליש, 25 לעטיש.

— פון נאָיאַבר כוידעש וועט דער זשורנאַל „רויטע נאָדל״ אָרגאַן פון נאָדל-פאַריין איבערגעפירט ווערן פון מינסק קיין כאַרקאָוו.

— „דער פּערעץ-שרייבער-פאַריין״ אין ניוּיאָרק האָט אַף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג באַשלאָסן צו באַשטימען צוויי ליטעראַרישע פּרעמיעס פאַר די צוויי בעסטע יידישער ביכער פון יאָר. די פּרעמיעס וועלן זיין צו טויזנט דאָלאַר. איין פּרעמיע וועט געגעבן ווערן פאַרן בעסטן בוך אין דער שיינער ליטעראַטור. אַ ראָמאַן אָדער אַ באַנד דערציילונגען, די צווייטע פּרעמיע וועט גיין פאַרן וויכ-טיקסטן ווערק פון אַ וויסנשאַפטלעכן כאַראַקטער.

— איַנגיכן וועט קומען צופאָרן קיין סאָוועטנפאַרבאַנד דער דייטשישער שרייבער קעלערמאַן

— קיין מאָסקווע איז אָנגעקומען דער באַוווסטער איַנדישער שרייבער ראַבינדראַנאַט-טאַגאָר.

## טעאַטער און קינאָ.

— דעם 21-טן אָקטיאַבר איז פאָרגעקומען די דערעפענונג פון יידישן ווייסרוסלענדישן מעלוכע-טעאַטער, וואָס האָט דריי יאָר געלערנט זיך און געאַרבעט אין מאָסקווע. עס זייַנען בייגעווען פאָרשטייער פון דער פאַרטיי, מאַכט, פּ״אָפּאַ-רייַנען, ליטעראַרישע און קונסט-קרייזן און אַרבעטער פון אַלע פאַריינען. נאָך דעם פייערלעכן טייל איז מיט גרויס דערפאָלג געשטעלט געוואָרן די פּיעסע „אין פּאָליש אַף דער קייט״. אַף אַרבעטן אין טעאַטער זייַנען אייַנגעלאַדן געוואָרן אַ ריי מאָסקווער קינסטלער. מוזיקער א. א. דער טעאַטער האָט באַקומען באַגריסונג-טעלעגראַמען פון אַ סאַך אַנשטאַלטן און פּערזאָנען.

— די שרייבער דאָוויד האָפשטיין און אַווראָם קאַהאַן שרייבן איצט אַן אָריגינעלע פּיעסע פאַרן יידישן מעלוכע-טעאַטער פון אוקראַינע.

— דער קונסט-ראַט פון דעם יידישן מעלוכע-טעאַטער פון אוקראַינע האָט אָנגענומען צום שטעלן די פּיעסע „אין קעניגרייך פון גאָלד״ לויט רזשעק לאָנדאָן.

— דער ווייסרוסלענדישער יידישער מעלוכע טעאַטער האָט ביז איצט אופ-געפירט דריי פּרעמיערעס:

„אין פּאָליש אַף דער קייט״, „שיילאָק״ און „אַ יאַנטעוו אין קאַס-רילעווקע״.

— דער מאָסקווער יידישער מעלוכע-טעאַטער האָט אייַנגעשלאָסן אין רע-פּערטואַר פון דעם סעזאָן די טרילאָגיע „איַזולע טרואָדעק״ פון דעם באַוווסטן פראַנצויזישן שרייבער זשול ראָמען. דער קינסטלערישער אָנפירער פון טעאַטער אַל. גראַנאָווסקי האָט שוין פאַרענדיקט דעם פלאַן פון דעראָזיקער שטעלונג. איבער דער קינסטלערישער פאָרמירונג אַרבעט דער באַוווסטער קינסטלער נאַטאַן אַלטמאַן. די מוזיק שרייבט לעוו פולווער.

רעדאַקטאָר: רעדקאָלעגיע. מינסק, 1-טע מעלוכע-דרוקעריי. גלאַווליטבעל 21927. באַשט. 401. טיראַזש 3500.

151426

# אינהאַלט.



צוליב מאנגל אין פּלאַץ זיינען א ריי ארטיקלען ניט אריין. זיי וועלן גיין אין קומענדיקן נומער „שטערן“.

עס זיינען איינגעלאַדן געוואָרן אלס שטענדיקע רעדאַקטאָרן פון דער בעלעטריסטישער און ליטעראריש-קריטישער אפטיילונגען די כ״כ א. וועוויארקע און א. קושניראָוו.

פאַרלאַג
שול און בוך
מאָסקווע. נעגלינע גאַס 7.
ווייסרוסלענדישע אָפּט.
מינסק, לענין-גאַס נום. 22.

אַרויס פון דרוק און געפינט זיך אין פאַרקויף
אָפּרייס-קאַלענדאַר
אויפן 1927 י.

אף יידיש — געבונדן אין בלעכלעך
מיט א רייכן היסטאָרישן, פּאָפּולער-וויסנשאַפטלעכן אינהאַלט.
טעקסט פון דער פאָדער-בלעטל אַף יידיש, רוסיש, אוקראַיניש און ווייסרוסיש.
פרייז פון קאַלענדאַר 50 קאָפּ. מיט ווענטלעך 60 קאָפּ.
בײַ גרויסע באַשטעלונגען—ר א ב א ט.

